פ. קאַץ

# געקליבענע שריפטן

באַנד VI

אַרויסגעגעבן פון אַ

געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט

ביים פאַרלאַג „איקוף"



בוענאָס־איירעס

1947

# אידן אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע

I

ווען מיר זאָגן קאָלאָניאַלע עפּאָכע, האָבן מיר פאַר זיך נישט בלויז די אַזוי גערופענע קאָלאָניאַלע סיסטעם פון רעגירן די אַמעריקאַנער לענדער אין דעם משך פון די איבער דריי יאָרהונדערטער זינט זיי זיינען אַנטדעקט און דעראָבערט געוואָרן פון די ים־רייזנדע און שליחים פון די אייראָפּעאישע מלוכות, ביז זיי האָבן זיך דערקלערט פאַר פרייע און אומאָפּהענגיקע. אַ חוץ דער סיסטעם און מער ווי די סיסטעם, וועלכע איז, אין אירע אַלגעמיינע שטריכן, ענלעך אין אַלע קאָלאָניאַלע לענדער — די בוכשטעבלעכע פאַרשקלאַפונג און טעראָריזירונג פון די געבירטיקע דורך די ווייסע מיט דער הילף פון דעם געווער און פון דער קירכע, פון איינשרעקונג און איינגליווערונג, פון פיזישער און גייסטיקער אַנטאַרטונג — איז וויכטיק דערביי צו האָבן אין זינען די אַנטדעקונגען און די דעראָבערונגען גופא, די מאָטיוון, וואָס האָבן באַוואויגן די אייראָפּעישע אימפּעריאַליסטישע מלוכות אונטערצונעמען די אַנטדעקונגס־רייזעס און דערנאָך די אַנטדעקטע און פאַרכאַפּטע לענדער צו פאַרפעסטיקן פאַר זיך מיט די דערמאָנטע מיטלען. דאָס איז נויטיק, נישט נאָר כדי מיר זאָלן האָבן פאַר די אויגן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע פּאַנאָראַמע פון יענער צייט, דער סוף 15טער יאָרהונדערט, ווען די אַנטדעקונגען זיינען געמאַכט געוואָרן, ריכטיקער, ווען די וועלט איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט דעם אַנטדעקונגס־פיבער, נאָר אויך כדי צו זען ווי אַזוי אַט די מאָטיוון האָבן אין משך פון דער צייט געפורעמט די קאָלאָניאַלע לענדער סאָציאַל און געגראָבן אין זייער טיף די אי־

בערקערניש, וואָס מיר האָבן זי צום סוף דערזען אַרויסקומען אויף ייער אויבערפלאַך. און ווען מיר זאָגן **א י ד ן** אין דער קאָלאָניאַלער עפּאָכע, אינטערעסירט אונדז צו וויסן וועלכע ראָל אידן האָבן דערביי געשפּילט און ווי אַזוי האָט זי אויף די אידן געווירקט.

געאַרבעט האָבן דעמאָלט אין דער אייראָפּעאישער געשיכטע צוויי סאָציאַלע שטרעמונגען, וואָס האָבן געזוכט זייער עקספּאַנסיע: געאַרבעט האָט פון איין זייט דער אַלטער צעזאַרישער דראַנג פון די מלוכות — אַנגעקליידט אין קאַטוילישע קליידער — צו אונטעריאָכן און איינשפּאַנען אין זייער טריומפאַלן רייטוואָגן אַלע נייע און נייע לענדער און זייערע פעלקער און צוליב דעם געפירט אומאויפהערלעכע מלחמות און פון דער אַנדער זייט האָט געאַרבעט אַ צווייטער דראַנג, וואָס איז נישט ווייניקער אַלט ווי דער ערשטער און ביידע צוזאַמען זיינען אַזוי אַלט ווי די ערשטע שפּורן פון מלוכישער אָרגאַניזאַציע: דער האַנדל, וואָס האָט די ערשטע וועגן אויסגעטראָטן אין די מדבריות און אויך געשניטן זיך אַ וועג איבער די וואַסערן, איבער די טייכן און איבער די ימים.

מען קען נישט זאָגן, אַז די צוויי שטרעמונגען, דער מלחמה-דראַנג און דער האַנדלס דראַנג האָבן זיך שאַרף אָפּגעגרעניצט איינער פונעם צווייטן. די מלחמות האָבן זיך גענויטיקט אינעם האַנדל, וואָס האָט צוגעשטעלט די מלוכות געווער און שפּייז און אויך געלט און דער האַנדל האָט זיך גענויטיקט אין די מלחמות, וועלכע זיינען געווען די גרעסטע קונדן זיינע. נאָר געפירט האָט מלחמה איר אייגענעם חשבון און האַנדל זיינעם. און געגאַנגען איז דער באַזונדערער חשבון אַזוי ווייט אַז מלחמה-אונטערנעמער פלעגן איינאָרדענען זייער אייגענעם האַנדל, אַ ספּעציעלן מילחמה־האַנדל, און דער האַנדל האָט געפירט זיינע אייגענע מלחמות, האַנדלס מלחמה. אַזוי לאַנג זיינען די צוויי שטרעמונגען געגאַנגען אָפּגעטיילט איינע פון דער צווייטער, ביז זיי האָבן זיך צונויפגעטראָפן און פאַרפירט צווישן זיך אַ מלחמה, וואָס גייט אָן ביז היינטיקן טאָג.

צו יענער צייט וועגן וועלכער מירריידן, די צייט פונעם אנטדעקונגס פיבער, האָבן די צוויי שטרעמונגען דערגרייכט אַ גוואַלדיקע געשפּאַנטקייט. פון איין זייט, האָבן טייל קאַטוילישע מלוכות ווידער

זיך אונטערגענומען, נאָך דעם נישט געלונגענעם פּרואוו פון די צלם-טרעגער, צו רעסטאווריר̈ן די צעפאַלענע הערשאַפט פון רוים איבער ־ער דעמאָלט באַקאַנטער וועלט, וואָס איז געהאַט ארונטערגעפאַלן אונטער דעם איסלאַם און אונטער אַלערליי אַנדערע קריסטלעכע מלכים, וואָס האָבן געגרינדעט אייגענע „קירכעס" פאַר אייגענעם פּאָליטישן און דעראָבערישן געברויך, און פון דער צווייטער זייט, האָבן אַנדערע מלוכות געגומען שטיצן מיט זייערע קריגשיפן דעם האנדל פון זייערע בירגער, וואָס האָבן אויף אַזאַ אופן באַרייכערט זייערע לענדער. פון איין זייט, קען מען, אַזוי אַרום, אַוועקשטעלן שפּאַניע מיט אירע האַבסבורגער מלכים, פּאָרטוגאַל, פראַנקרייך, כאָטשע זיי האָבן אַלע געקעמפט איינציייטיק צווישן זיך פאַר דער בכורה און פון דער אַנדער זייט — די גענוער און ווענעציאַנישע רעפּובליק, האָלאַנד, דייטשלאַנד און איבערהויפּט ענגלאַנד; אויך מלוכות, וואָס האָבן צווישן זיך געקעמפט פאַר דער בכורה, פאַר דער בכורה פון האנדל, כאָטש מיט אַנדערע מיטלען.

אויף יענער צייט, מער ווי אויף וועלכער אַנדערער, באַציט זיך דאָס אַלטע שפּריכוואָרט: אַלץ נעם איך, זאָגט די שווערד; אַלץ קויף איך, זאָגט דאָס גאָלד. און שוין אין דער זעלבער צייט האָט זיך צווישן די צוויי צדדים אָנגעהויבן אַ מלחמה, וואָס האָט זיך נאָך נישט געענדיקט, כאָטש די פּראָטאַגאָניסטן אין איר האָבן זיך שוין מערערע מאָל געביטן. עס איז די מלחמה פון דער שווערד צו פאַרכאַפּן דאָס גאָלד און די מלחמה פון דעם גאָלד צו אונטעריאָכן זיך די שווערד. אַ מלחמה, וואָס מוז זיך פאַרענדיקן מיטביידנס מפּלה און מיט דעם אויפקום פון דעם שלום, פון דעם וועלט־שלום, פון וועלכן אַלע פעלקער געניסן גלייך און אַלע כוחות, וואָס זיינען ביי זיי פאַראַן, ווערן אָנגעווענדט צו איין ציל, צו שעפערישער אַרבעט. פאַר דעם שלום אַרבעטן נאָך אַנדערע כוחות: דער קאַמף צווישן דער שעפערישער אַרבעט און דעם אויסבייט, נאָר דאָס איז אַ באַזונדער ענין.

דער ענין, וואָס באַשעפטיקט אונדז דאָ, איז דער אָנהויב פון אָט דער אַלטער מלחמה, וואָס האָט געפירט צו דער אַנטדעקונג פון די נייע לענדער, די אַמעריקאַנישע, און האָט זיך אַריבערגעטראָגן אַהער מיט דעם גאַנצן אימפּעט אירן, און דער אָנטייל וואָס אידן האָבן אין

איר גענומען אָדער די ראָל, וואָס זיי האָבן אין איר געשפּילט אויף אָט דעם שלאַכט־פעלד אירן, דעם אמעריקאַנישן, און אין משך פון די דריי יאָרהונדערטער, וואָס מען רופט אָן די קאָלאָניאַלע עפּאָכע.

## II

זייער וויכטיק איז דאָ אָנצואווייזן, אַז די מלחמה אָדער דער קאמף צווישן די צוויי שטרעמונגען, דער צענטראַליזירער פאַרכאַפּונג פון דער אמעריקאַנישער ערד און דער האַנדלס עקספּאַנסיע איבער אָט די לענדער, הויבט זיך אָן באַלד נאָך זייער אַנטדעקונג. דער אָלמעכטיקער גייסט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער ערשטער פון די שטרעמונגען, אין די אינטערעסן פון דער רוימישער רעסטאַוראַציע, ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט — די פּויבסטלעכע מאַכט — האָט מיט א „בולע" אַרויסגעגעבן אין יאָר 1493, א יאָר נאָך דער אַנטדעקונג, פאַרבאָטן יעדער אַנדער מלוכה אויסער שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אונטערצונעמען אַנטדעקונגס רייזעס און מיט א צווייטער שריפט אין 1494, איינגע־טיילט די ערד אין צוויי אַנטדעקונגס זאָנעס, איינע א שפּאַנישע און די צווייטע א פּאָרטוגעזישע.

אין אונדזער צייט, וואָלט אַזא שריפט פונעם פּויבסט אַרויסגע־רופן נישט מער ווי געלעכטער; נאָר ווי אַפּיקורסיש הענדלער און פּיראַטן זיינען שוין דעמאָלט געווען, ביפרט ווען זיי זיינען פאַקטיש געשטיצט געווען פון מעכטיקע מלוכות, האָבן זיי נישט געהאַט די העזה ווידערצושפּעניקן דעם פּויבסטלעכן חרם און ערשט מיט א יאָרהונדערט שפּעטער, נאָכדעם ווי שפּאַניע אַליין האָט עובר געווען אויף דער פּויבסטלעכער שריפט און האָט אין יאָר 1580 איינגעשלונ־גען פּאָרטוגאַל צוזאַמען מיט אירע קאָלאָניעס, האָבן די האַנדלס מלו־כות ענגלאַנד און האָלאַנד און צוזאַמען מיט זיי פראַנקרייך גענומען אַריינרייסן זיך מיט זייערע שיפן אין מערב־אינדיע, ווי מען האָט דעמאָלט גערופן די אַנטילן אינדזלען און מיט זייער האַנדל צוגענומען איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער בא די שפּאַנישע און פּאָר־טוגעזישע שווערד־העלדן.

פון אָנהויב אָבער האָבן זיי זיך אוועקגעלאָזט מיט זייערע שיפן צו יענער זייט אמעריקע, וואוהין די שפּאַניער האָבן נישט באוויזן צו־

צוקומען אָדער עס האָט זיי אויסגעפעלט מיליטערישער כוח די לענ־
דערייען צו פאַרכאַפּן און דאָרט איינשטעלן זייער הערשאַפט. די ענג־
לישע און פראַנצויזישע שיפן, וואָס פאָרן אין יענע לענדער, פירן נישט
מיט זיך קיין מיליטער, ווי דאָס טוען די שפּאַניער, זיי פאַרכאַפּן נישט
דאָס לאַנד; זיי שווימען צו צו די ברעגעס, שטעלן דאָרט איין פישפאַנג,
ברענגען מיט זיך שפּילצייג, בראָנפן, זיינען מכבד די געבירטיקע, ווערן
מיט זיי גוטברודער און טאַפּן אוים וואָס מען קען פון דאָרט ארויס־
פירן אחוץ פיש.

ווי באַקאַנט, איז דער הויפּט־ציל פון די ווייטע האַנדלס רייזעס
געווען צו ברענגען קיין איירָאָפּע און פאָדער־אַזיע, וואָס דאָס האָט גע־
מיינט פּערסיע, טערקיי, מצרים, סיריע און ארץ ישראל, די זעלטענע
געווירצן, וואָס מען פלעגט דעמאָלט זייער א סך נוצן אין די מאכלים
און געבעקסן, איבערהויפּט פעפער און נעגעלעך, מושקאַט-נים און
מושקאַט־בליט, זאַפרען און ראָזמארין, ווי אויך אַלערליי בשמים און
קאָסמעטישע זאַלבן, מיט וועלכע די שיינהייטן פלעגן זיך שמירן און
רייצן און „פאַרגיפטן", ווי עס זאָגט דער נביא ישעיהו; אַלערליי
היילנדיקע גראָזן און קרייטעכער פאַר געטראַנקען. צוליב זיי פלעגט
מען זיך אוועקלאָזן מיט קאַראַוואַנען קעמלען קיין כינע און מיט
שיפן קיין אינדיע און אַזש ביז יאַפּאַן. אומגעגאַנגען זיינען אויך לע־
גענדעס וועגן ווייטע לענדער, וואָס זיינען פול מיט גאָלד און זילבער
און מיט טייערע שטיינער, די לענדער פון וואַנען שלמה המלך האָט
געשיקט ברענגען דאָס גאָלד און זילבער מיט די טייערע שטיינער פאַר
דעם בית המקדש און וואו אלכסנדר מוקדון האָט זיינע מלחמות
געפירט...

## III

אַז אידן האָבן געהאַט א שייכות צו אָט דער קאָלאָניאַלער באַווע־
גונג איז קלאָר פון דער פּאָזיציע, וואָס אידן האָבן פאַרנומען אין די
לענדער וואָס זיינען אריינגעטאָן געווען אין די צוויי שטרעמונגען
אירע. אין די קאָלאָניאַלע מלחמות האָבן אידן דירעקט זיך נישט באַ־
טייליקט. זיי האָבן נישט געקענט באַטייליקן זיך אין זיי פשוט דער־
פאַר וואָס דאָס מיליטער אין יענער צייט איז באַשטאַנען פון די לייב־

איינגענע קנעכט, אַנגעפירט פון זייערע באזיצער, די ריטער, און איז געווען א ריין קאטוילישע אָרגאניזאציע פונקט ווי דאָס איז געווען יעדער לאנדגוט, פון וועלכע אידן זיינען געווען אויסגעשלאָסן.

באטייליקט האָבן זיך אידן אין די מלחמות אלס פינאנצירער. דער קעניג, ווי דער ריטער, זיינען צו ריטערלעך געווען אויף צו פאר־נעמען זיך מיט אזעלכע זאכן. דער העלדישער ריטער ציד, דער סימ־וואָל פון שפאנישן ריטערטום, ווי עס דערציילט דאָס געזאנג וועגן אים, געשריבן אין 12טן יאָרהונדערט, האָט קיינמאָל קיין געלט נישט, ער קויפט זיך איין רייך באפוצטן געווער און פארהוליעט עס, געלט קען ער באקומען „נאָר מיט גוואלד, ווייל מיט גוטן וועט מען מיר נישט געבן", און ער באקומט געלט דורך א שפיצל, ביי צוויי אידן, דאָן ראקעל און דאָן ווידאַס; ער גיט זיי צו באהאלטן צוויי קאסטנס מיט זאמד און נעמט בא זיי אויף דעם זעקסהונדערט מארק.

וועגן דער ראָל פון די הויכגעשטעלטע אידישע פינאנץ־אגענטן אין פּאָרטוגאל און שפאניע, איז באקאַנט. באקאנט איז אויך אז די עקספעדיציע פון קאָלאָמבוסן איז פינאנצירט געווען פון דעם מאראַן דאָן לואיז סאנטאנכעל. זיכער האָבן זיי זיך באטייליקט אין די מלחמות אויך ווי באלמעלאָכעס און מערקאדערס. אין א לאנד וואו מלחמה איז אַן אומאויפהערלעכער צושטאנד און באשעפטיקט דאָס גאנצע פאָלק, האָבן אידן נישט געקענט באשעפטיקן זיך מיט עפּעס, וואָס איז אוי־סער מלחמה.

אינעם קאָלאָניאַלן האנדל, וואָס איז פארבונדן געווען מיט ריי־זעס איבער סטעפעס און ימים און זייערע געפארן, איז דער אָנטייל פון אידן געווען א גאנץ דירעקטער, כאָטש שעקספּיר שטעלט ארויס דעם אידישן סוחר פון ווענעדיק בלויז ווי א פינאנסירער פון דעם קריסטלעכן סוחר אנטאָניאָס האנדל איבער די ווייטע ימים מיט שיפן סחורה. דאָס אלטע אידישע וואָרט: „וואָס זאָרגסטו, די שיפן זיינען דיר אונטערגע־גאנגען?" דערציילט וועגן דירעקטן אידישן האנדל אויפן ים. די אידן וואָס וואוינען ביי די ברעגן פונעם מיטללענדישן ים, האָבן נאָך היינט א שם פאר גוטע מאטראָסן און עס זאָגט דאָך זייער פיל, וואָס אידן האָבן זיך אזוי שטאַרק באשעפטיקט מיט דער רייזע־קונסט און האָבן אויסגע־פונען אָריענטיר־אינסטרומענטן פאר די ים־רייזנדער.

מיר קענען נישט זאָגן צי אידן זיינען אויך געווען צווישן די קאָרסאַרן, כאָטש ים-רויב איז געווען שיר נישט אַ לעגאַלע באַשעפּ־טיקונג, און צי אידן זיינען געווען רודערער אַף אַזעלכע שיפן; זיכער איז אָבער, אַז אידן פלעגן זיך אַוועקלאָזן אין ווייטע נסיעות איבערן ים, אהין „וואו דער שווארצער פעפער וואַקסט" און טאַקע ברענגען זעק מיט פעפער, וואָס מען פלעגט וועגן אויף דער וואָג פון גאָלד.

זיכער איז אויך, אַז אידן זיינען פארבונדן געווען מיט די צוויי האנדלס קאָמפּאַניעס פון וועלט־האנדל: די אָסט-אינדיאַן און די וועסט־אינדיאַן קאָמפּאַניע, די ערשטע אַן ענגלישע און די צווייטע אַ האָלענ־דישע. אַ באַוויז דערצו איז די אידישע קהילה וואָס האָט זיך געגרינ־דעט אין פערנאַמבוקאָ (רעסיפע), באַלד ווי די וועסט־אינדיאַן קאָמ־פּאַניע האָט פארכאַפּט יענע פּאָזיציע ביים אַטלאַנטיק. געווען זיינען דאָס מערסטנס פּאָרטוגעזישע אידן פון האָלאַנד.

און נאָכמער איז עס צו זען פון דעם פאַקט, וואָס די קהילה מיט אירע עטלעכע טויזנט נפשות איז אונטערגעגאנגען ווי נאָר די וועסט־אינדיאַן קאָמפּאַניע האָט געמוזט פאַרלאָזן איר דעראָבערטע פּאָזיציע ביים אַמעריקאַנישן ברעג פון אַטלאַנטיק ווען האָלאַנד איז נישט בכוח געווען זי איינצוהאַלטן מיט דעם כוח פון איר געוועזער קעגן דעם שפּאַ־ניש־פּאָרטוגעזישן און די געגרינדעטע קהילה, פּראָטעזשירט פון דעם באַרימטן אידישן געלערנטן און שתדלן מנשה בן ישראל, האָט זיך אריבערגעטראָגן צוזאַמען מיט דער קאָמפּאַניע אַף די אַנטילן־אינדזלען, וואו אירע פּאָזיציעס זיינען געווען פעסטער און אהין האָבן די רייכע אידן אריבערגעטראָגן אויך זייערע צוקער-פּלאַנטאַציעס.

## IV

ווען מיר זאָגן, אַז די אידן האָבן אריבערגעטראָגן זייער קהילה פון פערנאַמבוקאָ אין בראַזיל אויף די אַנטילן־אינדזלען, אויף יאַמאַי־קאַ, סורינאַם, קאַראַסאַאָ א"א, און אַז זיי זיינען פּראָטעזשירט געוואָרן פון דעם געלערנטן און שתדלן מנשה בן ישראל; מיינט דאָס, אַז אויך בּאַ דער וועסט־אינדיאַן און בּאַ דער אָסט־אינדיאַן קאָמפּאַניע, וואָס האָבן געפירט דעם האנדל פון ענגלאַנד און פון האָלאַנד אין דער אַלטער און אין דער נייער אינדיע (אַמעריקע), האָבן אידן זיך געגנויטיקט אין

פראַטעקציע, אז זיי זיינען גאַרנישט געווען אַט די פרייע און פירנ־דיקע קעפּ פונעם וועלט־האנדל, ווי מען וויל אונדז איינריידן.

דער פאקט באווייזט נאָר, אין דער הינזיכט, אז אונטער ענגלאנד און האָלאנד האָבן אידן גענאָסן פון דעם מינימום טאָלעראנץ און רע־ליגיעזער פרייהייט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געגויטיקט אויף צו קע־נען פירן זייער האנדל און זייערווירטשאפט, בעת אונטער שפאניע און פּאָרטוגאל האָבן זיי אַט דעם מינימום נישט געהאט.

ערשט אינמיטן פונעם 18טן יאָרהונדערט האָט א פּאָרטוגעזישער געוואגטער שטאַטסמאַן, דער מארקיז פּאָמבאל, געפּועלט ביים קעניג נאָכצולאָזן פון דער קאטוילישער אומטאָלעראנץ אין בראזיל, כדי מעג־לעך צו מאכן דאָרט דעם האנדל און ווירטשאפטלעך אויפצולעבן די גרויסע און פוסטע קאָלאָניע. אָבער ווי נאָר דער מארקיז איז געשטאָר־בן און זיין ווירקונג האָט אָפּגעטראָטן איר פּלאַץ דער ווירקונג פון דער אומטאָלעראנטער קירכע, האָבן אידן ווידער געמוזט לויפן פון זייערע בראזיליאַנישע האלב־פרייע קהילות.

א סך פון די בראזיליענער אידן זיינען אין יענער צייט געקומען אויך קיין ארגענטינע. פּאָרטוגעזן האָט מען זיי דאָ גערופן, פונקט ווי מען האָט שפעטער די רוסישע אידן דאָ גערופן רוסאָס. דאָ, ווערט אָנגעוויזן, איז זיי גרינגער געווען צו פירן זייער פארבאָרגענע אידיש־קייט. לויט פארשידענע קוועלן, ארויסגענומענע פון די ארכיוון פון דער אינקוויזיציע, וואָס האָט געהאט איר זיץ אין לימא (פערו) און געמשפּט די זינדיקע פון די שפאניע פּאָסעסיעס אין גאנץ דרום־אמע־ריקע, האָבן זיי דאָ לייכט זיך משדך געווען מיט קאטוילישע משפחות און געוואָרן גרויסע גוט־באזיצער. שוין לאנג, אז ס'איז נישט צו דערקענען קיין סימן פון זייער אמאָליקער אידישקייט אָדער מאראַ־נענטום, כאָטש היסטאָריקער גריבלען אוים זייערע וואָרצלען פון אונ־טער דער ערד.

פון די אנטיליען־אינדזלען, האָט דער וועג פון די ענגלענדער און האָלענדער געפירט ווייטער צו צפון, צו די האפנס פון די היינטיקע פאראייניקטע שטאַטן און אידן זיינען מיט זיי מיטגעגאנגען. אָבער דאָ גייען זיך פונאנדער זייערע באשעפטיקונגען: די ענגלענדער און האָלענדער גרינדן דאָ זייערע קאָלאָניעס אינעם היינטיקן זין פונעם

וואָרט, ברענגען קאָלאָניסטן און די קאָלאָניסטן פירן אווירטשאפט פון ערדארבעט און פישפאנג, ארבעטן מיט די רויטהויטיקע אינדיא־נער און דערנאָך מיט די אימפּאָרטירטע אפריקאנער שקלאפן; אידן פארקערט בלייבן אין דער האפן־שטאָט. זיי זיינען די גרינדער פון דער ערשטער אידישער קהילה אין נ. אמעריקע, די ניי־אמסטערדא־מער און היינט איז זייער אַנדענק פאראייביקט אין דער געשיכטע פון דעם נאָרד־אמעריקאנער אידנטום, אלס זיינע פּיאָנערן.

## V

אָט דער אידשער אַנטייל און אידישער וועג אין דער קאָלאָניאַ־לער עפּאָכע, אין דער עפּאָכע פון דער עקספּאַנסיע מיט דעראָבערונ־גען, פּיראַטעריי און האנדל, האָט אויך געהאט זיינע אידייאישע באַ־רעכטיקער, זיינע פילאָזאָפן אָדער זיין פילאָזאָפיע. ווי איך ווייז דאָס אָן אין מיין ארבעט וועגן דעם געשיכטלעכן זין פון גירוש שפּאניע און דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, איז א גרויסער טייל שפּאנישע אידן זיך פונאנדערגעגאנגען אין זייער מיינונג מיט דעם משיח־געדאנק פון דאָן יצחק אַברבנאַל, וואָס האָט געפירט די גולים צו די לענדער ארום ארץ ישראל, כדי זיי צו דערנענטערן צו דער גאולה. יענער טייל איז אַוועק קיין פּאָרטוגאל און פון דאָרט קיין האָלאנד און ענגלאנד. טייל אויך קיין פראַנקרייך, צו די האפנס פונעם וועלט־האנדל, און ער האָט געבוירן אַ נייעם משיח־געדאנק, וואָס זיין אָנגעזעענסטער אויסדריקער איז דער פריער שוין דערמאָנטער שתדלן — פילאָזאָף מנשה בן ישראל. אין זיינע ספרים, וואָס ער האָט געשריבן אין פאר־שידענע שפּראכן, וואָס איז אפשר אויך כאראקטעריסטיש פאר זיין פילאָזאָפיע — אחוץ אין העברעיש און לאטיין, אויך אין שפּאניש, פּאָרטוגעזיש און ענגליש — פירט ער דורך דעם געדאנק אז משיח וועט קומען פאר די אידן ערשט דעמאָלט ווען זיי וועלן זיך צעשפּרייטן איבער דער וועלט. דאָס איז אייגנטלעך דער גרונד פון דער אידייע וועגן דער מיסיע פון דעם אידישן פאָלק צווישן די פעלקער פון דער וועלט, וואָס האָט אזוי פיל אָנהענגער געהאט צווישן די רייכע מערב־אידן, די יאהודים, די שפּעטערדיקע דורות פון די קאָלאָניאלע אידן אין אייראָפּע און אמעריקע.

# אידן אין דער קאָלאָניאַלער אַמעריקע

ווען מען זאָגט קאָלאָניאַלע אַמעריקע, מיינט מען דעם צייט־אָפּ־שניט פון די אומגעפער דריי הונדערט יאָר זינט דער אַנטדעקונג פון דעם קאָנטינענט דורך די ים-עקספּעדיציעס פון שפּאַניע און פּאָרטו־גאַל און די איינשטעלונג פון זייער הערשאַפט, זייערע געזעצן און זיי-ער לעבנסשטייגער, וואָס דאָס מיינט זייער רעליגיע, די קאַטוילישע, דורך זייערע אַגענטן: דעם דעראָבערער, דעם גאַלעך, דעם קאָלאָניזאַ־טאָר און דעם האַנדלס פּיראַט. דער ערשטער מיט זיין שווערד, דער צווייטער מיט זיין צלם, דער דריטער מיט זיין בייטש און דער פערד־טער מיט זיין משקה. אַלע פיר צוזאַמען האָבן געטאָן די אַרבעט פון אויסראָטן, אָפּשמדן, פאַרקנעכטן און דעגענערירן און באַרויבן דעם געבירטיקן, דעם אינדיאַנער, ווי מען האָט אַ נאָמען געגעבן די באַוואוי־נער פון דער מערבדיקער אינדיע, וואָס די ים-רייזנדער האָבן כלומרשט אַנטדעקט.

קאָלאָניאַלע אַמעריקע מיינט אַזוי אַרום דער דרייהונדערט יערי-קער פּראָצעס פון אָט דער אויסראָטונג, אָפּשמדונג, פאַרקנעכטונג און דעגענערירונג און באַרויבונג פון די געבירטיקע אין די אַמעריקאַנער לענדער, ביז זייער באַפרייאונג דורך די רעוואָלוציעס פון אָנהויב נייַנצנטן יאָרהונדערט און דער איינשטעלונג פון די קרעאָלן־רעפּוב־ליקן. אַ פּראָצעס, וואָס שניידט זיך אַריין פאַקטיש טיף אינעם ניינ־צנטן און אַפילו אינעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין די מערסטע פון די געוועזענע היספּאַנישע און לוזיטאַנישע קאָלאָניעס. דאָס מיינט אויך די איינשטעלונג פון קאָלאָניעס און האַנדלס באַזעס מצד דער ענגלישער און האָלענדישער האַנדלס-קאָמפּאַניעס, מיט אַן ערך אַ

יאָרהונדערט שפּעטער, אויף די אַנטילן-אינדזלען און אין צפון-אַמע-ריקע.

דיביידע מינים „קאָלאָניזאַציעס" האָבן, יעדע אויף איר באַזונ-דער אויפן, געטאָן די זעלבע אַרבעט; זיי האָבן אַריינגעפירט אין די לענדער זייער גייסט און אַרויסגעפירט פון דאָרט זייערע מאַטעריעלע גיטער. מען איז געוואוינט אַרונטערצופירן די באַוואוינער פון אַלע אַמע-ריקאַנער געגנטן אונטער איין נאָמען — אינדיאַנער, און מען איז אויסן דערביי זיי אַלעמען צו באַצייכענען מיט איין אייניציקן גראַד פון קול-טור אָדער קולטורלאָזיקייט; אין דער אמתן, זיינען צווישן זיי געווען שבטים אָדער פעלקער גוט אָרגאַניזירטע אין באַשטימטע מלוכה-פאָר-מען, מיט באַשטימטע פאָרמען פון ציוויליזאַציע, מיט באַשטימטע באַ-גריפן פון קונסט און טעאָלאָגיע, פּונקט ווי עס זיינען צווישן זיי גע-ווען אַזעלכע וואָס זיינען געשטאַנען גאָר נידעריק אויף דעם שטאַפּל פון מענטשלעכער אַנטוויקלונג — מענטשן-פרעסער.

גראָד אָבער, האָבן די געגנטן פון דער דעראָבערונג זיך געוואָרפן מיט מער אימפּעט און וואוט אויף די מער ציוויליזירטע און קולטורעלע אינדיאַנער געזעלשאַפטן זיי אויסצוראָטן, פאַרקנעכטן און דעגענע-רירן. ס'איז נישט נויטיק צו דערקלערן די סבה פון אָט דער פּרעדי-לעקציע, ווען מען גיט צו צו דעם אַלעמען די באַרויבונג פון די אָנגע-זאַמלטע אוצרות פון די אַצטעקישע שטאַטן און פון דער אינקאַישער מלוכה. די רעשטן פון יענע ציוויליזאַציעס דעקן אויף נישט נאָר די ווילדע, אָפּט בלוטיקע מנהגים פון זייערע געצנדינערישע קולטן, נאָר אויך סאָציאַלע געזעצגעבונג, דערציונגס מעטאָדן, קונסט און מלאָכה.

געוויינלעך שטעלט מען פאָר די אינדיאַנער, באַזונדערס אין די לערביכער פון אַמעריקאַנער געשיכטע, ווי די אָנגרייפער אויף די פריד-לעכע בויער פון דער אייראָפּעאישער קולטור און ציוויליזאַציע. אויף די דאָזיקע פּוסטע שטרעקעס פון דער נייער וועלט. גענוג וואָלט גע-ווען צו זאָגן, אַז נישט די אינדיאַנער פון אַמעריקע האָבן זיך אַריינ-געריסן קיין אייראָפּע, נאָר פאַרקערט, די אייראָפּעער קיין אַמעריקע; נאָר אויב דאָס איז ווייניק אויף פעסטצושטעלן דעם אמת, קומען די היסטאָריקער און אויפן גרונט פון די דאָקומענטן וואָס זיינען פאַר-בליבן פון יענער צייט, שטעלן זיי אויף אָט אַזאַ בילד פון די באַצי-

אונגגען מצד די דעראָבערער צו די אינדיאַנער:

די שפּאַניער און פּאָרטוגעזן האָבן מיט זייערע רייזעס נישט אין זינען געהאַט צו באַזעצן די לענדער, זיי האָבן געזוכט גאָלד, טייערע שטיינער, פּערל און געווירצן. אין דער זעלבער צייט, האָבן זיי אַלס פאַנאַטישע קאַטאָליקן געזוכט אַרונטערצופירן די גאַנצע וועלט אונ־טער דער קריסטלעכער פּאָן. מען דאַרף אויך נישט פאַרגעסן, אַז זיי זיינען געווען מיטלאַלטערלעכע ריטער, וואָס האָבן געזוכט זיך אָנצו־טרעפן מיט פאַבלהאַפטע פעלקער און פאַנטאַסטישע מענטשלעכע וועזנס, די ריזן, די מאָנסטערס, די אַמאַזאָנקעס, דעם קוואַל פון אייביקער יוגנט... אפילו צווישן די גלחים זיינען געווען נישט ווייניק אוואַנטו־ריסטן און פאַנטאַסטן פון דעם מין: געוויסנלאָזע, רויבזיכטיקע...

דער ערשטער געדאַנק בא אָט די פאַרשוויגען, וואָס זיינען מיט א שיף צוגעקומען צו א ברעג, אַן אפריקאַנישן אָדער א אַמעריקאַנישן, איז געווען אהיימברענגען וואָס מער גאָלד און אַלעליי אַנדערע טייערע זאַכן און אויף צו באַרימען זיך — עטלעכע שוואַרצע אָדער אינדיאַנער. אגב, האָט מען די געפאַנגענע מיטגענומען דערנאָך אויף די וויטערדי־קע רייזעס ווי דאָלמעטשערס. אַלס געצנדינער, זיינען דערצו באַטראַכט געוואָרן ווי מענטשן פון נידעריקער מדרגה וואָס קענען נאָר גענוצט ווערן צו נידעריקע אַרבעטן, צו שקלאַפעריי.

עס ווערט דערציילט, אַז א קורץ שטיקל צייט נאָכדעם ווי די שפּאַניער האָבן איינגעשטעלט זייער ערשטן ישוב אין אַמעריקע, לאַ עספּאַניאָלאַ, האָבן זיי אַזוי אויסגעמאָרעט די אינדיאַנער, אַז זיי האָבן געמוזט זיך אַוועקלאָזן אף די וויטערע אינדזלען כאַפּן נייע אינדיאַ־נער צו דער אַרבעט. אינעם געיעג נאָך די אינדיאַנער, פלעגן די שפּאַ־ניער באַנוצן הינט, בלוט־הינט, וועלכע מען האָט ספּעציעל דרעסירט צו יאָגד אויף מענטשן. די אינדיאַנער וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, זיך געבונטעווועט, פלעגט מען פשוט דערהרגענען מיט שטעקנס אָדער פאַרברענען לעבעדיקערהייט אַלס אומגלויביקע. אינדיאַנער פרויען פלעגן נישט וועלן געבוירן זייערע קינדער און פלעגן טרינקען צום מפּלען אַזעלכע קרייטעכער. אינדיאַנער פלעגן באַגיין זעלבסטמאָרד, אָפט בציבור. זיי פלעגן זיך אויפהענגען אויף די ביימער, איינעמען גיפט אָדער אָנצינדן גיפטיקע גראָזן און איינאָטעמען דעם רויך, איידער

לעבן אַ געפּייניקט לעבן אונטער די שפּאַניער, וואָס זיי האָבן באַטראַכט ווי אַן אָנשיקעניש פונעם שטן.

און ווייטער ווערט דערציילט: אויסגעפּעלט האָט די דאָזיקע שפּאַניער ווייסע ווייבער, פלעגן זיי כאַפּן אינדיאַנערקעס און איינטיילן די זעלנער און זייערע שעפן. אַזוי אַרום האָט מען אָנגעפּלאָדיעט ממזרים. געווען זיינען אויך קאַציקישע טעכטער, וואָס האָבן באַטראַכט פאַר אַ כבוד צו האָבן אַ ווייסן מאַן און זיי זיינען געוואָרן פאַררעטערנס פון זייער אייגן פאָלק. אָט די ממזרים און קאַציקישע טעכטער האָבן געהאָלפן די שפּאַניער פירן זייערע אינטריגעס און רייצן איין אינדיאַנישן שבט קעגן צווייטן. ס'איז געשיכטלעך באַקאַנט ווי פיזאַראָ האָט אויסגענוצט די ריוואַליטעט צווישן הואַסקאַר און אַטאַהואַלפּאַ אויף אומצוברענגען די אינקאַ-אימפּעריע און ווי קאָרטעס האָט מיט דער הילף פון אינדיאַנער באַזיגט מעקסיקע. אין די מלחמות קעגן די אינדיאַנער שבטים, האָבן די קאָנקיסטאַדאָרן געפירט מיט זיך נישט נאָר סטאַדעס חזרים, נאָר אויך אינדיאַנערקעס. געווען שפּאַניער, וואָס האָבן געהאַט ביי זיך גאַנצע האַרעמען. נאָך די שפּאַנישע זעלנער פלעגן אינדיאַנער נאָכטראָגן זייער געפּעק, און זייער רויב, געקאָוועטע אין קייטן. אַלץ וואָס איז הייליק געווען ביי די אינדיאַנער האָבן די שפּאַניער אויסגערויבט און צעטראָטן, כדי צו באַווייזן ווי אָנמעכטיק עס זיינען זייערע געטער קעגן דעם קריסטלעכן גאָט...

## II

זיינען געווען אידן צווישן אָט די וואַנדאַלישע שפּאַניער, וואָס האָבן אויף אַזאַ היטלעריסטישן אופן געטאָן, אָט די קריסטלעכע אַרבעט און צעטראָטן און אויסגעטראָטן די אַצטעקישע און אינקאַישע מלוכות און זייער קולטור? מען האָט זייער אַ סך געשריבן וועגן דער ראָל פון די אידן אין דער אַנטדעקונג פון אַמעריקע מען פלייסט זיך לעצטנס צו דערווייזן, אַז קרישטאָפאָר קאָלומבוס איז געווען אַ איד און מען טוט דאָס אויפן סמך פון אַלערליי השערות און שריפטן פון אַלטע מחברים.

צוליב וואָס טוט מען עס? קאָלומבוס איז טאַקע געווען דער אנט־דעקער פון דער נייער וועלט וועלכע איז געוואָרן א ברכה פאַר דער מענטשהייט, ווי מען איז געוואוינט צו זאָגן, אָבער, איז עס נויטיק צוצושרייבן אונדז אויסער קאָלומבוס דעם געוואגטן רייזנדער אויך קאָלומבוס דעם דעראָבערער, וואָס האָט באצייטנס נאָך, איידער ער האָט זיך ארויסגעלאָזט אויף דער רייזע, געפאָדערט מען זאָל אים באַ־לוינען מיט הויכע טיטלען און מיט ברייטע רעכטן אויף די לענדע־רייען, וואָס ער וועט אויסעפינען; וואָס האָט זיך אָנגעגעבן אלס געצייג פון דעם קריסטלעכן גאָט און זיין פאָנען-טרעגער; וואָס האָט, פונקט ווי אלע אנדערע קאָנקיסטאדאָרן, אהיימגעבראכט מיט זיך פון זיין ערשטער רייזע אינדיאנער אלס טראָפייען און וואו ער איז געקומען, האָט ער געזוכט נאָר אוצרות גאָלד און טייערע שטיינער? ער איז דער־מיט גאָרנישט ענלעך אויף א אידן, אפילו נישט אויף א אידן, וואָס דינט דער שפאנישער קרוין און שמדט זיך אוים געטריישאפט צו זיין קעניג, ווי דאָס האָט געטאָן אברהם סענעראָ (שניאור?).

מיר נעמען אָן די ביז גאָר אמתע, געשיכטלעך אמתע פאקטן — און ווען מיר זאָגן געשיכטלעך אמתע, מיינען מיר נישט בלויז דאָקו־מענטאל באוויזענע, נאָר אויך באוויזענע מיט דעם אלגעמיין אָנער־קענטן אמת פון דער געשיכטע — אז אידן האָבן בייגעטראָגן צו דער אנטדעקונג פון אמעריקע מיט זייער וויסנשאפט, מיט דעם וויסן און ערודיציע, וואָס איז איינגעשטאנען ביי אידן. אזעלכע פאקטן זיינען די מיטרייזע פון לואי דע טאָרעז, דעם געלערנטן אידן, וואָס קאָלום־בוס האָט מיטגענומען אָדער וואָס די שפאנישע רעגירונג האָט מיט־געשיקט אויף קאָלומבוסעס ערשטער רייזע, צוליב זייענע שפראכן־קענטעניש, איבערהויפט העברעיש, אראביש און ארמייאיש, אויף דעם פאל מען וועט זיך באגעגענען מיט די אידן פון די פארלוירענע צען שבטים.

מיר נעמען אָן דעם געשיכטלעכן פאקט, אז קאָלומבוסעס עקס־פעדיציע, האָט זיך באנוצט אויף איר רייזע מיט די מאפעס פון דעם אידישן געלערנטן אברהם זאקוטא, מיט די אסטראָנאָמישע ווערק פון אברהם אבן עזרא און מיט דעם אסטראָלאביום פון דעם אוויניאָנער אידישן געלערנטן רבי לוי בן גרשון, וואָס ער האָט אָנגערופן „מטה

יעקב" (יעקבס שטעקן); מיר נעמען אָן, אז קאָלומבוסעס רייזע איז מעגלעך געווען א דאנק דער פינאנצירונג פון דעם מאראַן לואיז סאנטאַנכעל; אז ער האָט מיטגענומען אלס פארוואלטער דעם אידן ראָדריגאָ סאנטשעז. דאָס זיינען אַלץ אידישע ספעציאַליטעטן פון יענער צייט, דעמאָלט ווען מיליטערישע אוואנטורע און לענדער-דעראָבערונג איז געווען אין סתירה צו די אידישע באשעפטיקונגען.

## III

אַלנפאלס, וועט אונדז ווייניק וואָס קימערן אויב עס וועט נישט דערוויזן ווערן, אז קאָלומבוס איז געווען א איד. נישט דערויף שטיצן מיר דאָס רעכט פון אידן אויף אַן אָרט אין אמעריקע און אויף א פאַרדינט אָנגעזעען אָרט.

מיר זאָגן דאָס דאָ, מחמת מיר גייען דאָ ריידן וועגן אַן אָפּשניט אין דער געשיכטע פון אמעריקע, וואָס איז דער אָפּשניט פון דער אידישער רעכטלאָזיקייט אין דער נייער וועלט. די אידישע רעכטלאָזיקייט אין אמעריקע, וואָס איז מיט איר קאָלאָניאַלער עפּאָכע געקומען און מיט איר אויך פארשוואונדן. און אויב עס איז פאראַן ביי געוויסע אוראייניקלעך פון די קאָלאָניאַלע הערשער אָדער ביי געוויסע אור־אייניקלעך פון די וואָס האָבן צו איר א סוף געמאכט סוף אכצנטן און אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט, א חשק יענע עפּאָכע צוריקצוקערן צוזאמען מיט איר רעכטלאָזיקייט בכלל און מיט איר אידישער רעכטלאָזיקייט בפרט, און זיי פעכטן דערביי מיט דעם שווערד פון דער אנטדעקונג און פון דער דעראָבערונג ווי מיט א רעכט-ארגומענט פון פּריווילעגיעס פאר איינער א ראסע און אונטערדריקונג פאר א צווייטער, איז עס נישט גאָר טאקטיש צו באווערטיקן דאָס דאָזיקע געווער אין זייערע הענט, וואָס דאָס קען ארויסקומען ווען מיר זאָלן זיך אריינלאָזן מיט זיי אין א ויכוח וועגן דעם צי דער אנטדעקער פון אמעריקע איז געווען א איד אָדער נישט קיין איד.

א סך וויכטיקער איז עס פאר אונדז אונטערצושטרייכן, אז די נ יי ע וו ע ל ט, איז ערשט דעמאָלט געוואָרן באמת נ יי, ווען זי איז געוואָרן אויך פ ר י י, ווען זי האָט זיך באפרייט פון אירע

קאָלאָניאַלע הערשער און איז געוואָרן אומאָפּהענגיק פון זיי; דעמאָלט ווען זי האָט זיך באַפרייט פון דער שקלאַפעריי, פון דער אומגלייכהייט פאַרן געזעץ, פון דער רעליגיעזער אומטאָלעראַנץ, פון יעדער אַנדערער רעכטלאָזיקייט צוליב אָפּשטאַם, רעליגיעזער אָנגעהעריקייט אָדער פּאָ־ליטישע איבערצייגונגען; ווען זי איז באמת געוואָרן דער אזיל און דאָס פאַרשפּראָכענע לאַנד פאַר אַלע פאַרפאָלגטע אין דער אַלטער וועלט, פונוואַנען דער מיטלאַלטער מיט זיינע פּאָרטיילן און פּאָרור־טיילן האָט ביז וויט אין נייַנצנטן און אפילו צוואַנציקסטן יאָרהונ־דערט קיין חשק נישט געהאַט אָוועקצוגיין.

א סך וויכטיקער איז עס פאַר אונדז אָנצואַווייזן ווי אַזוי די אידן אין אמעריקע, אויך דאָ רעכטלאָזע, פאַרפאָלגטע און אונטערדריקטע, אויך דאָ געפּייניקטע פון דער אינקוויזיציע און פון די רויבזיכטיקע קאָלאָניאַלע הערשער, האָבן געקעמפט, אָנטיילגענומען אין דעם באַ־פרייאונגס קאַמף פון די אמעריקאַנישע פעלקער קעגן די וואָס האָבן איבער זיי געהערשט און מיט די שטיוול געטראָטן אין נאָמען פון זייַ־ער קאָנקיסטאַטאָרישן יחוס. ווי אַזוי אידן האָבן געהאָלפן מאַכן פון די שקלאַפן־קאָלאָניעס די נייע פרייע וועלט און — מאַכן דערפון דעם אויספיר, אַז צוזאַמען מיט די פרייע אמעריקאַנישע פעלקער, איצט באַדראָטע פון נייע קאָנקיסטאַטאָרישע אמביציעס, איצט באַדראָטע דעם נאַציסטיש-פאַשיסטיש-פאַלאַנכיסטיש־סאַמוראַישן בונד, וואָס טראָגט מיט זיך נייע שקלאַפעריי, רויב און רעכטלאָזיקייט, נייעם טעָ־ראָר, טיראַניי און אינקוויזיציעס, וועלן מיר אָנווענדן אַלע אונדזערע קויכעס אַז דאָס זאָל נישט געשען.

וויכטיק איז דאָ אָנצעווייזן, אַז פאַר די אידן וואָס זיינען אהער געקומען אין משך פון די ערשטע דריי יאָרהונדערטן זוכן רו פון די פאַרפאָלגונגען אין זייערע היימען און זיך שאַפן דאָ זייער היים, איז די באַפרייאונג פון די נייע לענדער געווען א לעבנס נויטווענדיקייט, נישט נאָר כדי צו קענען דאָ פריי דינען דעם אידישן גאָט, נאָר אויך און דער עיקר צו קענען געניסן פון דעם מענטשלעכן רעכט אויף לעבן און אַרבעט און צו קענען ווי יעדער אַנדערער זיין אַן איינגעוואָרצלטער אין דער ערד און זי באַזיצן ווי עס איז דער געבאָט פון אַלע געטער צו די מענטשן אויף דער ערד און זיי האָבן דאָס רעכט נישט געהאַט,

ווען אפילו קיין אויסדריקלעכער פארבאָט קענגן דעם איז נישט געַ־ווען. איבערהויפּט איז דאָ וויכטיק צו באַשטעטיקן, אז די שפּאַניש־קאטוילישע דעראָבערער זיינען מיט זייער גאנצן ווען, דעם פעאָדאַ־ליסטיש־רויבערישן און פארשקלאַפערישן, געווען דער מלאך המות פון יעדן אויפבלי אין די קאָלאָניאַלע לענדער און אז דער אויפבלי זייַ־ערער הויבט זיך אָן דאָרט, וואו אָט דער גייסט ווערט אויסגעראָטעוועט און עס קומט אויף זיין אָרט דער גייסט פון רעליגיעזער און ראַסן־טאָלעַ־ראַנץ.

אמעריקע, זאָל דאָ איבערגעחזרט ווערן, מיינט נישט דאָס וואָס זי איז געווען, נאָר דאָס וואָס זי איז געוואָרן און וואָס זי דאַרף ערשט ווערן. און אויך די אנטדעקונג פון אמעריקע האָט אין דער מענטש־לעכער געשיכטע באקומען איר ריכטיקן ווערט נישט צוליב דעם ציל וואָס האָט באוואוינגן די אויסשטאַטונג פון קאָלומבוסעס עקספּעדיציע קיין אינדיע, נאָר צוליב דעם רעזולטאַט וואָס איז אַלץ גרעסער און ווערטפולער געוואָרן. ווארום א רעגירונג וואָס גיט ארויס אינעם זעלבן טאָג (דעם 30טן אפּריל 1942) א דעקרעט ארויסצוטרייבן פון די גרע־נעצן פון דעם לאנד דריי הונדערט טויזנט מענטשן, די דעמאָלסטיקע צאָל א י ד ן אין שפּאַניע, כדי צו קאָנפיסקירן זייערע פארמעגנס פאר דער מלוכה און א באפעל צוצוגרייטן די עקספּעדיציע קיין אינ־דיע, האָט מיט דער עקספּעדיציע נישט געקענט באצוועקן עפּעס אנ־דערש ווי אויסצורויבן דאָס לעגענדאריש רייכע לאנד, דאָס גאָלד און זילבער און די טייערע שטיינער וואָס געפינען זיך דאָרט, פאר דער שפּאַנישער קרוין, און בשום אופן נישט דאָס לאנד צו באפעלקערן און... ציוויליזירן. אויסרויבונג און ציוויליזאציע קענען נישט גיין געפּאָרט אין איין מוח און אוודאי נישט געבוירן ווערן אלס מלוכהשע קאָנ־צעפּציע פון דעם זעלבן מוח אין איין און דעם זעלבן טאָג. דריי הונ־דערט יאָר קאָלאָניאַלע הערשאפט פון שפּאַניע אין אמעריקע באַ־שטעטיקן דאָס.

וועגן באפעלקערן אמעריקע האָט קיין רייד נישט געקענט זיין כל זמן די דאָזיקע לענדער זיינען געווען דער אָביעקט פון גאָלד־רויב און דערנאָך פון שווערע צינזן. אויך פון ציוויליזירן די אינדיאַנער האָט קיין רייד נישט געקענט זיין. די פארקריסטלעכונג זייערע האָט

געמיינט זייער פאַרקנעכטונג. אינעם מיטלאַלטער, ווי אינעם אַלטער־טום, איז די מאַסן־אָפּשמדונג פון גאַנצע פעלקער, דאָס איבערפירן זיי פון איין רעליגיע אין דער צווייטער, געווען אַ גאַנץ געוויינלעכער אַקט, וואָס האָט געהאַט די זעלבע באַדייטונג ווי דאָס איבערפירן זיי פון איין אונטערטאַנשאַפט צו דער צווייטער. דעם נייעם הערשער האָט מען געמוזט דינען מ י ט ל ײ ב א ו ן נ ש מ ה, פונקט ווי דעם אַלטן, מען האָט געמוזט איבערנעמען די מנהגים, וואָס זיינען ביי אים געווען איינגעפירט און מער ווי מנהגים איז דאָס גלויבן נישט געווען, אַלנפאַלס פאַר די ברייטע מאַסן. רעליגיעזער פאַנאַטיזם האָט אויך נישט געהאַט מער באַדייטונג ווי פאַנאַטישע פאַרערונג פון דעם קעניג, פון דעם אַלמעכטיקן גאָט וואָס אויף דער ערד. אַלנפאַלס, האָט זיך נאָך ביז היינט קיין איין גלח נישט געפונען, וואָס זאָל דערציילן ווי אַזוי מען האָט די געצנדינערישע אינדיאַנער אָפּגעשמדט מיט דער הילף פון איבערצייגונג אויף קריסטן. די „ציוויליזאַציע" פון די אינ־דיאַנער, פון די וואָס מען האָט נישט אויסגעשאָסן אָדער פאַריאָגט אין די וועלדער, איז באַשטאַנען אין איינשרעקן זיי, אין טעראָריזירן ביז טאָטאַליטאַרער איינשטעלונג, ביז דעגראַדירן זיי צו דער מדרגה פון אַ געהאָרכזאַמער סטאַדע.

אומקערנדיק זיך צום ענין: די דורכפירונג פון די צוויי דער־קרעטן איז געשען אין איין צייט. דעם 3טן אויגוסט 1492 האָבן דריי הונדערט טויזנט אידן פאַרלאָזט שפּאַניע, לויפנדיק וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן, מערסטנס מיט שיפן איבערן מיטללענדישן ים צו די לענדער פון דער אַלטבאַקאַנטער וועלט, און נאַטירלעך, נישט צו די קריסטלעכע, נאָר צו די איסלאַמישע אָדער צו די וואָס זיינען געשטאַ־נען אונטער דער הערשאַפט פונעם איסלאַם, און דעם 3טן אויגוסט איז אָפּגעשוואומען קאָלומבוס מיט זייער ערשטער עקספּעדיציע.

און דאָס מוז מען צוגעבן, אַז פונקט ווי די שפּאַניש־קאַטוילישע רעגירונג האָט זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר אַזאַ גרויסן מפונק ביים קאָנפיסקירן די אידישע פאַרמעגנס פון גאָטס וועגן און פון וועגן זיינע גרויסע קלויסטער־אוצרות. אַזוי אויך האָט זי זיך נישט געמיאוסט אָנצעווענדן פאַר דער רייזע די 17.000 דוקאַטן (אין ערך היינטיקע 600.000 אַרגענטינישע פּעזעס) וואָס דער מאַראַן לואיז סאַנטאַנכעל

האָט דערויף געשאַנקען; די באַדינונג פון דעם אידישן דאָלמעטשער לואיז דע טאָרעס, וואָס מען האָט אים געשיקט צוזאַמענריידן זיך אויף העברעיש מיט די „עשרת השבטים" מסתמא, וואָס קאָלומבוס האָט גערעכנט צו טרעפן אין אינדיע; די באַדינונג פון דעם אידישן דאָקטאָר בערנאַל און אַלס אדמיניסטראַטאָר אויך געשיקט א אידן — ראָדריגאָ סאַנטשעז. און אוודאי האָט די שפּאַניש־קאַטוילישע עקספּעדיציע זיך נישט געמיאוסט ביים נוצן זיך מיט אברהם אבן עזראָס אסטראָנאָמישע ווערק, מיט אברהם זאַקוטאָס קאָמפּאַס, מיט לוי בן גרשונס „מטה יעקב", ווי ער האָט אָנגערופן זיין דערפונדענעם אינסטרומענט פאַר אסטראָנאָמישע אויסמעסטונגען און מיט דעם זעלבן לוי בן גרשונס אייביקן לוח.

און אויב די אידן וואָס זיינען מיטגעפאָרן מיט דער עקספּעדיציע אָדער האָבן זי געשטיצט מאַטעריעל און די אידן מאַראַנען, וואָס האָבן זיך נאָכדעם אוועקגעלאָזט קיין „אינדיע" האָבן געהאַט דעם געדאַנק דאָ „אויסצוקומען און צוריק ווערן אידן, אָדער דאָ אויסצוקויפן זייער פרייהייט פאַר געלט, האָבן זיי זיך באַלד אַנטוישט. עס הויבט זיך דאָ אָן פאַר זיי א נייַ מאַראַנען־לעבן, וואָס דויערט — מיט קורצע איבעררייסן, ווען א רייכע מתנת־יד האָט מבטל געווען א גזירה — דריי הונדערט יאָר, ביז דער אומאָפּהענגיקייט פון די אמעריקאַנער לענדער, וואָס האָט געבראַכט מיט זיך געוויסנס פרייהייט.

## IV

געלאָפן קיין „אינדיע" זיינען די אַזוי גערופענע „כודאיסאַנטעס", ווי מען האָט גערופן יענע אנוסים (מאַראַנען וואָס האָבן באַהאַלטענערהייט אָפּגעהיט אידישקייט און אויך די „נייַ־קריסטן", ווי מען האָט גערופן די משומדים, וואָס האָבן ביי זיך געפּועלט צו זיין געטריי זייער נייער אמונה. אָבער שוין פון אָנהויב האָט די קאַטוילישע קירכע גענומען קוקן קרום אויף דער דאָזיקער עמיגראַציע. און זיכער נישט דערפאַר וואָס זי האָט געוואָלט האָבן די דאָזיקע „האַלבע אידן" אין די גרענעצן פון שפּאַניע, ווי דערפאַר וואָס זי האָט זיי נישט געוואָלט האָבן אין דעם נייעם לאַנד וואו זי האָט זיך פירגענומען אויסצו־

שפּרייטן איר ממשלה און באַקערן די אָרטיקע געצנדינערישע אינדיאַ־נער שבטים צום קאַטוילישן גלויבן, וואָס דאָס האָט אין דער זעלבער צייט געמיינט צו דער שקלאַפעריי לטובת דעם שפּאַנישן קעניג. און אין יאָר 1502 האָט דער שפּאַנישער קעניג (דער קאַטוילישער פערדי-נאַנד, איזאַבעלעס מאַן) אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס פאַרבאָט די מאַראַנען איבערצעוואַנדערן קיין אינדיע.

אמת איז, אַז דער דאָזיקער פאַרבאָט, ווי אַ סך אַנדערע פאַרבאָטן, האָט געדינט בלויז אַלס מיטל אויף אויסצופּרעסן ביי די מאַראַנען, וואָס האָבן באַשלאָסן אַרויסצופאָרן פון שפּאַניע, גרעסערע סומעס כאַבאַר און אין 1509 האָט דער זעלבער פערדינאַנד פאַר 20.000 דו־קאַטן בטל געמאַכט די גזירה און האָט זיי דערלויבט מאַכן רייזעס קיין „אינדיע" און פאַרבלייבן נאָך יעדער רייזע צוויי יאָר צייט. פון דער אַנדער זייט, אָבער, האָט אַזאַ דערלויבעניש נאָך נישט געהייסן, אַז מען איז זיכער פון שאַנטאַזש און פון כלערליי שיקאַנעס מצד די אָרטיקע פאַרטרעטער פונעם קעניג.

אין 1518 האָט קאַרלאָס דער פינפטער אינגאַנצן אָפּגעשאַפט די דערלויבעניש און האָט גענומען האַנדלען אין יעדן פאַל באַזונדער, וואָס דאָס איז געווען איינטרעגלעכער, ביז די מאַראַנען זיינען מיט אים דורכגעקומען און ער האָט פאַר 80.000 דוקאַטן באַנייט דעם דע-קרעט וואָס דערלויבט זיי ווידער איינצעוואַנדערן קיין „אינדיע".

לאַנג האָט נישט געדויערט און די קאַטוילישע גלחים האָבן אויפ־געהויבן אַן אַלאַרם, אַז „אינדיע" ווערט פאַרפּלייצט מיט „אפּיקורסות", מיט אומגלויביקע און אין 1537 גיט אַרויס דער פּויבסט פּאַול דער דריטער אַ בולע, לויט וועלכער עס ווערט פאַרבאָטן די אפּיקורסים איינצוואַוואַנדערן אין די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס און די אַמעריקאַ־נער בישאָפן ווערט שטרענג פאַרזאָגט, אַז „ווער נאָר פון די מאַראַנען עס וועט זיך דערוועגן אַריינצוקומען, זאָל מען אים תיכף ומיד אַרויס־שיקן".

מיט זעקס יאָר שפּעטער, דעם 14טן אויגוסט 1543, קומט אַ באַ־פעל פון דעם פּרינצ׳יפּע פעליפּע צו אַלע וויצע־קעניגן, גובערנאַטאָרן און טריבונאַלן זיי זאָלן אויספאָרשן „וואו עס וואוינען אין אַמעריקע מאָרן, פרייע שקלאַפן, פריש געשמדטע קריסטן און זין פון אידן און

מען זאָל זיי אַלעמען אַרויסטרייבן פון די לענדערייען און מיט דער ערשטער שיף צוריק זיי אָפּשיקן קיין שפּאַניע.

נישט בעסער איז געווען די באַציאונג אין פּאָרטוגאַל צו די אויס־וואַנדערנדיקע מאַראַנען. דעם 30טן יוני 1557 האָט די פּאָרטוגעזישע רעגירונג אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, וואָס פאַרבאָט די מאַראַנען אויס־צוואַנדערן פון פּאָרטוגאַל. תיכף אָבער האָבן די מאַראַנען פאַר 1.700.000 קרוזאַדאָס געפּועלט מען זאָל דעם דעקרעט בטל מאַכן. און פּונקט ווי די מאַראַנען פלעגן קויפן דאָס רעכט אויסצוואַנדערן פון שפּאַניע און פון פּאָרטוגאַל, אַזוי פלעגן זיי אויך דאַרפן קויפן דאָס רעכט צו פאַרבלייבן אין אַמעריקע. עס ווערט דערציילט וועגן פאַרשי־דענע שפּיצלעך וואָס שפּאַנישע באַאַמטע פלעגן באַנוצן אויף צו „דערלויבן" מאַראַנען עמיגרירן. מען פלעגט זיי, למשל, „פאַרשיקן" קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט אַלערליי פאַרברעכער, פאַר אַ היפּשער סומע, נאַטירלעך.

## V

מיט וואָס האָבן דעמאָלט זיך באַשעפטיקט די דאָזיקע אידן און אנו־סים אין די אַמעריקאַנישע לענדער? ווי עס ווייזט אָן דער נאָרד־אַמערי־קאַנער היסטאָריקער לי, האָבן די מאַראַנען דאָ מערסטנס געפירט דעם האַנדל מיט דער גרויסער וועלט. זייער ספּעציאַליטעט איז געווען דער האַנדל מיט דימענטן און האָבן אָנגעשפּאַרט מיט דעם האַנדל ביז ווע־נעדיק און טערקיי, וואו זיי זיינען געקומען אין באַציאונג מיט די אידן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון שפּאַניע אין איטאַליע און אין די לענדער וואָס האָבן זיך געפונען אונטערן איסלאַם.

ווען אפילו דער היסטאָריקער וואָלט עס אונדז נישט געזאָגט אַפּן סמך פון דאָקומענטן, וואָלטן מיר געקענט זיך משער זיין, אַז, צי מיט דימענטן צו מיט אַנדערע פּראָדוקטן פונעם לאַנד, איז דער האַנדל גע־ווען די הויפּט באַשעפטיקונג פון יענע אידן אָדער געצוואונגענע קריסטן, וואָס שטייען אונטער שטענדיקן חשד פון אפיקורסות אָדער אויסבאַהאַלטענעם דינסט צום אידישן גאָט. און נישט דערפאַר איז עס געווען וואָס אידן און הענדלער זיינען סינאָנימען, ווי עס ווילן האָבן

אזעלכע עקאָנאָמיסטן און היסטאָריקער ווי ווערנער זאמבארט, וועלכן איך ציטיר אין מיין ווייטערדיקער אַרבעט „די סתירה און דער תיקון פון א גירוש", נאָר דערפאר וואָס אין די אנטדעקטע און דעראָבערטע אמעריקאנער לענדער איז דער באזיץ פון ערד און איר עקספּלואַטאַציע א טייל פון דעם דעראָבערונגס פּלאַן, אין וועלכן דער צלם מיט דער שווערד, די קירכע מיט דער ארמיי, זיינען די הויפּט כוחות און הויפּט־פאקטאָרן און אידן זיינען צו איר נישט צוגעלאָזט געוואָרן אויס דעם זעלבן גרונט ווי אין שפּאניע.

וואָס אזוינס איז א קאָלאָניאַלער גוט? אויב ער איז נישט א די־רעקטער גלחישער אנשטאַלט, אין וועלכן די געבירטיקע ארבעטן אונ־טער א מאָנאכן-רעזשים פון ערדישער און הימלישער קנעכטשאפט — און אזעלכע זיינען געווען די ערשטע אגראַרע איינריכטונגען אין משך פון לאנגע יאָרן ווען די ווייסע באפעלקערונג איז באשטאַנען דורכויס פון זעלנער און באאמטע פון דעם וויצע-קעניגטום, איז עס דער איי־גנטום פון דעם רייכן באאמטן אָדער מיליטערמאַן, וואו די געביר־טיקע ארבעטן נישט נאָר אונטער דער בייטש פון ווייסע אָדער מולאַ־טישע אויפזעער, נאָר אויך אין דעם פרום-קאַטוילישער אַטמאָספער פון טראַדיציאָנעלער קנעכטשאפט אונטער דער אויפזיכט פון דעם קלויסטער, וואָס קאָנטראָלירט דאָס לעבן פון דעם אינדיאַנער פון זיין געבורט ביז זיין טויט.

דער באזיצער פונעם מאַיאָנטעק איז דער קאָפּ נישט נאָר פון זיין פאמיליע, נאָר אויך דער גייסטיקער פאָטער — מערסטנס אויך דער פיזישער — פון זיינע קנעכט און שקלאַפן. און אָט די ראָל קען די קירכלעך־זעלנערישע מלוכה נישט אָנעטרויען א אידן אָדער אן „אפּי־קורס", א נישט כשרן און נישט זיכערן קריסט. דער קירכלעך־זעל־נערישער מלוכה, וואָס דאַרף זיין דער פּלומפּ פאַר דעם גאָלד פון די „אינדיאַס" קיין שפּאניע לוינט זיך אויך נישט, אז אָט די ווייסע, וואָס מען קען זיי נישט אָנגעטרויען די הערשאפט איבער די געבירטי־קע, זאָלן זיך פארנעמען מיט ערד-ווירטשאפט, דעמאָלט ווען עס זיי־נען נויטיק גאָלד־זוכער און גאָלד־מאַכער אין פּשוטן און אין בילד־לעכן זין.

אָט דאָס נישט איינגעזעסענע לעבן פון די אידן און מאַראַנען,

זייערע אָפּטע רייזעס צוליב זייער האנדל איבערן ים, זייער קומען אין באצוג מיט די אידן אין איטאַליע (דאָס וויכטיקסטע האנדלס לאַנד פון יענער צייט אין אייראָפּע) און טערקיי, האָט געווירקט, אז טייל מאראַנען זאָלן אויפהערן זיך אויסבאהאלטן מיט זייער אידישקייט אין די נייע לענדער.

אָבער אויך די וואָס האָבן זיך נאָך אויסבאהאלטן, זיינען איג־דעראמתן באטראכט געוואָרן פאר האלבע אידן, וואָרום דער איד איז געווען אידענטיפיצירט פו דער היים נאָך אויך אלס רופא, גיין צום מאַ-ראַן האָט באדייט דאָס זעלבע ווי גיין צום דאָקטאָר נאָך א רפואה, אָנפירן מיט דער ווירטשאַפט האָט מען אויך איבערגעגעבן א מאראַן, אזוי ווי דאָס האָבן געטאָן אין די נישט לאנגסטיקע צייטן די פּריצים ערדבאַ-זיצער אין פּוילן און אוקראַינע, וואָס נישט נאָר האָבן זיי אָפּגעגעבן צו אידן פּאַכטער די ארענדע פון זייערע פּאָסעסיעס, נאָר אויך זייערע „עקאָנאָמען", פּאַרוואַלטער, זיינען געווען אידן. טייל רייכע ערדבאַזיצער אין די אמעריקאנער לענדער האָבן אפילו ספּעציעל אראָפּ-געבראכט צו זיך פון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל אזעלכע אידן אָדער מאַ־ראנען. און אויב טייל ארגענטינער נאציאָנאַליסטן, למשל, וואָס ווילן פּסלענען מאַריאַנאַ מאָרענאָ, דעם סעקרעטאַר פון דער מאַי־רעוואָלו־ציע, גיבן אים אָן פאר א אידן, שטיצט זיך זייער השערה אויף דעם פאקט, אז מיט אדוואָקאטור אין די היספּאַנישע און לוזיטאַנישע לענ־דער אין אמעריקע האָבן זיך באשעפטיקט אידן, דאָס הייסט, מאַ-ראנען.

אלנפאלס, ווען עס פלעגט באפאלן דער אינקוויזיציע אין די לענ-דער דער אייפער אויסצורייניקן די הייליקע עדהם זייערע פון אפּיקור־סות, פלעגט מען זוכן די אפּיקורסים צווישן די מאַראַנען, וואָס דאָס האָט אויך געהייסן צווישן די מעדיצינער און אדוואָקאַטן, צווישן די סוחרים און פאַרוואַלטער מיט די גרויסע גיטער.

און נאַטירלעך, האָט מען זיך אין שפּאַניע באלד דערוואוסט וועגן דער „הפקירות", וואָס די מאַראנען דערלויבן זיך אין „אינדיע", ווייט פון דער אינקוויזיציע, און מען האָט באשלאָסן אריבערשיקן די אינ־קוויזיציע קיין אינדיע. ביז דעמאָלט האָט די אינקוויזיציע געארבעט פאַר אמעריקע אין שפּאַניע גופא אונטער דער אויפזיכט פון א באַ-

זונדערן הויפּט־אינקוויזיטאָר. אין 1524 איז אָנגעקומען קיין מעקסיקע אַ ספּעציעלער שטאַב פון שומרי הדת, דער באַרימטער „טויט ברידער", אָנגעפירט פון דעם הייליקן פראַנציסקאַנער מאַרטין דע וואַלענסיאַ, מיט דעם ציל עוקר צו זיין מן השורש דאָס אפּיקורסות פון אַמעריקע און אין דעם זעלבן יאָר האָט מען אין מעקסיקע פאַרברענט אויפן שייטער דעם ערשטן אידן.

דער אינקוויזיציע־טריבונאַל האָט זיין סיסטעמאַטישע אַרבעט אָנגעהויבן אין יאָר 1527 און אין יאָר 1536 האָבן שוין איבער גאַנץ לאַטיין־אַמעריקע, איבער דער שפּאַנישער ווי דער פּאָרטוגעזישער, געשפּאַרט זיך אין הימל די פלאַמען, דער „אַש דת" פונעם אויטאָ דע פע. וויפל אידן און בכלל „אפּיקורסים" האָט מען אויף די שייטערס פאַרברענט ביז מען האָט זיי אינגאַנצן אויסגעראָטן אָדער ביז זיי האָבן זיך פולשטענדיק אויסגעמישט מיט דער איבעריקער באַפעלקערונג פון די לענדער? ווער ווייסט זייער צאָל. ווי די אומבאַקאַנטע זעלנער וואָס פאַלן אין דער מלחמה, זיינען זיי די אומבאַקאַנטע מאַרטירער פאַר זייער אמת, פאַר זייער געווויסן, פאַר זייער ווילן צו לעבן פריי און נישט באַצוואונגען. בלויז איינצלנע נעמען זיינען צו אונדז דערגאַנגען פון די מאַרטירער, וואָס זייער ליכטיקער אָנדענק באַלויכט אָט די פינצטערניש.

## VI

אַז מען לייענט די געשיכטע פון די שפּאַנישע דעראָבערונגען אין אַמעריקע, באַקומט מען דעם איינדרוק גלייך די קאָנקיסטאַדאָרן וואָלטן איינגענומען די לענדער מיט דעם צעזאַרישן שפּרוך: געקומען, געזען און געזיגט; אַז זיי זיינען צוגעקומען צו די ברעגעס מיט אַ מיליטערישן דעסאַנט, איבערגעפאַלן דעם ישוב, פאַרפירט אַ שלאַכט, באַזיגט דעם גאַרניזאָן, גענומען געפאַנגען די אָנפירער, דעם קעניג, און פאַרטיק: אויפגעצויגן די שפּאַנישע פאָן, אַ נאָמען געגעבן דעם ישוב אַ שפּאַנישן נאָמען און אַזוי אַרום באַרייכערט די שפּאַנישע קרוין מיט נאָך אַ לאַנד...

אין דער אמתן איז עס צוגעגאַנגען אַ ביסל אַנדערש. אין אַ גע־

וויסער מאָס זיינען די קאָנקיסטאַדאָרן געקומען שוין אויפן גרייטן. א שטיק ארבעט פאר זיי האָבן שוין געהאט אויפגעטאָן די אנטדעקער. און מער נאָך ווי די אנטדעקער — די מענטשן וואָס די אנטדעקער האָבן איבערגעלאָזט אויף די ערטער וואָס זיי האָבן אנטדעקט.

קאָלומבוס האָט בעת אלע זיינע פיר רייזעס איבערגעלאָזט אין „אינדיע" גרופעס מענטשן אויף די אנטדעקטע ערטער. אזוי בעת זיין ערשטער רייזע אין סאַלוואַדאָר אויף די באהאמא-אינדזלען וואָס די אָרטיקע האָבן אָנגערופן גואנהאַני, אזוי אין קובא, וואָס ער האָט אָנגענומען פאר יאפאַן אָדער טשיפאנגו, ווי מארקאָ פּאָלאָ האָט עס גערופן, ווי אין האיטי, וואו ער האָט מיט די ברוכשטיקער פון זיינער א שיף אויפגעשטעלט א פעסטונג. אויף זיין צווייטער רייזע האָט ער איבערגעלאָזט פון זיינע מענטשן אין זשאמייקא און קובא, אויף זיין דריטער רייזע, — אין טרינידאד און אויף זיין פערטער רייזע — אין האָנדוראס און ווייטער ביז צום דאריען־גאָלף.

עס ווערט דערציילט, אז די מענטשן וואָס קאָלומבוס האָט מיט זיך מיטגענומען אויף צו באזעצן זיי אין אינדיע, זיינען צוריקגעקומען אנטוישטע, פארביטערטע און אז זיי מיט זייערע קלאגעס האָבן גע-בראכט דערצו, אז קאָלומבוס זאָל ארייגפאלן אין אומכיין פונעם שפּאַ־נישן קעניג און אויך געפירט צו זיין ביטערן סוף. אָבער נישט אלע מענטשן זיינען צוריקגעפאָרן. פון די מיטגענומענע אידן — און ווי עס זעט אויס פון קעניג פערדינאנדס פארבאָט קעגן דעם אריינפאָר פון אידן קיין אינדיע, וואָס ער האָט ארויסגעגעבן אין 1502, נאָך קאָ־לומבוסעס דריטער רייזע, זיינען מיט אים מיטגעפאָרן א סך אידן — איז קיינער נישט צוריקגעקומען.

זיי זיינען פארבליבן אין „אינדיע" און גענומען מיט דעם גאנצן ערנסט פון סוחרים האנדלען מיט די איינוואוינער פונעם לאנד, צו־ערשט אויף שטום-לשון, נאָכדעם ווי ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז זיי פארשטייען נישט קיין העברעיש און קיין תרגום-לשון, און דערנאָך מיט די דערוואָרבענע קענטענישן אין דער שפּראך פון די געבירטיקע.

צוריקפאָרנדיק, האָבן קאָלומבוסעס שיפן, ווי די שיפן פון די קלענערע אנטדעקער, וואָס האָבן זיך נאָך אים ארויסגעלאָזט שוין מיט גרויסע צאָלן שיפן, אהיימגעפירט די איינגעהאנדלטע מעטאלן, טייערע

שטיינער און געווירצן פון „אינדיע". אַט די סוחרים האָבן מיט זייער פרידלעכן מסחר און פרידלעכער באַנעמונג מיט די געבירטיקע, צו־געגרייט דעם באָדן פאַר די דעראָבערער.

קובא, למשל, איז דעראָבערט געוואָרן דורך דיעגאָ וועלאַזקעז, ערשט ניינצן יאָר נאָכדעם ווי זי איז אַנטדעקט געוואָרן פון קאָלומ־בוסן און אויך הערנאַן קאָרטעז וואָס האָט דעראָבערט מעקסיקע אין 1509 איז נישט געווען איר אַנטדעקער. די קאָנקיסטאַדאָרן פון פּערו, פּיסאַראָ און אַלמאַגראָ, האָבן אין 1532 שוין געטראָפן דאָרט אידישע און דייטשע סוחרים, אַגענטן פון דער וועלט־פירמע וועלסער אָדער די וועלסערס, וואָס האָבן שוין אויך געהאַנדלט אין באָגאָטאַ (קאָלאָמ־ביא) און אין ווענעצועלאַ. דעם האַנדלס קאָנטראַקט מיט קאַרל דעם פינפטן האָבן זיי געשלאָסן שפּעטער, נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין דאָרט געהאַנדלט.

מען דאַרף דעריבער רעכענען דאָס אינדזל קובא פאַר דעם ערשטן אָרט פון אידישער איינוואַנדערונג קיין אַמעריקע: פון דאָרט האָבן זיי זיך שוין פאַרשפּרייט איבער אַנדערע ישובים, איבערהויפּט מעק־סיקע. אין קובא איז די אינקוויזיציע געקומען צוזאַמען מיט די אידן, קען מען זאָגן, און גאַנץ ווייניק אידן אָדער מאַראַנען פלעגן דאָרט פאַרבלייבן.

קיין שום אַמעריקאַנער לאַנד האָט נישט אַזוי געוועקט דעם אַפּע־טיט פון כלערליי פּיראַטן, וואָס האָבן זיך אַהין געלאָזט מיט זייערע שיפן אויף רויב, ווי קובא. און אין ערגעץ האָט מען נישט אַזוי פאַר־שקלאַפט די אינדיאַנער ווי אין קובא. פון דאָרט שטאַמט דאָס וואָרט טאַבאַק־שקלאַפעריי, וואָס איז געוואָרן דער קלאַסישער טערמין פאַר דעם ערגסטן מין שקלאַפעריי אין דער וועלט, און האָט געפירט צו דער דורכויסיקער אויסראָטונג פון די 200.000 אינדיאַנער וואָס זיינען דאָרט געווען בעת די שפּאַניער האָבן אונטערגענומען די דעראָבע־רונג. אין אַ גאַנץ קורצער צייט האָט מען שוין געמוזט ברענגען קיין קובא נעגערס פון אַפריקע זיי זאָלן אַרבעטן אויף די טאַבאַק־פּלאַנטאַ־ציעס.

דאָס דאָזיקע אינדזל, דאָס גרעסטע און דאָס פרוכטבאַרסטע פון די אַנטילן־אינדזלען האָט אין דער פּאָלסטער מאָס געדעקט די פאַנטאַזיע

און די לעגענדעס וועגן די רייכטימער פון אינדיע. און דעריבער אויך איז אהער דער ערשטער אַנגעקומען און אַנגעוועגדט געוואָרן דער פּאַר־באַט פון קעניג פּערדינאנד ארייגצולאָזן אהער אידן. פון דעסט וועגן, האָט דער פּארבאָט פון אידישער באזעצונג אין קובא אָדער כואנא, ווי קאָלומבוס האָט דאָס אינדזל א נאָמען געגעבן, געמוזט אָפּט דערמאָנט ווערן.

עס איז נישט באקאַנט אידן זאָלן זיך האָבן פּארנומען אין קובא מיט טאבאק־פּלאנטאציעס אָדער מיט וועלכער עס איז אנדערע פּלאַנ־טאַציעס און דאָס איז אויך נישט מעגלעך געווען פּאַר מענטשן איבער וועלכע עס העגגט די געפאר א ליאדע מינוט ארויסגעשיקט צו ווערן און די אויסראָטונג פון די אינדיאַנער אין קובא ליגט נישט דעריבער אויף דעם אידישן געוויסן. זיכער איז נאָר, אז אידן האָבן געפירט דעם ה א נ ד ל מיט טאבאק פון קובא ווי פון די האָלענדישע קאָלאָניעס.

אין 1783 האָט די אינקוויזיציע אלע אידן אויסגעראָטן פון קובא, אויסגעבערענט אָדער צעטריבן, און ערשט אין 1881 — קובא איז געוואָרן אוים שפּאנישע קאָלאָניע ערשט אין 1898, באגלייך מיט קאָסטאַ ריקא און די פּיליפּינען אינדזלען, נאָך דער שפּאניש אמעריי־קאנישער מלחמה און איר ערשטער פּרעזידענט איז אויסגעוויילט גע־וואָרן ערשט אין יאָר 1909 — האָט די שפּאנישע רעגירונג דערלויבט אידן דאָרט זיך צו באזעצן, נאָר אָן דעם רעכט צו עפענען שולן צום דאווגען.

די דאָזיקע דערלויבעניש איז געגעבן געוואָרן די אידן אין קובא אויפן סמך פון דער שפּאנישער קאָנסטיטוציע פון 1869, וואָס האָט אָפּגעשאפט דעם גירוש־עדיקט פון 1492 און פון דער קאָנסטיטוציע פון 1876, וואָס האָט די פּריער דערמאָנטע צו רעוואָלוציאָנערע קאָנ־סטיטוציע רעגלאמענטירט און איר צוגעגעבן א פּונקט, אז די שטאַט־לעכע רעליגיע איז די רוימיש־קאטוילישע־אפּאָסטאָלישע און דאָס פּאָלק איז מחויב זי צו שטיצן און אויסהאלטן, נאָר קיינער טאָר נישט פאר־פאָלגט ווערן פאר האָבן אנדערע רעליגיעזע אָנשויאונגען. אלע אנדע־רע רעליגיעס, אָבער, טאָרן זיך נישט מאניפעסטירן עפנטלעך, מיט פּראָצעסיעס אא״וו. דאָס האָט אויך געהייסן, אז א חוץ קאטוילישע זיינען אלע אנדערע קירכעס און געבעט־הייזער פּארבאָטן.

די באפרייאונגס מלחמה אין 1898, מיט דער הילף פון די פאר־אייניקטע שטאַטן האָט אין קובא, איבערהויפּט אין האבאנא, לויט עס גיט אָן ר. דייוו אין זיין בוך „קובא: אין דער פארגאנגענהייט און קעגנווארט", שוין געטראָפן 600 אידן, אלע שפּאניאָלישע, וואָס האָבן זיך מערסטנס פארנומען מיט מסחר. צווישן זיי 5 אָדער 6 גאנץ רייכע. און זיי האָבן גראָד געהאַט שילן, נישט קיין עפנטלעכע, נאָ־מירלעך. אלע האָבן זיי זיך באטייליקט אין דער באפרייאונגס-באוועגונג. און ערשט נאָך דער רעוואָלוציע האָט די צאָל אידן אין קובא גענומען וואקסן מיט דער איינוואנדערונג פון נאָרד־אמעריקאנער און אייראָפּעאישע אידן.

כדאי איז דאָ צוצוגעבן, אז אין דער מלחמה קעגן שפּאניע פאר דער באפרייאונג פון קובא האָבן א חוץ די אָרטיקע אידן זיך באטיי־ליקט א גרויסע צאָל אידישע פרייוויליקע, נאָרדאמעריקאנער ווי איי־ראָפּעאישע. אָפּגערעדט, אז די באפרייאונג פון קובא האָט ארויסגע־רופן א גוואלדיקע סימפּאטיע צווישן די אידן פון דער גאנצער וועלט. געווען איז די באטייליקונג פון די פרייוויליקע און די סימפּאַטיע פון דעם וועלט-אידנטום א גאנץ באוואוסטזיניקער אויסדרוק פון דעם האס צו דער אַלטער שפּאניע, וואָס איז געווען דער סימבאָל פון אינק־וויזיציע, פון גירוש, פון רעכטלאָזיקייט, פון רעליגיעזער אומטאָלע־ראנץ און אין דער זעלבער צייט אַן אויסדרוק פון דעם הייסן באגער אויסצורייכערן אָט דעם רעשט פינצטערניש פון אמעריקע, פון דער פרייער אמעריקע.

## VII

אנדערש ווי אין קובא, וועלכע איז געווען איינס פון די ערשטע אמעריקאנער לענדער, וואָס האָט צוגעצויגן צו זיך די אידן און מאַ־ראַנען האָט זיך אויסגעוויקלט זייער לעבן אין בראזיל. אהערצו זיינען געפאָרן אָדער מען פלעגט פארשיקן די מאראנען פון פּאָרטוגאל, בעת קיין קובא זיינען געפאָרן אָדער מען פלעגט פארשיקן די שפּאנישע מאראַנען.

באַטשע דער גירוש־דעקרעט פון פּאָרטוגאל (1496) איז געווען

נישט ווייניקער שטרענג פון דעם שפאנישן, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן אין 1492, איז ער אָבער געווען נישט קיין פרייוויליקער. עס ווערט פארזיכערט, אז דער יונגער פּאָרטוגעזישער קעניג מאנועל האָט אים אונטערגעשריבן אויף דער פאָדערונג פון דער שפאנישער קרוין, וואָס האָט דאָס געשטעלט אלס תנאי צו זיין חתונה מיט דער פּרינצעסן איזאבעלא. און די באציאונג צו די אידן איז דאָרט געווען א מער ליבעראלע. פּאָרטוגאל, נישט געקוקט אויף דער אינקוויזיציע וואָס זי האָט איינגעפירט ביי זיך נאָך איידער דאָס האָט געטאָן שפאניע, איז אָפט געווען דער מקום מיקלט פאר די פליטים פון שפאניע בעת די שחיטות, וואָס פלעגן דאָרט אויסברעכן און אויך בעת דעם גירוש אין 1492, זיינען, לויט אברהם זאקוטא, באצייטנס ארויסגעלאָפן פון שפאניע קיין פּאָרטוגאל 120 טויזנט אידן. דער זעלבער קעניג מאנועל האָט מיט א קנאפּן יאָר נאָך דעם גירוש-עדיקט ארויסגעגעבן א געזעץ פון אמניסטיע פאר די געטויפטע אידן און זיי גענומען אונטער זיין שוץ. די אויסגעוואנדערטע אידן האָבן געמעגט פארקויפן זייערע גיטער און דאָס געזעץ האָט נישט דערלאָזט מען זאָל מיסברויכן מיט דעם נע-צוואונגענעם פארקויף, נישט ווי אין שפאניע, וואו די אידישע גיטער זיינען קאָנפיסקירט געווען אָדער פארבליבן אויף הפקר.

אויך אין דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע איז די באציאונג פון דער קאָלאָניאלער רעגירונג א מילדערע, א מער ליבעראלע ווי אין דער שפאנישער. דאָ איז דעריבער מעגלעך געווען, אז די אידן אָדער די מאראנען, וואָס האָבן זיך אהער געראטעוועט זאָלן זיך פארנעמען מיט אגרארער טעטיקייט, אייגנטלעך מיט דער פלאנטאציע פון צוקער-רער, וואָס זיי האָבן געבראכט מיט זיך פון דעם פּאָרטוגעזישן אינדזל מאדיירא, און זאָלן מיט דער צייט דאָרט אנטוויקלען א רייכע צוקער-אינדוסטריע.

קיין בראזיל זיינען די אידן אָדער די מאראנען געקומען ערשט אין יאָר 1548, ווען זייער לעבן אין פּאָרטוגאל איז געוואָרן אינגאנצן אומזיכער אונטערן דרוק פון שפאניע, וואָס איר ווירקונג איבער פּאָר-טוגאל איז אלץ מער געוואקסן. און מערקווירדיק ווי דאָס אידישע לעבן, זיין מאטעריעלער און גייסטיקער ניוואָ אין בראזיל און אויך די זיכערקייט פון די אידישע לעבנס אין דעם לאנד, וויגט זיך ארויף און

אראָפּ אין הסכם מיט דער ווירקונג פון שפּאַניע אויף פּאָרטוגאַל און דורכדעם אויך אויף אירע קאָלאָניעס.

אין 1580, ווען פּאָרטוגאַל פאַלט איינגאַנצן אַרונטער אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט, ווערט דאָ פאַרשטאַרקט דער קאָנטראָל פון דער אינקוויזיציע, דורך אירע אַגענטן און אידן. עס ווערט אומזיכער זייער לעבן און עס פאַלט אויך זייער אונטערנעמונגס גייסט. ווי קען אַ איד אָדער אַ מאַראַן פירן זיינע געשעפטן, אַז מען קען אים אַ ליאָדע מינוט אַרויסשיקן קיין פּאָרטוגאַל זיך שטעלן פאַר דעם געריכט פון דער אינקוויזיציע! ווי קען ער זיך איינוואָרצלען ווען ער ווערט טאָג נאָך טאָג שאַנטאַזשירט פון אָט די אַגענטן, וואָס זייער הכנסה איז דער כאַבאַר, וועלכן זיי באַקומען פון די געצוואונגענע משומדים!

וועגן דעם לעבן פון די אידן אין בראַזיל בעת זי איז געווען אונ-טער דער שפּאַנישער הערשאַפט (צווישן 1580 און 1640), קען מען זיך שאַפן אַ פאָרשטעלונג ווען מען לייענט ביי דעם פראַנצויזישן היסטאָריקער פּיראַר אַ באַשרייבונג פון דער בראַזיליאַנישער שטאָט באַהיאַ (סידאַדע דע סאַן סאַלוואַדאָר דע באַהיאַ דע טאָדאָס לאָס סאַנ-טאָס, ווי זי האָט געהייסן) אין 1610. די דאָרטיקע דאָקטוירים, דער-ציילט ער, פלעגן פאַרשרייבן די קראַנקע אַלס רפואה חזיר-פלייש, כדי מען זאָל זיי נישט חושד זיין, אַז זיי זיינען אידן. דערפון קען מען, אַגב, דרינגען, אַז די מעדיצינישע פּראָפעסיע אין בראַזיל פון יענער צייט איז איינגעשטאַנען אויסשליסלעך ביי אידן אין די הענט.

אין יענעם יאָר, דערציילט ער, האָט זיך אין באַהיאַ פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז דער שפּאַנישער קעניג קלויבט זיך איינפירן די אינקווי-זיציע אין בראַזיל, אָנשטאָט די אַגענטן, וואָס זי האָט דאָרט ביז דער-מאָלט געהאַט, און די ידיעה האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט, אַזוי פול איז זי געווען מיט אידן אָדער מיט געצוואונגענע משומדים. און געהאַט האָט שוין דעמאָלט אָט די משומדים-שטאָט 62 קאַטוילי-שע קלויסטערס און איז געווען די פעסטונג, אַזוי צו זאָגן, פון דער קאַטוילישער קירכע און איבערהויפּט פון דעם יעזואיטישן אָרדן אין דרום-אַמעריקע.

אין יאָר 1618, דערציילט ווייטער פּיראַר, האָט דאַן לואיז דע-סוסאַ באַקומען אַ באַפעל פון דער מעטראָפּאָליע ער זאָל צושטעלן דער

אינקוויזיציע א פולן צעטל פון אלע משומדים אין בראזיל און דערביי אָנווייזן וואו זיי וואוינען און וויפל זיי פארמאָגן. לויט דעם צעטל, זיינען געווען צווישן זיי אזעלכע, וואָס האָבן פארמאָגט צווישן 60.000 ביז 100.000 קרוסאדאס. מען קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאר א בהלה אָט דער באפעל האָט ארויסגערופן אין בראזיל.

א גליק האָט דעמאָלט געטראָפן די משומדים דערמיט וואָס האָלאנד האָט זיך גענומען פארמעסטן ארויסצורייסן בראזיל פון די שפאַנישע הענט און די בראזיליענער פּאָרטוגעזן האָבן זיי נאָך צוגעהאָלפן, ווייל זיי האָבן פיינט געהאט די שפאניער. דערצו זיינען שוין די משומדים געווען אויסגעבונדן קרוביש מיט דער באפעלקערונג פון בראזיל (אייגנטלעך, פון באהיא, וועלכע איז געווען דער הויפּט־ישוב פון דער פּאָרטוגעזישער קאָלאָניע אין אמעריקע) דורך שדוכים מיט די איבעריקע משפחות.

די אינקוויזיציע איז שוין קיין באהיא נישט געקומען. געקומען איז אהין די „האָלענדישע וועסט-אינדיאַן געזעלשאפט", די בארימטע האנדלס געזעלשאפט, וואָס האָט אריינגעבראכט פרנסה אין דעם נייעם ישוב און צוזאמען מיט דער פרנסה אויך אידייען נייע: געוויסנס פרייהייט, פרייהייט פון באוועגונג און האָבן דערמיט געוואונען סיי די מאראנען און סיי די עכטע קריסטן און די האָלענדער איז גאנץ גרינג אָנגעקומען אין 1623 צו פארנעמען די שטאָט.

נישט מער ווי צוויי יאָר האָבן די האָלענדער געהאלטן אין זייערע הענט באהיא און נישט מער ווי צוויי יאָר האָבן באהיער משומדים געקענט עפנטלעך זיין אידן. אין 1625 האָבן די פּאָרטוגעזן ווידער פארנומען די שטאָט און דאָס ערשטע האָבן זיי זיך אָפּגערעכנט מיט די אידן. די הויפּט-פירער — פינף זיינען זיי געווען — האָט מען געקעפּט און ביי אלע איבעריקע האָט מען צוגענומען זייערע פארמעגנס.

דאָ קומט ווידער אונטער האָלאנד און לייזט אוים די באהיער אידן. אין 1631 פארנעמט זי דעם בראזיליענישן האפן פערנאמבוקאָ אָדער ווי מען רופט אים אויך רעסיפע, און אלע באהיער מאראנען לויפן אריבער אהין. באהיא בלייבט אידן-ריין אויף א גאָר לאנגער צייט.

נאָר ביי דער דאָרטיקער מאכט ברענט דער פארדרוס. די אידן

זיינען אוועק און מיט זיי איז אויך אוועק דאָס ביסל ציוויליזירטע לעבן וואָס די שטאָט האָט געהאַט. נישט געווען שוין אפילו ווער עס זאָל פאַרשרייבן די דאָרטיקע איינוואוינער חזיר־פלייש אויף א רפו־אה. מיט פופצן יאָר שפּעטער, אין 1646, האָט זיך באהיא ווידער אָפּגע־רעכנט דערפאַר: דער איד יצחק דע קאסטראָ טאַרטאַסאָ איז געקומען צוליב זיינעם אן ענין קיין באהיא, האָט מען אים דאָרט געכאַפּט און אוועקגעשיקט קיין ליסאַבאָן, וואו מען האָט אים לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

## VIII

אזוי לאַנג פּערנאַמבוקאָ איז געווען אונטער האָלאַנד, פון 1631 ביז 1654, האָבן אידן דאָרט געלעבט אן עפנטלעכן אידיש לעבן און זיך אויך ארויסגעארבעט מאַטעריעל, מערסטנס פון צוקער־פּלאַנטאַ־ציעס און האַנדל. מען קען נישט זאָגן, אז דאָרט האָט געהערשט פול־שטענדיקע רעליגיעזע פרייהייט. די האָלענדער, וואָס זיינען ביי זיך אין דער מעטראָפּאָליע געווען זייער ליבעראַל און טאָלעראַנט צו אַנ־דערע גלויבנס (אין יענער צייט איז דער גלויבן געווען דער הויפּט סימן פון א פאָלק), האָבן אין זייערע קאָלאָניעס זיך אויפגעפירט גאַנץ אַנ־דערש. דער אינדיער, וועלכער איז געווען דער ארבעטער פון די פּלאַנ־טאַציעס און אין די גיטער פון די האָלענדער און פּאָרטוגעזן, ביזן אָנהויב דעם 18טן יאָרהונדערט, ווען מען האָט אָנגעהויבן פירן שוואַר־צע שקלאַפן קיין בראַזיל, איז געהאַלטן געוואָרן אין דער שקלאַפערײ מיט זיין נשמה פונקט ווי מיט זיין גוף. די שקלאַפן־האַלטער האָבן אין יענער צייט גאָר אנדערש נישט פאַרשטאַנען. די מינדסטע פריי־הייט וואָס א שקלאַף האָט באַקומען צו פירן זיך לויט אן אנדער שטיי־גער ווי דער איינגעשטעלטער פון דער הערשנדיקער מאַכט, האָט גע־מיינט הפקרות און האָט געקענט פירן צו אומדיסציפּלין און מרידה.

אין יענעם קורצן פּעריאָד פון מילדע באַציאונג צו אידן מצד דער האָלענדישער מאַכט — מיר זאָגן מילד, וואָרום קיין פולע רעליגיעזע פרייהייט, ווי אין האָלאַנד גופא, האָבן אידן אויך דאָ נישט געהאַט און מען פלעגט זיי אָפט דערמאָנען זיי זאָלן נישט אויפרייסן די אויגן

פון דער וועלט מיט זייער אָפענער אידישער פירונג — האָבן אידן זיך באזעצט אויסער רעסיפע, אויך אין טאמאריקאָ, איטאמאַריקא, ריאָ דע זשאנייראָ, פאראהיבא און אין אנדערע בראזיליענישע שטעט. נאָר אין רעסיפע איז געווען דער סאמע צענטער פון אידישן לעבן, אלס די גרעסטע פון די אידישע קהילות אין בראזיל, און אהערצו פלעגן זיך ציען די פּאָרטוגעזישע אידן פון אמסטערדאם. אויפן גרונד פון אָט דער ערשטער אָפן אידישער קהילה אין דער נייער וועלט, האָט מנשה בן ישראל געבויט זיין פילאָזאָפיע פון דעם משיח וואָס קומט פאר די אידן מיט זייער צעשפרייטונג און אהער זיינען געקומען צווישן א סך אנ־דערע אידן פון האָלאנד, יעקב לאגארטאָ, דער מחבר פונעם ספר „אוהל יעקב", א מין קליינער „עין יעקב"; דאָ איז געבוירן געוואָרן דער פילאָזאָף יעקב אנדראַדע וועלאָסינאָ, א דאָקטער, וואָס האָט שפּעטער, וואוינענדיק אין האאג, פּאָלעמיזירט מיט שפינאָזען קעגן זיין פּאָליטישן טראקטאט, מיט א ספר אין שפאניש, וואָס האָט גע-הייסן: „טעאלאגאָ רעליכיאָסא קאָנטרא על טעאָלאָגאָ פּאָליטיקאָ", און א ספר אין זעקס בענדער קעגן דעם האָלענדישן פאסטאָר זשאקלאָ, וואָס האָט ארויסגעלאָזט א בוך „דיסערטאציעם וועגן דעם משיח קריסטוס קעגן דעם משיח פון אלטן טעסטאמענט". געלעבט האָט דאָרט אליהו מאגורו (מאגאָראָ אָדער מאזשאָראָ), דער פּאָטער פון א פארצווייגטער משפחה רבנים און שפּעטער א באטייליקטער, צוזא־מען מיט א סך אנדערע מאראנען קעגן שפאניע, אינעם אויפשטאנד פון גבריאל דע גראנאדא אין מעקסיקאָ.

אָט די ערשטע עכט אידישע קהילה אין בראזיל, וואָס איז באשטא־נען פון אן ערך 5.000 אידן, איז אונטערגעגאנגען, ווען דער רייכער מולאט זשאָאָם פערנאנדעז וויעירא האָט אין 1946 צוריק אָפּגעוואו-נען מיט א מלחמה פערנאמבוקאָ פאר פּאָרטוגאל. די מערסטע אידן האָבן זיך באטייליקט אין די שלאכטן אויף דער זייט פון די האָלענ־דער. א טייל פון זיי איז צוריקגעפאָרן קיין האָלאנד און א טייל קיין סורינאם, וואו זיי האָבן געגרינדעט א נייע אידישע קהילה, וואָס זיי האָבן א נאָמען געגעבן „מקוה ישראל" אויפן נאָמען פון דעם ספר, אין וועלכן מנשה בן ישראל, זייער פילאָזאָף, נעמט זייער פערנאמבור־קער קהילה פאר א מוסטער. אנדערע זיינען אוועק קיין גוואדאליפּ,

זשאַמאַיקאַ און אַנדערע אַזוי גערופענע וועסט־אינדישע אינדזלען, וואוהין זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך אַ סאַך פון די אַלטע איינגעזעסענע מאַראַנען.

אַז אין בראַזיל זיינען פאַרבליבן אויך נאָך דעם חורבן פערנאַמבוקאָ אידן אָדער מאַראַנען, באַווייזט דער פאַקט, וואָס אין 1723 זיינען אין ליסאַבאָן פאַרברענט געוואָרן אויף דעם אויטאָ דאַ פע אַ גרויסע צאָל אַנוסים, געבראַכטע פון בראַזיל צום משפּט פון דער אינקוויזיציע. אין 1739, איז דאָרט אויך פאַרברענט געוואָרן דער באַרימטער בראַזיליענער דראַמאַטורג אַנטאָניאָ זשאָזע דאַ סילוואַ, אַלס באַהאַלטענער איד.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טן יאָרהונדערט שטייט אויף פאַר די בראַזיליענישע אַנוסים אַ משיח אין דער געשטאַלט פון דעם ליבעראַלן פּאָליטיקער, מאַרקיז אָדער קאָנטע דע פּאָמבאַל, וועלכער איז געווען הויפּט-מיניסטער פון דעם פּאָרטוגעזישן קעניג זשאָזע דער ערשטער צווישן 1755 און 1777. געווען איז עס נאָכדעם ווי פּאָרטוגאַל איז געוואָרן אַ שפּאַנישע פּראָווינץ און בראַזיל, אַ פּערלאָזענע, איז געוואָרן צום רויב פון די ענגלישע און האָלענדישע סוחרים, אָן שום איינזען, מחמת אָן שום אחריות פאַר וועמען עס איז. גראָד נישט לאַנג איז עס געווען ווען אין בראַזיל האָט מען אויסגעפונען גאָלד (1727) און מען האָט בוכשטעבלעך „געשאַרט גאָלד אין די גאַסן", לויטן בילדערישן אידישן אויסדרוק. און אָט דאָס גאָלד האָט פאַראָרימט בראַזיל. אין מינאַס זשעראַעס, מאַטאָ גראָסאָ און גאָיאַז האָבן זיך געוואַלגערט שטיקער גאָלד און דימענטן אויבן אויף, מען האָט נאָר געדאַרפט אַ שאַר טאָן די ערד. די פּאָרטוגעזישע רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט, אַז קיין בראַזיל וועלן נישט אַריינגעלאָזן קיין אַנדערע אויסער פּאָרטוגעזן און די דימענטן־עקספּלואַטאַציע איז דערקלערט געוואָרן אַלס אויסשליסלעכער באַזיץ פון דער קרוין. אחוץ דעם איז שווער געווען צוצוקומען צו דער געגנט פון דער דימענטן-עקספּלואַטאַציע. אַרום טעזשוקאָ, היינטיקע דיאַמאַנטינאַ, האָבן זיך געצויגן פּוסטע שטרעקעס, וואו מען האָט קיינעם נישט געלאָזט זיך באַזעצן, מען זאָל חלילה נישט אָן עין הרע געבן דער גרויסער רייכקייט וואָס מען גראָבט פון דער ערד...

וואָס זשע איז געוואָרן פון דעם רייכטום? פאָרטוגעזן פון אַלע עקן בראזיל, וואָס האָבן פריער געאַרבעט ביי די פלאַנטאַציעס אָדער ביי זייער אייגענעם גאָרטן, האָבן פאַרלאָזט די ארבעט און אוועק שאַרן גאָלד. פון אָנהויב האָט מען טאַקע געשאַרט, נאָר נאָכדעם ווי מען האָט אַראָפּגעשאַרט דעם אויבערשטן שיכט, ווי ווייט מען האָט דאָס געקענט טאָן מיט א פשוטן גראָב-אייזן און מען האָט שוין געמוזט באַנוצן אנדערע ספּעציעלע טעכנישע מיטלען, איז מען שטיין געבליבן. דערצו האָט מען שוין באַדאַרפט פאַרפירן אונטערנעמונגען, אָנשטעלן ארבעטער, ברענגען נייע שקלאַפן פון אפריקע, די אינדיאַנער זיינען געוואָרן מיוחסים, זין פון דער קריסטלעכער קירכע, זין פון די ווייסע הארן... די פאָרטוגעזן זיינען געבליבן ביי זייערע פאַרלאָזטע פּלאַנטאַציעס און „קאָרטיזשאָס" און אויך אָן דעם גאָלד, וואָס ענגלענדער און האָלענדער פלעגן אָפּקויפן פאַר א שיבוש. מען האָט געמוזט צוריקפירן די פאָרטוגעזן און די אינדיאַנער, ווי די מולאטן צו ארבעט, צו רעגולערער ווירטשאַפט און רעגולערן האנדל און אָט דאָס האָט זיך אונטערגענומען טאָן דער מיניסטער פּאָמבאַל.

ווער זאָל דאָס טאָן? און זיין אויג איז געפאַלן אויף די מאַראַנען, אויף די פאַרשטעלטע אידן אָדער פאַלשע קריסטן. געוואָלט האָט ער איינפירן רעליגיעזע פרייהייט, כדי צוציען אידן אויך פון אייראָפּע, ארויסטרייבן די יעזואיטן, נאָר דאָס ערשטע איז אים נישט געלונגען — צו געוואגט איז עס נאָך געווען אין זיין צייט — נאָר דאָס צווייטע איז אים געלונגען ערשט שפּעטער אין 1759; דערווייל אָבער האָט ער געפּועלט ביי זיין קעניג און ביי דער קירכע מען זאָל נישט אָנעמען קיין מסירות אויף די „נייע קריסטן„ נישט דורכפירן קיין עפנטלעכע אויטאָ דאַ פע און נישט פירן קיין באַזונדערע רייסטערס פון די מאַראַנען; אַלע באַגרעניצונגען קעגן די בלוט-אידן זיינען געבליבן אָפּגעשאַפט.

צי האָט דער מיניסטער פּאָמבאַל דערגרייכט דערמיט דעם ציל וואָס ער האָט זיך געשטעלט: דעם אומקער צו דער נאָרמאַלער ווירטשאַפט אין בראזיל, איז אַן ענין פון באַזונדערן פאָרשן; אָבער איין זאַך האָט ער זיכער דערגרייכט: ער האָט אָפּגעשאַפט דעם חילוק צווישן א סך נייע קריסטן און אַלטע.

# IX

אויב די לאַגע פון די אידן — פון קיין אנדערע אידן אויסער מאַ־ראַנען אונטער פּאָרטוגעזישער און שפּאַנישער הערשאַפט אין אמע־ריקע, קען קיין רייד נישט זיין — איז אין בראַזיל געווען אַ דערדריק־קנדיקע, איז זי אין די לענדער פון שפּאַנישער הערשאַפט געווען אָן אַ שיר ערגער. דער אידעאַל פון די שפּאַניער, איבערהויפּט פון פיליפּ דעם צווייטן, וועלכער האָט באַוויזן צו ווערן הערשער פון פּאָרטוגאַל, איז געווען אָפּצושליסן אמעריקע פאַר יעדן נישט שפּאַניער און זיי איז געלונגען איינצושמידן און פאַרגליווערן זייער קאָלאָניאַלן באַזיץ אין אַ קאַזאַרמע־דיסציפּלין און אין די שטעכיקע הענט פון דער קאַטוילי־שער קירכע און איר אינקוויזיציע. ווען מען רעדט וועגן די אידן אָדער מאַראַנען אין דער היספּאַנישער אמעריקע, ווי מעקסיקע, פּערו, אַרגענ־טינע, אָדער ווי דאָס לאַנד האָט זיך דעמאָלט גערופן — פּאַראַייניק־טע פּראָווינצן פונעם פּלאַטאַ־טייך, קען מען נאָר ריידן וועגן אומלעגאַל אַריינגעקומענע און אומלעגאַל וואוינענדיקע, וואָס זיינען אין שטענ־דיקער געפאַר געמשפּט צו ווערן און איבערגעגעבן ווערן דער אינקווי־זיציע.

מען מוז אָבער דאָך מאַכן אַ חילוק אין דער הינזיכט צווישן די היספּאַנישע לענדער, וואָס ליגן אין צפון פונעם קאָנטינענט און די דרומדיקע. אויף די צפונדיקע, ווי מעקסיקע, קובאַ און די אנדערע אַנטילן־אינדזלען, האָבן געקלאַפּט די שיפן פון דעם ענגלישן, האָלענ־דישן און פראַנצויזישן האַנדל און אידן האָבן שוין אין אָנהויב אַריינגע־דרונגען אַהין, דאָרט געשאַפן אָפּאָזיטאָרישע אינטערעסן און אפילו געפירט צו אויפשטאַנדן קעגן דער שפּאַנישער מאַכט. דעריבער אויך איז דאָרט שאַרף געווען דער צוזאַמענשטויס צווישן דער מאַכט, וואָס האָט אָפּגעשפּאַרט פאַר זיך די גרעניצן פון דעם לאַנד (דער עדיקט פון כואַן דע קאַסטיליאַ אין 1511, וואָס האָט פאַרבאָטן דעם אַריינפּאָר פון די מאַראַנען קיין מעקסיקע) און די אַנוסים, וואָס האָבן זיך געריסן צו דער נייער וועלט און צו דער „נייער שפּאַניע".

דערפאַר אויך איז אין מעקסיקע פּאָרגעקומען דער ערשטער אווי־טאָ דאַ פע (1574) און דער קידוש השם פון פיר אידן אין 1578, וואָס

די אינקוויזיציע האָט פאַרברענט לעבעדיקערהייט. דערפאַר איז דאָרט פאָרגעקומען דער אויפשטאַנד פון גאַבריעל דע גראַנאַדאַ אין 1642 און דער משפט איבער 107 אַנוסים וואָס האָבן זיך אין דעם אויפשטאַנד באַטייליקט. צווישן זיי לואיז דע קאַרבאַכאַל, וועלכער איז געווען גובערנאַטאָר פון אַ מעקסיקאַנישער פּראָווינץ, און איז אומגעקומען פון דער אינקוויזיציע.

מיר האָבן פריער דערמאָנט דעם אידן מאַזשאַראַ, איינער פון די באַטייליקטע, אַ פּליט פון פּערנאַמבוקאָ. און ער איז געווען נישט דער איינציקער פון די פּערנאַמבוקער פּליטים, וואָס האָבן געקעמפט אין די רייען פון גאַבריעל דע גראַנאַדאַ פאַר דער באַפרייאונג פון מעקסיקע פון אונטער דער גליוועריגדיקער האַנט פון שפּאַניע.

---

קובאַ, ווי מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, איז געווען אונטערגעוואָרפן די זעלבע שטרענגע שפּאַנישע געזעצן און די אינקוויזיציע האָט דאָ געאַרבעט נאָך אין יאָר 1783, ווען עס זיינען פון איר אומגעקומען אַ צאָל אידן. דאָ האָט זיך די קאָלאָניאַלע הערשאַפט געצויגן ביז 1898. ערשט אין 1881 האָבן אידן באַקומען אַ דערלויבעניש צו וואוינען דאָרט לעגאַל, נאָר רעכטלאָז זיינען זיי דאָרט פאַרבליבן, ביז שפּאַניע האָט געמוזט פאַרלאָזן דאָס אינדזל. איז עס אַ חידוש, וואָס אידן, נישט נאָר מאַראַנען פון קובאַ נאָר אידן פון אַמעריקע און אויך פון אייראָפּע, האָבן געקעמפט ווי וואָלונטירן אין דער שפּאַניש־אַמעריקאַנישער מלחמה פאַר קובאַ? אויב אין קובאַ האָבן דאָך געוואוינט מאַראַנען, איז דאָס געווען צו דאַנקען דעם האַנדל וואָס זיי האָבן געפירט און דער האַנדל האָט דורכגעבראָכן די אייזערנע שטאָרע פון אַלע עדיקטן און פאַרבאָטן. דער האַנדל האָט זיינע מיטלען וואָס אַנדערע צווייגן פון טעטיקייט האָבן זיי נישט.

# X

אָט די מיטלען האָבן געפירט דערצו, אַז אינעם סאַמע „קדשי קדשים", איר מעגט זאָגן אינעם סאַמע אבי אבות הטומאה פון דער שפּאַנישער אינקוויזיציע אין אַמעריקע, אין פּערו, האָבן זיך געפונען

מאַראַנען און געגעבן אַ סך שפּייז דעם דאָזיקן קריסטלעכן „מולך".
די מאַראַנען האָבן דאָ געהאַלטן אין איין אויסקויפן זיך. זיי האָבן
זיך אויסגעקויפט מיט מתנות אין מאַדריד און אין לימאַ. אָנהויב
זיבעצנטן יאָרהונדערט איז מאַראַנען־עמיגראַציע געוואָרן אַן איינ־
טרעגלעך געשעפט אויך פאַר די בוענאָס־איירעסער האַפן־באַאַמטע,
וואָס האָבן זיי דאָ אַרום געשמוגלט קיין פּערו און אויך פאַר גלחים,
וואָס האָבן זיי דאָ חתונה געמאַכט מיט אַרגענטינערנס און זיי איינ־
געשריבן פאַר אַרגענטינער קרעאָלן.

בוענאָס־איירעס איז בכלל געווען דער האַפן פון שמוגל פאַר דער
שפּאַנישער אַמעריקע, וואָס די שפּאַנישע קעניגן האָבן זי געהאַלטן
„געשלאָסן" פאַר דעם וועלט־האַנדל. און דער שמוגל איז געווען אַן
אָפענער, אַזוי געדיכט איז ער געווען. דאָ איז כמעט קיין אַנדער
מסחר ווי שמוגלערישער נישט געווען. עס האָבן זיך מיט דעם שמוגל
באַשעפטיקט אפילו די אַדלליים, די „הידאַלגאָס".

אַ בוענאָס־איירעסער גלח, פראַנסיסקאָ טרעבאָ, שרייבט אין זיי־
נעם אַ באַריכט, דעם 13טן דעצעמבער 1618, צו דער אינקוויזיציע
אין לימאַ:

„מיר האָבן אָרנטלעך באַשטעטיקטע ידיעות וועגן אָנקומען פון
מאַסן אידן פּליטים פון שפּאַניע און בראַזיל, וואָס קומען אַריין און
פאָרן אַרויס פון בוענאָס־איירעסער האַפן און היות זיי זיינען פּאָרטו־
געזן, ווערן זיי געשיצט און געשטיצט פון זייערע לאַנדסלייט און אויך
פון זיי אויסבאַהאַלטן".

דאָס מיינט צו זאָגן, לויט דער עדות פון דעם גלח, אַז דאָ זיינען
שוין דעמאָלט אָנהויב 17טן יאָרהונדערט געווען אויב נישט אידן, איז
מאַראַנען, מיט אַ באַזונדער פּיעטעט צו זייערע ברידער די מאַראַנען,
וואָס האָבן דורכגעמאַכט אַהער דעם וועג דורך פּאָרטוגאַל און בראַזיל.

און אָט איז אַ צווייטער באַריכט פון דעם זעלבן גלח, מיט דעם
דאַטום פון אַפּריל 1619:

„אַכט שיפן פול מיט אידן, אַפן וועג קיין לימאַ, זיינען דאָ אָפּ־
געשטיגן און האָבן באַצאָלט אַ גרויסע סומע געלט אייניקע הידאַלגאָס,
זיי זאָלן זיי פאַררעכענען אַלס „זייערע דינער". פון דעסט וועגן, האָט
מען די פּאַסאַזשירן געכאַפּט און מען האָט זיי איינגעשפּאַרט אין די

קאזעמאטן פון דעם קלויסטער סאן דאָמינגאָ. אנדערע געהיימע אידן, אָבער, וואָס געפינען זיך אין לאנד נאָך פון פריער, האָבן זיי באפרייט, ווייל זיי האָבן אונטערגעקויפט אייניקע גלחים. די גלחים האָבן די ארעסטירטע חתונה געמאכט מיט טעכטער פון שטאָטישע איינוואוי־נער און זיי זיינען אויף אזא אופן אין גאנצן באפרייט געוואָרן מיט דער הילף פון זייערע פריינט, מחותנים און אָנהענגער. דערצו נאָך האָבן זיי באקומען די דערלויבעניש פריי זיך צו באזעצן אין לאנד".

א צווייטער גלח, דער פּראָקוראָר פון העכסטן געריכט אין טשאר־קאס (די הייננטיקע שטאָט סוקרע אין באָליוויע, וואָס איז דעמאָלט געווען א טייל פון פּערו און האָט געהייסן אלטא פּערו), דאָן סעבאס־טיאַן דע אַלאַרקאָן, שרייבט אין א באריכט דירעקט קיין מאדריד:

„זייער גרויס איז שוין די צאָל „העברעאָס", וואָס זיינען אריינ־געקומען דורך בוענאָס־איירעס און זיי מאכן די צאָל באפעלקערונג דאָפּלט גרעסער. זיי באזיצן הייזער צום וואוינען און אויך מאַיאָנט־קעס".

דער זעלבער שרייבט אין א באריכט פון 1643 וועגן די איינגע־וואנדערטע מאראנען:

„אלע אָדער כמעט אלע זיינען פארהייראט מיט קרעאָלקעס, טעכ־טער און אייניקלעך פון די קאָנקיסטאדאָרן, ריטערלעכע גוטבאזיצע־פונעם לאנד. און זיי פארמאָגן גיטער און א סך פּי... יעדנס פארמעגן איז נישט קלענער פון צוויי טויזנט רינדער, 500 שאָף און גוטע פרוכט־בארע פעלדער... זיי אליין זיינען פרוכטבארער פון יעדער אנדער ראַ־סע, מחמת די צאָל קינדער זייערע, זכרים און נקבות, גרייכט פון פיר ביז זיבן... זיי פארזייען תבואות, פּאשען פּי, באהערשן די שטאָט און דאָס פעלד... זיי זיינען ווירטן און שמידן, שיפבויער און מאטראָסן, טישלער און יובעלירער אא"וו."

פראַנציסקאָ ווערדוגאָ, א שפּאנישער באאמטער, וועלכן מען האָט געשיקט פון שפּאניע אויף אן אונטערזוכונג אין די פּראָווינצן ביים פּלאטא, זעט אויס, אויפן גרונד פון די אויבן ציטירטע באריכטן, שרייבט:

„זיי האלטן אין איין באזעצן דאָס לאנד און האָבן חתונה אין

דער האפנשטאָט (בוענאָס־איירעס) און איןביידע לענדער (פּערו און די פּלאטא־פּראָווינצן)".

און וועגן די פריער אריינגעקומענע שרייבט ער:

„זיי האָבן זיך איינגעשלאָסן און אויסגעמישט, זיינען אריינגע־טראָטן אין אונדזערע קאָנוועטנטן, האָבן באהערשט דעם האנדל און יעדן מין מסחר, האָבן זיך אריינגעשמוגלט טיף אין לאנד און זיינען געוואָרן די מענער פון די בעסטע יונגפרויען".

(דאָקומענטן פונעם אינדיען־אַרכיוו).

פּעדראָ מעדינא אין זיין בוך די אינקוויזיציע ביים לא פּלאטא טייך, שרייבט:

„עס איז אין אלגעמיין באקאנט, אז א שטארקער שטראָם פּאָר־טוגעזישע סוחרים, בעיקר אידן, איז צוגעפלאָסן צום פּלאטא-טייך און דאָ זיך אויפגעהאלטן אין משך פון א סך יאָרן אלס א זייער וויכטיקער עלעמענט פון בוענאָס איירעסער באפעלקערונג".

פון דעם לעצטנס ווערטער איז צו זען א פּאָזיטיווקייט, וואָרום אויב עס זאָל זיין אמת, אָן אביסל גוזמא, דאָס וואָס די באריכטן שרייבן, וואָלט דאָס אויסגעקומען, אז בוענאָס-איירעס, איז ווינציק־סטנס א האלב אידישע שטאָט לויט איר אָפּשטאַם, און אז די ארגענ־טינישע אריסטאָקראטיע האָט אין זיך מער אידיש בלוט ווי קאָנקיס־טאדאָרישעס.

איבערהויפּט נאָך וועגן אין די היסטאָרישע שריפטן „רעוויסטא בענעראל דע בוענאָס־איירעס", שרייבט טרעזשעס, אז:

„פון די דריי גרונט־ראסן פון אונדזער איצטיקער באפעלקערונג (אינדיאַנישע, אייראָפּעאישע און אפריקאנער), וואָס שאפן די עלט־סטע בלוט-מישונג אין דער געזעלשאפט פון אונדזערע האפן־שטעט און טייך-געגנטן, האָבן בלי ספק דעם גרעסטן חלק די פּאָרטוגעזישע אידן*).

*) די איבנדערמאנטע ציטאטן האָב איך גענומען. מיט בלויז שפּראַכלעכער אויסבעסערונג, פון י. ש. ליאַכאָוויצקיס ארטיקל „דער ערשטער צענדלינג אידן אין בוענאָס־איירעס". געדרוקט אינעם זאמל־בוך פון זיינע פארבליבענע כתבים, ארויס־געגעבן פון „אחוה ורעות" אין 1938. — פּ. ק.

דאָס אייגענע ווען מען נעמט אין אכט די פאַרזיכערונג פון דעם היס־טאָריקער ריקאַרדאָ ראָכאס, אז די העכסטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס פון דער געלערנטער און קאַטוילישער שטאָט קאָרדאָבאַ, זיינען אידי־שע פאַמיליעס פון קאסטיליען, און פון ד״ר כאָסע מ. ראמאָס מעכיא, וואָס ברענגט אין זיין בוך „ראָסאס אי סו טיעמפּאָ" (ראָסאס און זיין צייט) א צעטל פון עטלעכע און צוואַנציק אריסטאָקראַטישע פאַמיליען־נעמען, וואָס ער גיט אָן אלס פּאָרטוגעזיש־מאַראַנישע.

וואָס מיינט דאָס צו זאָגן? דאָס מיינט, אז דאָרט וואו די מאַ־ראַנען האָבן געקענט באַזייטיקן דעם קאָנטראָל פון דער שפּאַנישער מאכט און עס האָט פריי געאַרבעט די נויטווענדיקייט פון דעם מסחר אפילו דורך שמוגל, האָט דער וואַנדער־שטראָם זייערער זיך דורכגע־בראָכן א וועג.

מיר מיינען אויך, אז דאָס וואָס ארגענטינע האָט די ערשטע צווי־שן די אמעריקאַנער לענדער אָראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָלאָניאַלן עול פון שפּאַניע, איז געווען צו דאַנקען אָט דער דינאַמישן אָפּאָזיטאָ־רישן כוח, וואָס ארגענטינע האָט צוגעקראָגן אין דער פּערזאָן פון די מאַראַנען קעגן דער שפּאַנישער הערשאַפט.

דאָס מיינט אויך צו זאָגן, אז פון מאַראַנען, וואָס האָבן נישט דעם מוט געהאַט, ווי די פּערנאַמבוקער ברידער זייערע צו שאַפן זייער קהילה־לעבן און קעמפן פאַר זיין אויפהאַלט, איז עפּעס אַנדערש ווי די אויפלייזונג פון זייער אידישן זיין, נישט געווען צו דערוואַרטן.

# א געשיכטלעכע סתירה און איר תיקון

## גירוש שפּאַניע, די אַנטדעקונג פון אַמעריקע און די אידישע באַזעצונג אין אַרגענטינע.

### I

אונדזו ארגענטינער אידן, איינגעוואָנדערטע, באזעצטע און איינגעוואָרצלטע אין משך פון איבער פינף צענדליגג יאָר אין א לאנד, געגרינדעט פון די שפּאַנישע אנטדעקער און דעראָבערער, אין א לאנד, וואָס גייסטיק שטייט עס ביז היינטיקן טאָג אין א גרויסער מאָס אונטער דער ווירקונג פון דער „מוטער שפּאַניע”, נישט געקוקט דערויף וואָס פּאָליטיש האָט זיך עס אָפּגעריסן פון איר מיט איבער הונדערט דרייסיק יאָר צוריק, שטייט שטענדיק פאַר די אויגן די גרויסע געשיכטלעכע סתירה, וואָס האָט אלם איר ארענע געהאַט די שפּאַניע פון צוריק מיט פיר הונדערט און פופציק יאָר: דער אידישער גירוש און די אנטדעקונג פון אמעריקע. צוויי איינצייטיקע און קעגנזעצלעכע געשעענישן, וואָס האָבן אַזאַ קווערן שניט געטון איבער דער וועלט־געשיכטע און באזונדער שאַרף זיך איינגעשניטן אין דער געשיכטע פונעם אידישן פאָלק.

מיר זעען אָט די סתירה און מיר פילן אָפּט אויף אונדזער אייגן לייב דעם געראנגל צווישן אירע פּאָלוסן: פון איין זייט דעם בייזן גייסט פון אומטאָלעראנץ, וואָס זיין העכסטער אויסדרוק איז געוועזן די אינקוויזיציע און דער גירוש און איז, אז אָפּגעשוואכטער, נאָך לעבן געבליבן און ווייזט זיך אָפּט ארוים אין זיינע אַטאַוויסטישע

רעשטן און, פון דער אנדער זייט, דעם אמעריקאנישן פאקט, די נייע וועלט מיט איר פיל-פעלקערדיקן צוזאמענלעבן מיר אידן צווישן, וואס דער זוימען זיינער און דערמעגלעכער פון זיין עקזיסטענץ, האט געקענט זיין בלויז די טאלעראנץ. נאר אין דעם פאקט אמעריקע גופא, ווי אין דעם פאקט, וואס די ערשטע אידישע קאלאניזאציע פון אזא גרויסן פארמעסט איז אויסגעפאלן אויף ארגענטינע, אויף א לאנד וואו עס הערשן טארקוועמאדאס אייניקלעך, ווי עס האבן ליב געהאט צו זאגן די קעגנער פון דער באראן הירש אידייע און איקא-קאלאניזאציע, האבן מיר געזען די געשיכטלעכע גאראנטיע, אז דער תהום פון אט דער סתירה וועט סוף כל סוף אינגאנצן פארשאטן ווערן און פארגליכן ווערן, אז די פולע רעליגיעזע און ראסן-טאלעראנץ בנוגע די אידן אין ארגענטינע, וועט מתקן זיין דעם גוואלד שרייענדיקן פארברעכן פון דער אומטאלעראנץ פון צוריק מיט פיר הונדערט און פופציק יאר.

די איקא-קאלאניזאציע אין ארגענטינע, מיט דעם גאנצן דורכפאל פון איר ערשטן פארמעסט, וואס האט געהאט פאר די אויגן די וויזיע פונעם באראן הירש צו שאפן מיט זיינע מיליאנען א פיל-מיליאניק אידיש ערדארבעטער-פאלק מיט די מזרח-אייראפעישע אידישע הארעפאשניקעס, אויף די דרום-אמעריקאנישע פליינען, און מיט אלע אירע ווייטערדיקע קאלאניזאטארישע פעלערן, ליגט אינעם גרונד פון אונדזער ישוב מיט זיינע פיר הונדערט טויזנט נפשות, בערך, וואס פירן א מער אדער ווייניקער אינטענסיוו אידיש לעבן און זיינען א טייל פון דער אלוועלטלעכער אידישער קולטור-איינהייט, פון דער אלוועלטלעכער אידישער נאציע. סאציאל, איז די אידישע קאלאניזאציע דא דער אגרארער מאסיוו, פון וועלכן די אידישע ישובים אין די שטעט און שטעטלעך שעפן, זייט די אלע יארן, פרישן, פיזיש קרעפטיקן און מאראליש גאנצן עלעמענט.

די מורא, אז די אפגעשוואכטע קאלאניזאטארישע ארבעט פון איקא אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און די אויסוואנדערונג פון דער אידישער יוגנט פון דער קאלאניע אין שטאט צוליב דעם אפזאג פון איקא צו קאלאניזירן די קאלאניסטישע זין און צוליב דעם מאגנעטישן כוח וואס די שטאט האט אויף דער יוגנט מיט איר קולטור-לעבן, וועט אפשוואכן אט דעם רעזערוו, האט געבראכט די

שטאָטישע אידן צו דער גרינדונג פון אַ געזעלשאַפטלעכן קאָלאָניזאַציע־פאָנד און דערנאָך פון דער געזעלשאַפט „פאָמענטאָ אַגראַריאָ", וואָס איר אויפגאַבע איז שטיצן מיט קרעדיט קאָלאָניסטן, וואָס האַלטן ביי פאַרלירן זייער נחלה און קרעדיטירן אַ ביישטאָטישע אידישע קאָלאָניזאַציע. די קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע האָט פאַר אונדז געהאַט דעם באַטייט פון אַ נייער אַנטדעקונג פון אַמעריקע, וואָס האָט געדינט די וואַנדערנדיקע אידן ווי אַ צייג־פינגער זיי אָנצעווייזן דעם וועג אַהער.

אין דער אידישער געשיכטע, שטעלן מיר אַוועק די באַראָן־הירש־קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, אין דעם קאַפּיטל, וואָס מיר באַטיטלען אַלס אָנהויב פון אידישן סאָציאַלן איבערבוי אונטערן דרוק פון דעם איבערברוך אין דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן לעבן פון די מזרח־אייראָפּעאישע פעלקער און פון די אידייען וואָס האָבן זיי באַהערשט און האָבן באַיינפלוסט די אידישע מאַסן. צווישן די אידישע סאָציאַלע באַוועגונגען, וואָס האָבן פאַרכאַפּט די אידישע מאַסן זינט די אַכציקער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, האָט זי פאַרנומען כמעט אַזאַ פּלאַץ ווי דער ציוניזם און ווי דער סאָציאַליזם.

אין דער אַרגענטינישער געשיכטע, שטעלן מיר אַוועק די איקאַ־קאָלאָניזאַציע אינעם ראַם פון דעם עקאָנאָמישן אויפשטייג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין לאַנד מיט דער פאַרשטאַרקטער איינוואַנדערונגס־פּאָליטיק סוף די אַכציקער יאָרן בעת דער פּרעזידענטשאַפט פון גענעראַל ראָקאַ, און איר סאָציאַלן באַטייט פלעכטן מיר אַריין אין די באַפרייערישע און דעמאָקראַטיזירנדיקע געשעענישן, וואָס הויבן זיך אָן מיט דער מאַי־רעוואָלוציע פון 1810, מיט דער אָפּשאַפונג פון דער אינקוויזיציע און איינפירונג פון געוויסנס פרייהייט; מיט ריוואַדאַוויאַס פּראָיעקטן פון אַגראַר־רעפאָרם, מיט עטשעוועריאַס סאָציאַלע וויזיעס, מיט סאַרמיענטאָס ציוויליזירנדיקער אַגיטאַציע און אַלבערדיס קאַמף פאַר באַפעלקערן דאָס לאַנד; קורץ, מיט דעם גאַנצן סאָציאַלן אידייען גאַנג אין אַרגענטינע, וואָס האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין דער ליבעראַלסטער פון די דרום־אַמעריקאַנישע קאָנסטיטוציעס.

די אידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אידן, בכלל, נישט נאָר צו דעם לאַנד און זיין

פּאָליטישער, עקאָנאָמישער און קולטורעלער אנטוויקלונג, ווי בכלל צו די דרום-אַמעריקאַנישע און צענטראַל־אמעריקאַנישע לענדער, צו זייער געשיכטע און צו זייערע אינערלעכע ראַנגלענישן, נאָר אומדירעקט, אויך צו שפּאַניע, צו דער מוטער פון די לענדער, צו דער אקטועלער שפּאַניע, צו אירע פּאָליטישע, קולטורעלע און עקאָנאָמישע ראַנגלענישן, צו איר מאָדערנער ליטעראַטור, ווי צו אירע קלאַסיקער, צו אירע מאַלער און מוזיקער און צום שטודיום פון איר פאָלקס כאַ־ראַקטער, וואָס איז אַזוי טיף און ווייטיקלעך אָפּגעשטעמפּלט אין איר קונסט. און אויך צו איר גורל האָבן זיי אַרויסגעוויזן אינטערעס.

נישט נאָר האָבן אידן אין אַרגענטינע מיט דער פולער האַנט און גאַנצן האַרצן געשטיצט, באַגלייך מיט אַלע אַנדערע אָנהענגער פון דער שפּאַנישער רעפּובליק דעם קאַמף פון די שפּאַנישע רעפּובליקאַ-נער און געשיקט פון זיך ענטוזיאַסטן וואָלונטירן צום פראָנט, נאָר עס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף אויך אידן פון פראַנקרייך און פון פּאַלעסטינע, פון די פּאַריייניקטע שטאַטן און פון פּוילן, פון די מזרח־אייראָפּעאישע און באַלקאַן־לענדער. אויב פראַנקאָ האָט מיט זיין שותפות צו היטלער און מוסאָליני, אַנגעשלאָסן שפּאַניע צו דער וועלט-רעאַקציע, האָבן אידן נישט ווייניקער ווי אַנדערע, מיט זייערע באַטאַליאָנען צו הילף די רעפּובליקאַנער, אַוועקגעשטעלט שפּאַניע אינעם צענטער פון דער פּאָרויסגייענדיקער מענטשהייט.

און געטון האָבן מיר עס נישט בלויז דערפאַר וואָס מיר זיינען איבערצייגט געווען, אַז דער פראַנקאָ־אויפשטאַנד קעגן דער שפּאַני־שער רעפּובליק, איז אַן אוואַנס צום וועלט-פאַשיזם, וואָס זיין ערשטער קרבן זיינען די אידן, נאָר אויך דערפאַר, וואָס מיר זיינען איבערצייגט געווען, אַז פראַנקאָס נצחון אין שפּאַניע, מיינט אויך אַ ריקשריט אין די לאַטיין־אַמעריקאַנישע לענדער צו די אידעאַלן פון דעם שפּאַ־נישן מיטלאַלטער און צו זייער קאָלאָניאַלער קולטור־אַטמאָספער, אין וועלכער אַזאַ דערשיינונג ווי אידישע קאָלאָניזאַציע און אידיש קולטור־לעבן וואָלטן אוממעגלעך געווען.

שוין מיט דעם אויפקום פון דעם פאַשיזם אין איטאַליע און מיט זיין שאָטן, וואָס איז געפאַלן אויף שפּאַניע אין דער געשטאַלט פון פרימאָ דע ריווערא, האָט זיך אָט דער שאָטן אויסגעצויגן ביז צו אונד־

זערע מדינות און די ארגענטינישע לעגיאָנען „העמדלעך" — ביי אונדז זיינען זיי געווען גרויע אָנשטאָט שווארצע און ברוינע — האָבן אלס ערשטע ארבעט זייערע, באשריבן די ווענט מיט אזעלכע אויפ־שריפטן ווי: „הרגע אידן און זיי א פאטריאָט" און אין די פראָווינצן פון אידישער קאָלאָניזאציע האָבן זיי פראָוואָצירט געשלעגן און אפילו פאָגראָמען, אונטער דעם לאָזונג: „אידן ארויס!"

אין אזא אטמאָספער פון היסקאניסטישער קסענאָפאָביע און אַנטיסעמיטיזם, פארשטאַרקט מיט פראנקאָס נצחון איבער דער שפּאַנישער רעפּובליק און אירע סאָציאַלע רעפאָרמען, ווי אויך מיט די היטלעריסטישע נצחונות אין סאָוועט־רוסלאנד, וואָס האָבן געוועקט די האָפענונגען פון דער רעאקציע אין גאָר דער וועלט, האָט שפּאניע געפייערט די דאטע פון 450 יאָר אַנטדעקונג פון אמעריקע, פון איר אמעריקע. נישט דערמאָנט האָט מען דערביי די דאַטע פון 450 יאָר אידישן גירוש פון שפּאַניע. אָבער עס איז גאָרנישט נויטיק געווען די־רעקט צו פייערן דאָס פארטרייבן די אידן פון אלע שפּאנישע גרעניצן. גענוג איז געווען צו פּראָקלאַמירן אין דעם טאָג די אויפלעבונג פון „די אידעאלן פון פערדינאנד דעם אַראַגאָנישן", דעם שפּאַנישן קעניג, וואָס האָט אין דעם זעלבן טאָג פון דעם זעלבן יאָר, דעם 3טן אויגוסט 1492, אונטערגעשריבן ביידע דעקרעטן: דעם אָפּפאָר פון קאָלומבוסן און דעם גירוש פון די אידן.

אין ערגעץ האָט מען נישט אזוי געפייערט די דאטעס, אין קיין איינעם נישט פון די אַנטדעקטע אמעריקאנער לענדער, ווי אין דער פראנקיסטי־שער שפּאניע. שוין דעם 1טן מאַרץ 1942, דער יאָרטאָג פון פערדי־נאנד און איזאַבעלאס באפעל קאָלומבוסן ער זאָל זיך גרייטן צו זיין עקספּעדיציע קיין אינדיע, זיינען אויף אלע בערג אין שפּאניע צעלייגט געוואָרן גרויסע פייערן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דער וועלט — די ידיעה וועגן די צעלייגטע פייערן האָט זיך דורכן טעלעגראף און דורך דעם ראַדיאָ צעטראָגן איבער דער גאנצער וועלט — אז שפּאניע הויבט אָן די פייערונגען פון דער אַנטדעקונג, וואָס האָט אויסגעשפּרייט איר ממשלה איבער א נייעם קאָנטינענט און האָט אין אים פאַרפלאנצט און איינגעוואָרצלט דעם שפּאַנישן גייסט. דעם 3טן אויגוסט 1942, האָט פראנקאָס אויסערן־מיניסטער, דער גענעראל קאָרדאנא, ביי א

פייערלעכער אויפנאַמע פאַר די דיפּלאָמאַטישע פאַרטרעטער פון די אַמעריקאַנישע לענדער, גערעדט וועגן די אויפגעלעבטע אידעאַלן פון פערדינאַנד דעם אַראַגאָנישן אין דער געשטאַלט פון דער שפּאַנישער פאַלאַנכע און איר העכסטן קאַודיזשאָ, דעם גענעראַליסימוס פראַנקאָ.

צום 12טן אָקטאָבער 1942, דעם יאָרטאָג פון דער אַנטדעקונג, האָט מען אין דער אַרגענטינישער שטאָט סאַלטאַ געגרייט אַן אַלאַמעריקאַנישן קאָנגרעס פון היספּאַניזם. אַלע ווייסן, אַז היספּאַניזם אין די לאַטיין-אַמעריקאַנער לענדער מיינט נישט עפּעס אַנדערש ווי פרומע דבקות צום גייסט פון שפּאַנישן מיטלאַלטער; אַז דער דאָזיקער היספּאַניזם איז אין די לעצטע יאָרן געוואָרן דער „באָן טאָן" פון דער לאַטיין-אַמעריקאַנישער אַריסטאָקראַטיע; אַז דער פּאַטענטירטער נאַציאָנאַליזם אין די לענדער האָט זיך אונטערגענומען אָפּצולייקענען דעם ווערט פון די אַמעריקאַנישע רעוואָלוציעס פון אָנהויב נײַנצנטן יאָרהונדערט קעגן דער שפּאַנישער הערשאַפט צוזאַמען מיט דעם גאַנצן פאַרשריט פונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, און כאַר מיט דעם אייראָפּעישן פאַשיזם און מיט זיין שפּאַנישער אויפלאַגע — דעם פאַלאַנכיזם, און אַז דער היספּאַניסטישער קאָנגרעס אין סאַלטאַ האָט געזאָלט זיין אַ צוזאַמענטרעף פון די אַמעריקאַנישע נאַציאָנאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס מיט די פאַלאַנכע-אָפּטיילונגען, וואָס זיינען טעטיק צווישן די שפּאַניער אין אַמעריקע. גענוג איז דאָס צו ווײסן, אַז מען זאָל זיך אָפּגעבן חשבון וועגן דער שייכות און קאָנקרעטער פאַרבינדונג, וואָס איז פאַראַן צווישן פראַנקאָס „אויפגעלעבטע אידעאַלן פון פערדינאַנד דעם אַראַגאָנישן" און די אידעאַלן פון דעם פּאַטענטירטן נאַציאָנאַליזם ביי דער דרום-אַמעריקאַנישער אַריסטאָקראַטיע און ביי די אַמעריקאַניש-פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס.

## II

וואָס אַזעלכעס שטעלן מיט זיך פאָר די פערדינאַנדישע אידעאַלן? מען דאַרף זיי ווייט נישט פאָרשן. זיי זיינען איינגעקריצט אין דער געשיכטע מיט די צוויי דעקרעטן, וואָס פערדינאַנד האָט אַרויסגעגעבן:

אינעם זעלבן טאג פון 1942: דער דעקרעט ארויסצעטרייבן און קאנ־פיסקירן די פארמעגנס פון די אידן, וואס האבן געלעבט אין שפא־ניע נאך פון שלמה המלכס צייטן, ווי אנדערע רעכענען, אלנפאלס זינט דער גרינדונג פון די אידישע ישובים ביי די ברעגעם פונעם מיטללענדישן ים אין דער צייט פונעם גלות בבל און ווייטער, און דער דעקרעט וועגן דער עקספעדיציע פון קאלומבוסן קיין אינדיע, כדי אויסצורייבן אירע פארבאהאלטענע רייכטימער און ארונטערברענגען זי אונטער דער הערשאפט פון דער קאטוילישער שפאניע.

אייגנטלעך, זיינען די אידעאלן נישט פערדינאנדס, זיי זיינען די אידעאלן פון דעם פויפסט גרעגואר דעם גרויסן, וואס האט דער ערש־טער דערשפירט די גוואלדיקע ערדישע מאכט פונעם הימלשן קעניג־רייך און זיין אויג איז געפאלן אויף שפאניע אלס נאטירלעכע פאר־בינדעטע פון דער קאטוילישער קירכע אין איר קאמף פאר וועלט־הערשאפט קעגן אירע צוויי גרעסטע שונאים פון זיין צייט: ביזאנץ און דער איסלאם. די ערשטע האט געירשנט די רוימישע אימפעריע און האט אויף אירע לענדער ארויפגעצוואונגען די מזרח־ארטאדאק־סישע קירך, אראפזעצנדיק דערמיט די קאטוילישע קירך פון דעם טראן, אויף וועלכן עס האט זי אוועקגעזעצט אימפעראטאר קאנס־טאנטין דער גרויסער און דער צווייטער, דער איסלאם, וואס האט מיט דעם כח פון דעם נייעם גלויבן, דעם מאכמעדאנישן, א נייע אימ־פעריע אויפגעשטעלט, די אראבישע, וואס האט זיך גענומען פאר־מעסטן מיט רוים און ביזאנץ אינעם גייעג נאך דער דעראבערונג פון אפריקע און שפאניע.

פון זינט די קאטוילישע קירך איז פארוואנדלט געווארן פון א פארפאלגטער אין א הערשערישער, אין דער אפיציעלער קירך פון דער רוימישער אימפעריע, האט זי גענומען אלץ מער אפזונדערן זיך פון דער קרובהשאפט מיט דער אידישער אמונה און מיט אידן און האט גענומען אן אנטייל אין דער רוימישער אידן־פארפאלגונג. און ווען די ערשטע וועסטגאטישע קעניגן באהערשן שפאניע מיט דער ברכה פון דער קאטוילישער קירך, פירן זיי איין אין שפאניע די אנטי־אידישע געזעצן פון דער רוימישער אימפעריע. קעניג אלאריך דער צווייטער, שוין א באקערטער צום קאטאליציזם, גיט דעמאלט ארויס

זיין באַרימטן קאָדעקס (אין יאָר 506) „לעקס ראָמאַנא ווייזיגאָטאָ־רום", וואָס באַשרענקט די אידישע רעכטן און באַשטראָפט מיט טויט און קאָנפיסקאַציע פונעם פאַרמעגן פאַר עובר זיין אויף זיי. דער וויכטיקסטער פונקט אין דעם קאָדעקס איז געווען דער פאַרבאָט פון אידישן ערד־באַזיץ און אידישן באַנוץ פון שקלאַפן און נישט אידישע דינערשאַפט. דער מאָטיוו איז געווען די מורא, אז ביים אידישן האר וועלן זיינע קנעכט ווערן אידן. און דער קאָדעקס האָט געגאָלטן אין דעם וועסטגאָטישן קאַטוילישן שפּאַניע טלעכע הונדערט יאָר.

די קאַטוילישע אמונה, בכלל, אלס „וועלט־גלויבן", אלס אימפּע־ריאַליסטישער, האָט מער נישט געקענט דולדן קיין צווייטן גלויבן נעבן זיך און כאָטש, דער אידישער גלויבן האָט קיין שום אימפּעריאַ־ליסטישע פּרעטענזיעס נישט געהאַט, זיינען אָבער די אידיש-גלויביקע געווען אין חשד ביי די קאַטויליקן אלס פריינטלעך געשטימטע צו די אַנדערש גלויביקע און צו זייערע אימפּעריאַלע שטרעבונגען און מלחמות. די קאַטויליקן האָבן געאייפערט די אידן אין פריינטשאַפט צו די ביזאַנטינער און צו די אַראַבער. געווען איז אַזאַ אייפער אויך ביי ד אַראַבער און ביי די ביזאַנטינער און אידן זיינען געוואָרן אַ דאַנק דעם דאָס אייזן צווישן דעם האַמער און דער קאָוואַדלע.

די דאָזיקע ראָל פון די אידן אין שפּאַניע האָט נישט אויפגעהערט ביז זייער גירוש: סיי אלס חשודע אין פריינטשאַפט צו די אַראַבער און סיי אלס חשודע אין פריינטשאַפט צו דעם אָדער יענעם שפּאַ־נישן פירשט, וואָס האָט פּרעטענדירט אויף דעם קעניגלעכן טראָן. דאָס אידישע לעבן אין שפּאַניע — ווי העל עס זאָלן אונדז איצט נישט גלאַנצן די אַזוי גערופענע גאָלדענע עפּאָכעס פון אַראַביש־אי־דישן און שפּאַניש־אידישן שאַפן, איז דורכגעגאַנגען אַ יאָר־טויזנט פון שטענדיקער רעכטלאָזיקייט און שטענדיקן שרעק אויסגעשאָכטן צו ווערן, אָפּגעגעבן צו ווערן פאַר שקלאַפן צו די נישט-אידן, מיט צוואַנג אויסגעשמדט צו ווערן אָדער אַרויסגעטריבן צו ווערן. אַזעלכע גזירות זיינען אין דער געשיכטע פון שפּאַניע דורכגעפירט געוואָרן היפּשע טלעכע מאָל און אויב אידן האָבן אין שפּאַניע געהאַט אויך רואיקע יאָרן, איז דאָס זעלטן געווען אַ דאַנק דער אמתער טאָלעראַנץ פון די רעגירונגען. געווען איז דאָס אַ דאַנק דער שתדלנות פון רייכע

אידן, צו וועלכע די קעניגן און די פירשטן זיינען אָנגעקומען נאָך הלוואות אויף צו פירן די אומאויפהערלעכע מלחמות או די אומאויפ־הערלעכע בלוטיקע הויף־אינטריגעס. געווען זיינען פאַלן, ווען א קעניג האָט אַרויסגעגעבן א גזירה קעגן די אידן און די פירשטן האָבן זיי געשיצט אָדער ווען איין פירשט האָט גענומען אונטער זיין שוץ די אידן פון א צווייטן פירשטס גוט. אויך די קעניגן האָבן זיך געניטיקט אין שוץ קעגן די פירשטן פּרעטענדענטן אויפן טראָן, מחמת געווען זיינען די שפּאַנישע קעניגן נישט קיין ירושהדיקע, נאָר געוויילטע. פון די פירשטן.

נאָך דער צעפאַלונג פון דער רוימישער אימפּעריע, צוזאַמען מיט דעם פונאַנדערפאַל פון אירע שקלאַפן־לעגיאָנען, איז שפּאַניע, בכלל, געוואָרן דער הויפּט־אָנשפּאַר פון דער קאַטוילישער וועלט־הערשאַפט. דאָס שפּאַנישע פאָלק איז געוואָרן די קאַטוילישע ארמיי. אן ארמיי א פעאָדאַליסטישע, נאַטירלעך, מיט פירשטן-ריטער אלס קריג־פירער, וואָס פירן אין קריג זייערע לאַנדקנעכט. דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט מער פאַרבראַכט אויף די שלאַכטפעלדער ווי אויף די ברויט־פעלדער. אזוי איז עס געווען ביז פערדינאַנד דעם אראַגאָנישן און איזאַבעלא דער קאַסטילישער און אזוי יאָרהונדערטן נאָך זיי. אזוי איז עס גע־ווען ביז דער ענדלעכער פאַרייניקונג פון שפּאַניע און דעם זיג איבער די לעצטע רעשטן אַראַבישע הערשאַפט אין גראַנאַדא און אויך נאָכ־דעם, ווען קאַרל דער פינפטער און פיליפּ דער צווייטער, די האַבס־בורגער, האָבן מיטן כח פון דעם פּויפּסט געפירט די מלחמות קעגן דער לוטעראַנישער און אנגליקאַנישער רעפאָרם, וואָס דאָס מיינט קעגן די פאַרנײַנער פון דער אַלוועלטלעכער הערשאַפט פון דעם פּויבסט און פאַר דער אַלוועלטלעכער הערשאַפט פון שפּאַניע.

אָט דאָס זיינען עס געווען די אידעאַלן פון קעניג פערדינאַנד, פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס האָט מיט אים שותפות געמאַכט, און אָט די אידעאַלן האָבן עס באַוואוינגן פערדינאַנדן און איזאַבעלאַן שיקן די עקספּעדיציע קיין אינדיע און מיט די אידעאַלן האָבן די שפּאַנישע קעניגן דריי הונדערט יאָר געהרשט אין אַמעריקע. דאָס זיינען געווען דריי הונדערט יאָר אויסרויבונג פון די אַמעריקאַנישע לענדער פאַר דער שטענדיק ליידיקער קאַסע פון דער פּויפּסטלעכער ארמיי, וואָס

האָט געטראָגן דעם נאָמען שפּאַניע; דריי הונדערט יאָר טעראָר און אויסראָטונג פון די אַמעריקאַנישע פעלקער; דריי הונדערט יאָר אינקוויזיציע און אומטאָלעראַנץ צו יעדן פרייען געדאַנק.

## III

די געשיכטע האָט צוגעגרייט פאַר איירָאָפּע ווי פאַר אַמעריקע גאָר אַנדערע אידעאַלן און דערין אויך פאַר שפּאַניע און פאַר די לענדער וואָס זי האָט באַהערשט. גראָד דעמאָלט, ווען דער קאַטוילישער קירך און איר שפּאַנישן וואָפן־טרעגער האָט זיך געדאַכט, אַז זיי האָבן דערגרייכט דעם שפּיץ פון זייער מאַכט. אין זייערע הענט איז שוין געלעגן כמעט דער גאַנצער נייער קאָנטינענט און אַ האַלב איירָאָפּע, איז שוין אָנגעוואַקסן געווען סיי אין איירָאָפּע און סיי אין אַמעריקע אַ גאַנץ נייע וועלט, מיט גאַנץ נייע באַגריפן, וואָס אָנגערופן האָט מען זיי באַנייטע, ווידערגעבוירענע, רענעסאַנס פון דער גריכישער קונסט און גריכישן וויסן, נאָר געמיינט האָט דאָס פרייע, באַפרייטע פון דעם יאָך פון דער קאַטוילישער קירך, וואָס האָט געהאַלטן דעם מענטשן און דאָס מענטשלעכע שאַפן דערשטיקט אונטער דעם מאַנטל פון אירע פּאַראַליזירנדיקע דאָגמען.

אין דער צייט ווען די איירָאָפּעאישע קעניגן און פירשטן זיינען פאַרנומען געווען מיט די שטענדיקע מלחמות צווישן זיך און געוואָרפן אין די שלאַכטן זייערע לאַנד־קנעכט אין נאָמען פון די אָדער יענע הייליקע דאָגמעס און כדי צו באַפרידיקן זייערע אייגענע רויב און הערשאַפט־אַמביציעס, זיינען אין די שטעט געוואַקסן האַנדל און מלאכה, וואָס זיי גופא, די קעניגן און די פירשטן, האָבן פּריווילעגירט אַלס די ליפעראַנטן פון געווער און פון צירונג, פון געווירצן און זאַלבן, פון פאַרווײַלונגען און באַפּוצונגען. און אויך פאַרוואַלטער פון זייערע גיטער האָבן זיי באַדאַרפט און אין הלוואות האָבן זיי זיך גענויטיקט אויף צו פירן זייערע מלחמות און הערשאַפט־אינטריגעס און אויפגעקומען זיינען די מלווים אויף פּראָצענט, די באַנקירן... אַלץ אַ נייער קלאַס מענטשן, פרייע, וואָס האָבן זיך אַלץ מער און מער אַרויפגעאַרבעט און גענומען זיך פאַרמעסטן אין רייכקייט, אין דערצויונג־

קיים, מיט דעם אדל. פרייע, באוועגלעכע, אויף רייזעס אין ווייטע לענדער, נישט געבונדענע צום איינגעזעסענעם קירכלעכן שטייגער. האָבן זיי אריינגעבראכט וועלטלעכקייט אינעם לעבן, אינעם געשמאק פון דער קליידונג און פון די שטוב־זאכן, אין זייערע פארוויילונגען, אין זייער מלאכה. נייע לידער האָט מען געגומען זינגען, לוסטיקע, פריוואָלע... און אָט דער נייער געשמאק האָט אָנגעשטעקט און פאר־פלייצט די הייזער פון דעם אדל און דערנאָך אפילו די פויפסטלעכע הייזער און די קלויסטערס. דער רענעסאנס איז געקומען: די דרוקעריי, די וועלטלעכע בילדונג, די קונסט און וויסנשאפט, די נייע וועלט. און זייער כאראקטעריסטיש איז עס, וואָס דער צענטער פון וואנען די פויפסטן האָבן געצויגן די פעדים פון די יענצייטיקע וועלט־מלחמות, איטאַליע, איז אויך געוואָרן דער גרעסטער צענטער פונעם וועלט־האנדל, דער גרעסטער צענטער פון קונסט און וויסנשאפט און פון דער מאָדערנער ליטעראטור, פונעם דרוק-וועזן, פונעם טעאַטער, פון דער וועלטלעכער קולטור. פון איטאַליע אויס האָט דער האנדל און די מלאכה און די וועלטלעכע קולטור זיך געשפרייט איבער דער וועלט, איבער דייטשלאנד און האָלאנד, איבער פראנקרייך און ענגלאנד.

אָנגעקלאפט האָט דער רענעסאנס אויך אין די טירן פון שפּאַ־ניע און זיך געריסן אהין מיט אלע כוחות. נאָר אהין, אין דער קאַ־זארמע פון דער קאַטוילישער וועלט־ארמיי האָט מען אים נישט דער־לאָזט. אהין האָט מען, פארקערט, פון רוים אויס געהאָלפן פארפלייצן דאָס לאנד מיט גרענעצלאָזן פאנאטיזם און דער עיקר קולטיווירט א מאַנאַכן־ווירטשאפט, וואָס האָט ארונטערגעפירט די שפּאַנישע ערד אלץ מער און מער אונטער דער קירך און אין דער זעלבער צייט איינ-געפירט א קולט פון בעטלעריי. די אומאויפהערלעכע מלחמות האָבן ארויסגעוואָרפן פון זיך אומאויפהערלעכע רייען קאַליקעס, האָבן נישט אויפגעהערט דעמאָראליזירן די לאנד־קנעכט און אָפּגעוויינען זיי פון ארבעט, האָבן געבראכט מיט זיך עפּידעמיעס און וואו ערגעץ אַן אָנשטעקנדיקע קראנקייט האָבן זי דעם פויבסטס ריטער און זעלנער פארשלעפּט קיין שפּאַניע אויף זייער צוריקקער פון די ווייטע לענדער. דאָס אלץ איז געווען שפּייז פאר דער קריסטלעכער ליבע און רחמנות, וואָס האָט געהויזט בשלום מיט דעם האס און מיט דער אומטאָלע־

ראַנץ צו אַלץ וואָס טרעט אָפּ איין שריט בלויז פון די קריסטלעכע פאַרשריפטן און מנהגים. די שטעט, מיט זייער האנדל און מלאכה, וואָס אין אַנדערע לענדער זיינען זיי געווען אַ קוואַל פון וועלטלעכ־קייט, אלס צענטערס פון אַן אויפגעקומענעם נייעם קלאַס, וואָס האָט געקעמפט פאַר זיין געזעלשאַפטלעכער באַדייטונג און ווירקונג קעגן דער מאַכט פון די פירשטן און פונעם קלער, זיינען אין שפּאַניע, לייד־דיקע און אָרימע, געווען אַ געווער אין דער האַנט פון דער קירך און פון די קירכלעכע קעניגן. דאָ זיינען די הענדלער און באַלמעלאָכעס אָרגאַניזירט געווען אין „הייליקע ברודערשאַפטן", וואָס פלעגן נאָכ־גיין מיט הייליקע בילדער און צלמים, גלייך מיט די מאָנאַכן־ברו־דערשאַפטן בעת די פּראָצעסיעס פון דעם אויטאָ־דע־פע, אויף וועלכע מען האָט לעבעדיקערהייט געבראָטן די אפּיקורסים און די געצוואונ־גענע משומדים, וואָס מען פלעגט זיי פאַרמאַסערן אַז זיי היטן אָפּ אין געהיים די אַלטע מנהגים. געווען זיינען, אגב, אָט די „הייליקע ברודערשאַפטן" פון די שטאָטישע הענדלער און באַלמעלאָכעס אין שפּאַניע, אַ געצייג אין די הענט פון די קעניגן קעגן די אידן, אלס אויספירער פון די פּאָגראָמען, פון די שחיטות, וואָס די קעניגן פלעגן אָרגאַניזירן פון צייט צו צייט צוליב קאָנפיסקאַציע־צוועקן און כדי אונטערצוציאָגן זייער אויסשמאַדונג.

דער גירוש פון די אידן איז געווען, קען מען זאָגן, אַ קולמינאַנ־טער פונקט פון דער קאַטוילישער רעאַקציע, אַ פאַרצווייפלט מאָס־מיטל קעגן דער וועלטלעכקייט, וואָס האָט זיך געריסן דורך טיר און דורך טויער קיין שפּאַניע צוזאַמען מיט דעם דרויסנדיקן האַנדל; קעגן דער וועלטלעכער קונסט און די וועלטלעכע וויסנשאַפטן, אין וועלכע אידן האָבן זיך אריינגעוואָרפן און אָנגעשטעקט מיט זייער ביישפּיל די רייכע שפּאַנישע פאַמיליעס, די פירשטלעכע הויפן.

דאָס געזאָגטע איז נישט בלויז אַ השערה, וואָס דרינגט ארויס פון דער לאָגיק פון דער שפּאַנישער געשיכטע, נאָר איז אויך באַ־גרינדעט אויף דאָקומענטן. פאַר אונדז דינט אלס דאָקומענט דער ספר „אגרת מוסר", געשריבן אין 1415 פון דעם פּאָרטוגעזישן רב רבי שלמה אַלאַמי אָדער אַלעמי, אַן עדות פון די שחיטות און שמד־גזי־רות אויף אידן אין קאַטאַלוניע, אַראַגאָן און קאַסטיליע אין יאָר

1391, בעת וועלכן עס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן, לויט דער עדות פון דעם יעזואיטישן היסטאָריקער פידעל פיטא, העכער 4.000 אידן און עטלעכע צענדליק טויזנט האָבן זיך געראַטעוועט מיט שמד. דער רב זעט דעם אומגליק אינעם פאַלן פון אידישקייט און ער קלאָגט זיך דאָרט, אז עטלעכע געבילדעטע און רייכע אידן האָבן זיך אריינ־געלאָזט אין פילאָזאָפיע אָדער אין פילפּל, בויען זיך פּאַלאַצן און טוען זיך אָן פירשטלעכע פאַרגעניגנס, בעת דאָס פאָלק עסט זיין ברויט מיט נויט און פּיין... דאָס באַווייזט, אז די אידישע קולטור אין שפּאַ־ניע, איז נישט באַשטאַנען בלויז פון דעם רמב"ם און רבי שם טובס ראַציאָנאַליזם און אריסטאָקראַטעליזירונג פון דעם יהדות און אין דער מיסטיק פון משה דע לעאָנס „זוהר" און משיח־וויזיעס פון אברבנאל און זיין דור רבנים, נאָר אויך אין דעם גבירישן „פריקת עול", מיט וועלכן עס האָט זיך אָנגעהויבן די רעאַקציע פון דער וועלטלעכער קול־טור קעגן דער קירכלעכער אינעם מיטלאַלטער. און דאָס באַווייזט אויך, ווי אזוי די וועלטלעכקייט האָט זיך דורך זיבן שלעסער אריינ־געריסן אויך קיין שפּאַניע.

די עקספּעדיציע פון **ק אָ ל ו מ ב ו ס  ק י י ן  א י נ ד י ע**, אויסגעשטאַט פון די שפּאַנישע קאַטוילישע קעניגן מיט דעם ציל אויסצופּילן מיט גאָלד פון אינדיע די אויסגעליידיקטע שאַצקאַ־מער נאָך דער זיגרייכער מלחמה מיט די מאָרן פון גראַנאַדאַ אויף דעם חשבון פון דעם קאָנפיסקירטן פאַרמעגן פון די פאַרטריבענע אידן, איז דאָך אויך מעגלעך געוואָרן אַ דאַנק דעם פאָרשריט פון דער וויסנשאַפט, ספּעציעל אין דער וויסנשאַפט פון דער אַסטראָנאָמיע אין וועלכע אידן זיינען געווען גאָר היפּש פאַרטראָטן און די דערפינ־דונגען פון אידישע געלערנטע. קאָלומבוס האָט זיך באַנוצט, ווי עס דערווייזט שטיינשניידער, מיט אברהם אבן עזראָ'ס אַסטראָנאָמישן ווערק „דע לומינאַריבוס עט דיעבוס קריטיציס", מיט דעם ווינקל, וואָס איז דערפונדן געווען פון רבי לוי בן גרשון (רלב"ג) און האָט געטראָגן דעם נאָמען „יעקבס שטעקן", ווי מיט זיין אייביקן לוח און מיט דעם מעסט־אינסטרומענט וואָס אברהם זאַקוטאָ האָט דער־פונדן. די דאָזיקע וויסנשאַפט איז ענג פאַרבונדן געווען מיט דעם פאָרשריט פון דעם האַנדל און פון די ים־רייזעס. אויך דערין באַשטייט

דער טיפער ווידערשפרוך צווישן דעם ציל פון דער רייזע און די מיט־לען מיט וועלכע זי האט זיך באנוצט. דאס איז א טייל פון דעם גוואל־דיקן ווידערשפרוך צווישן די צילן און די רעזולטאטן פון דער דאזיקער עקספעדיציע, פון וועלכער עס איז ארויסגעקומען די אנטדעקונג פון אמעריקע. „מעז יצא מתוק" האט שמשון פארמולירט זיין רעטעניש וועגן דעם בינשטאק וואס ער האט געפונען אין דעם שארבן פון דעם טויטן לייב. אזוי איז זי די געשיכטע. אירע געשעענישן זיינען פאר־פלאנטערט און סתירהדיק. זיי שטעלן אונדז שטענדיק פאר אזעלכע פראבלעמען ווי צדיק ורע לו רשע וטוב לו. נאר פון די פינצטערסטע צילן, ברענגט זי ארויס די ליכטיקסטע דערגרייכונגען, פונקט ווי אירע העכ־סטע בנינים טראגן אין זיך זייער חורבן.

## IV

געקענט האט זיך דאכטן, אז מיט דעם מאמענט, מיט דעם גי־רוש, גייען זיך אויף אייביק פונאנדער די וועגן פון שפאניע און די אידן; פון איין זייט גייט שפאניע, א באפרייטע פון אידן און פון דער מארישער הערשאפט, איר וועג פון הייליקער דינסט דער ערדי־שער מאכט פון דעם רוימיש־קאטויליש־אפאסטאלישן הימל און פון דער אנדער זייט גייען די אידן אויפן וועג צום טייוול, וואס פירט אלע אומגלויביקע און אפיקארסים, די ביזאנטינער, די מוסולמענער אא"וו, גלייך אין גיהנום אריין... אבער, ניין, די געשיכטע האט זיך אונטער־גענומען זיי ביידן, אויף א געוויסן מרחק פון יענעם מאמענט, צונויפ־צופירן און גראד אויפן וועג צו איין איינציקן ציל. צונויפגעפירט האט זי זיי אין אמעריקע און אפילו אין שפאניע גופא צוליב דער בא־פרייונג פון די פעלקער, צוליב דער באפרייונג פון דעם מענטשן און זיין ארבעט. קאנקרעט, צוליב דער באפרייונג פון אונטער דער קאטוילישער שפאניע און אירע פערדינאנדישע אידעאלן.

לאנג האט געדויערט ביז דאס איז געשען. דריי יארהונדערטן, קען מען זאגן, איז שפאניע געשטאנען טריי אויף איר פאסטן פון דער הייליקער דינסט. איר גאנצן וועזן, אירע מענטשן, אירע רייכטימער, האט זי אריינגעווארפן אין די מלחמות פאר דעם קאטוילישן גלויבן.

דעראָבערט האָט זי און באַהערשט דרום און צענטראַל אַמעריקע, באַ־הערשט און איינגעפּלאַנצט אין זיי דעם זעלבן גייסט וואָס אין דער מעטראָפּאָליע און אויך זיי געשטעלט אין דעם זעלבן דינסט. געווען זיינען מאָמענטן אין דער געשיכטע פון ש פּ א נ י ע, ווען זי האָט ממש געגלאַנצט אַלס אויסדרוק פון מאַכט, אין דער שיין פון די שווין דערמאָנטע פּערדינאַנדישע אידעאַלן, באַזונדערס צום סוף הערשאַפט פון פּיליפּ דעם צווייטן. מיט אַלע כוחות האָט די דאָזיקע שפּאַניע זיך אַקעגנגעשטעלט יעדער אפּיקורסות און יעדער גייסטיקער באַ־נייונג, וואָס האָט זיך געריסן אהין פון דער רענעסאַנסיסטישער אי־טאַליע, פון דעם רעפאָרמיסטישן דייטשלאַנד און שפּעטער פון דעם ראַציאָנאַליסטישן פראַנקרייך, און פאַרשטענדלעך אויך קעגן יעדער ווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פונעם לאַנד, וואָס זי האָט פּשוט אומ-מעגלעך געמאַכט.

עריק מאַרקס שילדערט מיט אַט די ווערטער די שפּאַניע פון פּיליפּ דעם צווייטן, דעם קעניג וואָס האָט מיט דעם גרעסטן אייפער געדינט דער אידייע פון דעם קריגערישן, מאָנאַרכישן און קאַטוילישן שטאַט: „דער גייסט פון אָט דעם שטאַט האָט דורכגעדרונגען דאָס גאַנצע שפּאַנישע פאָלק. פאַרברידערט מיט דער אינקוויזיציע, האָט עס געפירט א קאַמף קעגן יעדן אומגלויבן, אינעווייניק ווי אינדרויסן; עס האָט זיך אָנגעצונדן מיט דער ריינקייט פון זיין ערד און פון זיין בלוט, האָט ארויסגעטריבן די אידן, האָט געפאָדערט אַרויסצוטרייבן די מאָרן, כאָטשע זיי זיינען שוין געהאַט אריבער צום קריסטנטום און זיינען געווען די אייגנטלעכע ערדארבעטער, האָט געבראַכט צום אויפשטאַנד פון די מאָרן אין 1566, וואָס האָט זיך פאַרענדיקט מיט א מפּלה, מער פאַר די שפּאַניער ווי פאַר די מאָרן. נישט דער אַקער־אייזן, נישט דאָס באַלמעלאָכישע געצייג, נאָר די שווערד און דער צלם זיינען גוט געלעגן אין די הענט פון די שפּאַניער, וואָס האָבן אין אַלץ געזוכט דעם האָנער. דאָס איז געווען דער טראַדיציאָנעלער לעבנס שטריך; נצחון, עקספּאַנסיע האָבן זינט 1490 (דער קרייצגאַנג אויף גראַנאַדאַ) אומדערמידלעך באַגייסטערט דעם שפּאַניער. שפּאַניע האָט געוואָונען אַמעריקע, האָט דעראָבערט די אַנדן־בערג און האָט זי יורידיש און אדמיניסטראַטיוו אָרגאַניזירט; איבערהויפּט האָט זי

זי באַהערשט. אויך אין אַמעריקע איז אירווירטשאַפט געווען אַן איבערפלעכלעכע, אינעם גייסט ווי אינעם מענטשן־צאָל (פּשוט גע־רעדט, רויב-ווירטשאַפט — פּ. ק.); שפּאַניע האָט פונדעסטוועגן איינ־געאָטעמט אין די לענדער איר קולטור, איר קונסט, איר פּאָליטישע און קירכלעכע פאָרעם, דעם גאַנצן קאָלאָריט פון איר ראַסע און געעפנט דעם וועג פאַר אַ גרענעצלאָזער אַנטוויקלונג. פאַר דער מעטראָפּאָליע אָבער איז די נייע וועלט קיין ברכה נישט געווען. אַ סך לעבעדיקע כוחות האָט זי פון וועג אַראָפּגעפירט, האָט אין זיי געשטאַרקט דעם אַוואַנטוריסטישן און ריטערלעכן גייסט. צו פרי איז אַמעריקע געקו־מען פאַר דער שפּאַנישער ווירטשאַפט, זי איז נישט צוגעגרייט געווען צו די ווירטשאַפטלעכע פּראָבלעמען. געגרינדעט האָט זי דעם „קאָנ־סעכאָ דע לאַס אינדיאַס" צוליב דעם מאָנאָפּאָל אויפן האַנדל, נאָר ס'איז איר נישט געלונגען. אויסלענדער האָבן איבערגענומען דעם האַנדל, און דאָס געלט וואָס איז געפלאָסן פון אַמעריקע, דער עיקר דורך פּערו, קיין שפּאַניע האָט גאָרנישט פּראָדוצירט. אין שפּאַניע איז גע־שטיגן דער יקרות און געפאַלן די אַרבעט. דאָס לאַנד איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלץ מער אָפּהענגיק פון די שכנים, פון די שונאים אפילו. די שיפן מיט גאָלד וואָס זיינען געגאַנגען פון אַמעריקע האָבן אפילו נישט געקלעקט אויף די מלוכה־הוצאות. פּונקט ווי זיין פאָטער (ווי קאַרל דער פינפטער), האָט דער קעניג זיך געמוזט ווענדן נאָך הל־וואות צו די באַנקירן פון גענוא, אויגסבורג און אַנטווערפּן און האָט ביי זיי פאַרזעצט די שפּאַנישע ערד, דערהויפּט די מינעס. דריי מאָל אין משך פון צוואַנציק יאָר האָט ער באַנקראָטירט און די באַנקירן האָבן איבערגענומען די רענטע און דער שפּאַנישער קרעדיט איז גע־פאַלן גראָד דעמאָלט ווען די מלחמות האָבן פאַרשלונגען אַלע הכנסות. די מלוכה האָט אַלץ געהעכערט די שטייערן און די שטייערן האָבן אָפּגעטויט יעדן חשק צו אַרבעט..."

פון דער קורצער שילדערונג איז צו זען, אַז די גרויסקייט־אידע־אַלן פון דער קאַטויליש-מאָנאַרכיסטיש־קריגערישער שפּאַניע האָבן אין זיך גופא געטראָגן דעם צעפאַל און אָט די זוימען פון אונטערגאַנג האָבן אַזוי לאַנג אונטערגעגראָבן די שפּאַנישע אימפּעריע ביז זי איז זיך צעפאַלן און די אַמעריקאַנישע לענדער זיינען פריי געוואָרן זיך

צו פאַרנעמען אויף אנדערע וועגן פון עקאָנאָמישן און גייסטיקן לעבן.

ס'איז פון דעסט וועגן, א טעות צו מיינען, אז דאָס שפּאַנישע פאָלק האָט געדולדיק געטראָגן אָט דעם גורל און אז די „בינעזישע מויער" וואָס די שפּאַנישע קעניגן און די קאַטוילישע קירך האָבן אוועקגעשטעלט קעגן דעם גייסט פון דער צייט, האָט טאַקע אויסגעהיט די שפּאַניער, סיי אין דער מעטראָפּאָליע און סיי אין אמעריקע, פון אָנגעשטעקט ווערן מיט אלערליי אפּיקורסות. פאַרקערט, וואָס שטאַרקער עס איז געווען דער דרוק פון די קעניגן, אַלץ שאַרפער איז געווען דער פּראָטעסט פונעם פאָלק און וואָס מוראַדיקער די פּייניקונגען פון דער אינקוויזיציע, אַלץ זיסער געוואָרן זיינען די פאַרבאָטענע פרוכט פון דער בילדונג, פון דער קונסט, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה דורך די שפּאַלטן פון די קאָנוועגט־מויערן. ווי אונדזערע אידישע ישיבה־בחורים אין דער השכלה־צייט, וואָס האָבן אונטער די טאָוולען פון די גמרות אויסבאהאלטן די טריף־פּסולדקע העברעישע און רוסישע ביכלעך, אזוי האָבן די שפּאַנישע מאָנאכן אויסבאהאלטן דאַנטע און באָקאַטשיאָ, רייכלין און עראַזם און שפּעטער אויך דעקאַרטן און די ענציקלאָפּעדיסטן. די גרויסע שפּאַנישע דיכטער זיינען פון זיי ארויסגעקומען, פון קאַלדעראָן דע לאַ באַרקאַ ביז גאַרסיא לאָרקאַ.

מערקווירדיק איז, אז אין דעם לאַנד פון דער שטאַרקסטער קאַטוילישער אומטאָלעראַנץ און מאָנאַרכיסטישן אבסאָלוטיזם, האָט אויך געברויזט די העכסטע רעבעלישקייט פון די פאָלקס מאסן.

שפּאַניע האָט דעם כבוד צו זיין דאָס ערשטע פון די אייראָפּעאישע לענדער, וואו דאָס פאָלק האָט געפאָדערט די קאָנסטיטוציאָנעלע מאָנאַרכיע, די באַגרענעצונג פון דער קעניגלעכער מאכט דורך דעם פּאַרלאַמענט. געווען איז עס באַלד, ווי קאַרל דער פינפטער האָט נאָכן טויט פון פערדינאַנד דעם אראַגאָנישן איבערגענומען דעם שפּאַנישן טראָן. די שטאָט־געמיינשאפטן פון קאַסטיליען (קאָמונידאַדעס דע קאַסטיליא) און נאָך זיי די שטאָט־געמיינשאפטן פון אראַגאָן און קאַטאַלוניע, האָבן צוגעשטעלט דעם קעניג צום אונטערשרייבן א סטאַטוט (קאַפּיטולאָס דעל רעינאָ), לויט וועלכן אַלע זיינע באַשלוסן מוזן האָבן די צושטימונג פון די „קאָרטעס" (פּאַרלאַמענט). פון דער דאָזיקער באַוועגונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גאַנץ שפּאַניע און האָט זיך פאַר-

וואנדלט אין אן אויפשטאנד, איז ארויסגעקומען דער אויפשטאנד פון די וואלענסיער ארבעטער, די „קאָמונעראָס", וואָס איז בלוטיק אונ־טערדריקט געוואָרן, אָבער האָט איבערגעלאָזט אין שפּאניע א שארפן שפּור אויפן גאנצן לעבן: די שפּאנישע רעבעלישקייט.

די זעלבע „הייליקע ברודערשאַפטן", וואָס פלעגן נאָכגיין די אויטאָ דע פע־פּראָצעסיעס און אָנטיילנעמען אין די פּאָגראָמען און שחיטות אויף יידן, האָבן דערנאָך געמאַכט אויפשטאנדן קעגן די קע־ניגן, קעגן די פירשטן און געהאלטן דאָס לאנד אין שטענדיקן אינער־לעכן ברויז. מיר לייענען איצט סערוואנטעסן און לאָפּע דע וועגא, מענטשן פון דעם שפּאנישן גלאַנץ פּעריאָד, דעם פּעריאָד פון קארל דעם פינפטן און פיליפּ דעם צווייטן, אליין באַטייליקטע אין זייערע מלחמות און מיר שטייען פארוואונדערט איבער דער אָרימקייט און נאָך מער איבער דער רעבעלישקייט, וואָס זיי שילדערן. דער אדלמאן, דער ריטער דאָן קיכאָט דע לא מאַנטשאַ, איז אָרים ווי א מויז און עסט יעדן פּרייטיק קדחת אין א קליין טעפּעלע, ווי מען פלעגט זאָגן אין קאַבצאַנסק און איז געוואָרן א זוכער פון יושר און גערעכטיקייט און קעמפט דערפאר מיט אזא קאָמישן ערנסט. און וויפל געזונטע לעבנס חכמה און וויפל חוזק איבער זיין באלעבאָס עס איז פאראן אין דער באציונג צו אים מצד זיין וואָפנטרעגער, דעם פּראַקטישן סאנ־טשאָ פּאַנצא, ווי ביי די פּשוטע שפּאנישע פאָלקס מענטשן אין די דראַמעס פון דעם מחבר פון „שעפּסן־קוואל", וואָס זיינען דערצו נאָך פול מיט רעוואָלט!

דאָס האָט די געשיכטע געגרייט די נקמה־נעמער פאר דער פאר־גוואלטיקונג פונעם שפּאנישן פאָלק. דאָס זיינען די רעבעלישע עלטער־זיידעס פון שפּאניש־אמעריקאנישע קעמפער קעגן דער שפּאנישער הערשאַפט פון אמעריקע, פון מאַריאַנאָ מאָרענאָ און ריוואדאוויא, פון סאן מארטין און באָליוואר, מיראנדא, מארטי און זייערע חברים, פון פערמין סאלוואָטשעא, פון כאָאַקין אבּרעו, פערנאַנדאָ, גאררידאָ, סיקסטאָ קאמארא, פּאבלאָ איגלעסיאַס, פון די אסטוריעסער קעמפּע־רישע ארבעטער, פון די שפּאנישע רעפּובליקאנער, סאָציאליסטן, אנארכיסטן און קאָמוניסטן, די גרינדער פון דער שפּאנישער רעפּוב־ליק און אירע העלדישע פאַרטיידיקער. ווער וואָלט עס דעמאָלט גע־

זאָגט, אז פון די צלמים-טרעגער נאָך די אויטאָ דאַ פע־מאַניפעסטאַ-
ציעס וועלן אַרויסקומען די שפּעטערדיקע קלויסטער־צינדער און אז
מאדריד און טאָלעדאָ און גוואדאלאַכארא וועלן נאָך אַמאָל פּארטיי-
דיקט ווערן פון א אידישן באטאליאָן, פון דעם נאפטאָלי באָטווין־באַ־
טאַליאָן, אָן וועלכן עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אידישע יונגעלייט פון
אַלע עקן וועלט, פון אייראָפּע און פון אמעריקע, פון פּאַלעסטינע און פון
אַרגענטינע!

די ווירקונג פון דער צייט איז נישט געגאַנגען לאיבוד אויך אויף
דער אָפיציעלער שפּאניע, אויף אירע רעגירער; שוין אין יאָר 1796,
ווען שפּאניע איז צום איבעריקן אויסגעשעפּט געווען פון דער „מל־
חמת־מצווה”, וואָס די אייראָפּעישע רעאַקציאָנערע קאָאַליציע האָט
געפירט קעגן דער רעפּובליקאַנישער פראַנקרייך, האָט קאַרל דעם
פערטנס מיניסטער, פּעדראָ ווארעלאַ, אים געראָטן שלום צו מאַכן מיט
די אידן, מיט די רייכע, נאַטירלעך, וואָס זאָלן אויפלעבן דאָס לאַנד.
און אין זיין מעמאָראַנדום צום קעניג, האָט ער זיך שוין דערלויבט
צו שרייבן אַזעלכע אַפּיקאָרסישע ווערטער, וואָס בלויז מיט איין צענד־
לינג יאָר פריער וואָלט ער פאַר זיי אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער
אינקוויזיציע.

„אַלטע פאָרורטיילן — האָט ער דאָרט געשריבן — דאַרפן איצט
אָוועקגעלייגט ווערן אָן א זייט, דער ביישפּיל פון אנדערע אייראָפּע־
אישע מלוכות טאָר נישט גיין פאַרלוירן פאַר אונדז אומזיסט... אויב
מיר זאָלן דערלויבן אייניקע גרויסע אידישע געשעפט־הייזער זיך באַ-
זעצן אין שפּאניע, וועט דאָס זיין א באַווייז פון אונדזער פאַרלאַנג
צו לאָזן זיך אויף א נייעם וועג אין דער פראַגע וועגן אידן און די
דאָזיקע ראַסע, אין געיעג נאָך רייכקייט, וועט זיך א לאָז טון צו דעם
לאַנד, וואו זי האָט אַמאָל פאַרנומען אַזא הויכע לאַגע, אינעם מאַטע־
ריעלן, ווי אין גייסטיקן זין”. דעם פאָרשלאַג וועגן די אידן האָט דער
קעניג אָפּגעוואָרפן, נאָר אויף א הנחה איז ער איינגעגאַנגען: מיט א
דעקרעט פון 7טן סעפּטעמבער 1797, האָט ער דערלויבט זיך באַזעצן
אין לאַנד סוחרים און פאַבריקאַנטן פון „נישט קאַטוילישן גלויבן”. אין
1868, האָט שוין שפּאניע פּראָקלאַמירט פרייהייט פון געוויסן און
גלויבן און דער באַשלוס איז אַריין אין דער שפּאַנישער קאָנסטיטו־

ציע פון 1869. אין 1906 האָט שוין שפּאַניע עפנטלעך דערקלערט „איר פרייד" מיט דער פּראָקלאַמירונג פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ אין מאַ־ראָקאָ. צו יענער צייט קומט אויף די באַוועגונג פון דעם שפּאַנישן סענאַטאָר פּולידאָ װעגן פּאַרריכטן דעם פּעלער, וואָס שפּאַניע איז באַגאַנגען לגבי די אידן אין 1492. אונטער דער רעגירונג פון דעם ליבעראַלן פּרעמיער קאַנאַלעכאַס װערט שוין א איד (אַ מאַדרידער באַנקיר מיטן נאָמען גוסטאַוו באַוער) אויסגעקליבן פאַר דעפּוטאַט. אין די יאָרן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה קלויבט זיך אריבער מ. נאָרדוי פון פּאַריז קיין מאַדריד און ברעכט דערמיט עפנטלעך דעם חרם, וואָס די „גולי ספרד" האָבן אַרויפגעלייגט אויף דעם לאַנד, וואָס האָט זיי אַזוי ביטער באַהאַנדלט. שפּעטער מאַכט די אַרגענטינער אי־דישע קינסטלערן פון שפּאַנישער וואָרט־קונסט, בערטאַ זינגערמאַן, אירע טורן איבער שפּאַניע און זי װערט געפייערט פון דער שפּאַנישער אריסטאָקראַטיע ווי פון דער גאַנצער שפּאַנישער אינטעליגענץ און פּרע־סע ,נישט אַזוי אַלס אַרגענטינישע ווי אַלס אידישע קינסטלערן...

מער אָבער נאָך ווי אין שפּאַניע גופא, האָט דער צייט־גייסט גע־אַרבעט קעגן די אידעאַלן פון פערדינאַנד און איזאַבעלאַ, אין די קאָ־לאָניעס פון דער שפּאַנישער אימפּעריע, אין „די אינדיאַס", אין דער „נייער שפּאַניע". אין דער שפּאַנישער אַמעריקע, וואָס די קאַטוילישע רעגירער האָבן געהאַלטן אָפּגעשלאָסן פאַר די אידן, ווי פאַר נישט־שפּאַניער און נישט־קאַטוילישן בכלל אין משך פון דריי יאָרהונדערטן, אָפּגעשלאָסן פאַר פרעמדן האַנדל און פרעמדער בילדונג האָט אויך די צייט געטון אירס, נישט געקוקט אויף די געשפּאַרטע האַפנס און אויף די דראָונגען פון דער אינקוויזיציע. דורך קאָנטראַבאַנד, דורך אַלערליי אומלעגאַלע װעגן האָט די שפּאַנישע אַמעריקע געהאַנדלט מיט דער װעלט און זיך געבילדעט. די פירער — באַפרייער פון די לענדער, באָליוואַר און סאַן מאַרטין, אָ'היגינס, פראַנציסקאָ מיראַנ־דאַ... מאַריאַנאָ מאָרענאָ און זיינע צייט־חברים אין אַרגענטינע ווי אין די אַנדערע אייראָפּעיש־געבילדעטע מיט דער קולטור און מיט די אידייען פון די פראַנצויזישע דענקער און דיכטער. און נישט אַלע האָבן זיי געלערנט אין אייראָפּע. נאָר געווען זיינען דעמאָלט פּריוואַ־טע ביבליאָטעקן נאָר רייכע אין די הייזער פון דער געבילדעטער אַרים־

מאָקראַטיע, וואָס האָבן נישט פאַרפעלט צו באַקומען די לעצטע נייעסן אין דער אַנטוויקלונג פון דעם אייראָפּעישן גייסט. וואָלטעריאַנער, רוסאָניאַנער, האָבן זיי זיך גערופן, די פאָרגענגער פון מאָרענאָ, ריוואַ־דאַוויאַ, עטשעווועריאַ, סאַרמיענטאָ און אַלבערדי, פון מיטרע און ראָקאַ, פון די וואָס האָבן שפּעטער צעעפנט דאָס פאַרשלאָסענע לאַנד פאַר דער פרייער איינוואַנדערונג און דערין אויך פאַר די אידן; פון די וואָס האָבן פאַרוועלטלעכט דאָס פאַרקלויסטערטע לעבן פון די לענדער און געשאַפן זייערע דעמאָקראַטישע קאָנסטיטוציעס; פון די וואָס האָבן פאַרזיכערט די לענדער זייער קולטורעלע און סאָציאַלע אַנטוויקלונג.

די גרעסטע נקמה פון דער געשיכטע אָן דעם אידישן גירוש פון שפּאַניע, איז די גרינדונג פון די נייע אידישע ישובים אין די אַמעריקאַנישע לענדער, וואָס האָבן מורד געווען אין זייערע שפּאַנישע מושלים און זיך דערקלערט פאַר פרייע רעפּובליקן.

.5

דעם וועג פון די אידן זינט דעם גירוש פון שפּאַניע ביז זיי האָבן זיך ווידער צונויפגעטראָפן מיט די שפּאַניער — דעם תיקון־וועג פון אָט דער מוראַדיקסטער סתירה אין דער אידישער געשיכטע — איז אַ סך שווערער דורכצולויפן אַזוי שנעל ווי דעם וועג פון די שפּאַניער צו די אידן. דאָס זיינען 400 יאָר אידישע געשיכטע דורכגעמאַכטע אין פאַרשידענע לענדער. די אינטענסיווסטע פיר הונדערט יאָר געשיכטע, פול מיט נעראַנגל, מיט אויפקום און אומקום, מיט מאַטעריעלע און גייסטיקע אומוואַנדלונגען, מיט אויפריכטונגען און צערונענע האָפענונגען און דער עיקר מיט וואַנדערונגען, מיט די וואַנדערונגען און האָפענונגען וואָס האָבן געפירט טויזנטער אידן צו די ברעגעס פון פּלאַטאַ און צו די אַנדער שפּאַניש־אַמעריקאַנישע לענדער.

לויט גרעצן זיינען אין 1492 אַרויסגעטריבן געוואָרן פון שפּאַניע 235.000 אידן, אַ חוץ 100.000, ווי בערנאַלדעס זאָגט און 120.000 לויט זאַקוטאָ, וואָס זיינען באַצייטנס אַריבערגעלאָפן קיין פּאָרטוגאַל. פון די פאַרטריבענע זיינען לויט גרעצן 5.000 באַלד אוועק

קיין אמעריקע. מיר ווייסן נישט וואו זייער געביין איז אהינגעקומען, פונקט ווי מיר ווייסן נישט וואו עס זיינען אהינגעקומען און מיר נעמען דעריבער נישט אריין אין חשבון די אלע אידן וואָס זיינען געקומען קיין שפאניש אמעריקע ביז דער פאַרמירונג פון די איצטיקע אידישע ישובים און זיי זיינען אויפגעלייזט געוואָרן, נישט לאָזנדיק נאָך זיך קיין שפור, צווישן דער איבעריקער באפעלקערונג. 50 טויזנט פון די פארטרי־בענע האָבן זיך אויסגעשמדט און 20 טויזנט זיינען אומגעקומען אין וועג. 90.000 זיינען אוועק אין דער דעמאָלסטיקער אייראָפּעישער טערקיי, 25 טויזנט קיין האָלאנד, 20 טויזנט קיין מאראָקאָ, 10 טויזנט קיין אלזשיר, צוויי טויזנט קיין עגיפּטן און 12 טויזנט קיין פראנקרייך און איטאליע. צוזאמען מיט די פאָרטוגעזישע אידן וואָס זיינען מיט זיבן יאָר שפּעטער ארויסגעטריבן געוואָרן און זיך צעלאָפן קיין טער־קיי, קיין אפריקע און קיין איטאליע, זיינען עס דער ספרדישער צווייג פונעם אידישן פאָלק, וואָס איז זיך צוזאמענגעקומען מיט דער נאָנט־מזרחדיקן, מיט וועלכן ער איז געשטאנען אין נאָנטע באציונגען.

מיר, די אשכנזישע אידן, האָבן נישט דורכגעמאכט אונדזערע רדיפות, גזירות און שחיטות אונטער די וועסטגאָטן, אלמאָהאדן, אל־מאָראווירן, קאראָלינגיער, אראגאָנער און קאסטיליאנער; מיר האָבן נישט דורכגעמאכט אונדזער מארטיר־וועג דורך סעוויליא, סאראגאָ־סאַ און בורגאָס, דורך וואלענסיאַ און בארצעלאָנא, דורך מאדריד און ליסאבאָן, מיר האָבן נישט ארויסגעגעבן דעם רמב״ם און יהודה הלוי, איבן געבירא̈ל און די אבן עזראָס, די אברבנאלס און שלמה מאָלעכאָ, אקאָסטא און שפּינאָזע... אונדזער מארטיר־וועג האָבן מיר דורכגע־מאכט דורך די געטאָס פון מאינץ און שפייער, פון ווערמייזע (וואָרמס) אויגסבורג און רעגנסבורג, פון מעץ, טריער און קעלן, פון באכראך און נירעמבערג, פון ווין און פראג און דערנאָך פון קראָקע און לעמ־בערג, פון לויצק און לובלין, פון בריסק און ווילנע, פון יאַס און אור־מאַן און נאָך שפּעטער אין אָדעס און באלטא, אין האָמעל און אין קעשענעוו, אין סעדליעץ און אין ביאליסטאָק, אין דער פעטליורישער אוקראינע און אין באלאכאָוויטשעס ווייסרוסלאנד.

אויך אונדזער גייסטיקער וועג איז געווען אן אנדערער, א מער וועלטלעכער. אונדזערע גדולים זיינען געווען רבי איסערליין און דער

רמ"א, דער מהר"ל און יונתן אייבעשיץ, שלמה מיימאָן און משה מענ־דעלסאָן, דער בעש"ט און דער ווילנער גאון, יצחק בער לעווינזאָן און נחמן קראָכמאַל, סמאָלענסקין און מענדעלע מוכר ספרים, שלום עליכם און פּרץ, ד"ר הרצל און ד"ר ח. זשיטלאָווסקי. מיר האָבן געשאַפן די אי־דישע מאַסן־באַוועגונגען: משיח־באַוועגונגען, די חסידות, די השכלה, דעם ציוניזם, דעם דראַנג צו קאָלאָניזאַציע, די אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, די מאָדערנע אידישע קולטור־באַוועגונג, די מאָדערנע אי־דישע ליטעראַטור.

נאָר מיט דעם זעלבן ציטער ווי די אשכנזישע אידן האָבן געפילט אויף זייער לייב דעם קידוש השם פון רבי אמנון פון מאַינץ, האָבן מיר געפילט דעם פּיין פון די „אנוסי ספרד" אין די הייכן פון דער אינקוויזיציע און אויף די שייטערס פון דעם אויטאָ דע פע. די אידן פון דמשק, פון קאָרפו און טיסא עסלאַר האָבן פּונקט אזוי אויפגע־ציטערט פון די בלוט־בילבולים אין ווענליזש, אין טעלש און אין דר־באָסאַר און אין קיעוו. און פּונקט ווי דער „כוזרי" און דער זוהר זיי־נען צו אונדז דערגאַנגען, אזוי דערגייט מענדעלע, פּרץ, ש. עליכם און אַש, בערגעלסאָן און אַפּאַטאָשו צו די ספרדישע ברידער אונדזערע אין שפּאַניש און העברעיש. און פון איין זייט דער ציוניזם און פון דער צווייטער די הילף פאַר די קרבנות פונעם נאַציזם, ווי די יונגנטלעכע אידישע קולטור־באַוועגונגען, ברענגען איצט צונויף די צוויי אידישע צווייגן צו איין איינציקער אידישער געזעלשאַפטלעכ־קייט אין דער „שפּאַנישער אַמעריקע".

אמת, מיר, די אשכנזישע אידן, די גרינדער פון די וועלטלעכע אידישע ישובים אין מזרח־אייראָפּע און די שאַפער פון די אידישע געזעלשאַפטלעכע און קולטור־באַוועגונגען, זיינען די וואָס האָבן מיט אונדזער וועלטלעכער געזעלשאַפטלעכקייט און קולטור אויך באַשאַפן די היינטיקע אידישע ישובים אין אַמעריקע און מיט אונדזער וועלט־לעכן קולטור־לעבן האַלטן מיר אויף זייער קיום אַלס אויסגעפורעמטע און אָרגאַניזירטע טיילן פונעם אידישן פאָלק; אָבער גראָד דאָ, איז נויטיק אָנצעווייזן, אַז די ספרדישע אידן, די גולי ספרד, זיינען גע־ווען די וואָס האָבן די ערשטע געמאַכט פּרוּוון איינצואָרדענען אידי־שע קהילות אין די אַמעריקאַנישע לענדער, און האָבן פאַר זייערע

פרואוון זייער טייער באצאָלט: מיט נייעם מארטירערטום און נייעם מאראַנענטום אין דער נייער שפּאניע און מיט שפּורלאָזן פאַרזינקען אין איר קאָלאָניאַלער געשיכטע.

מיר האָבן א גרונד צו דענקען, אז אין היפּוך צו די צענדליגער און הונדערטער טויזנטער אידן, וואָס האָבן זיך אוועקגעלאָזט אין די לענדער פון מיטל־אזיע, נאָענט צו ארץ ישראל, געפירט פון דאָן יצחק אברבנאלס משיח־געדאנקען און חשבונות פונעם קץ, וואָס זיינען פארבליבן אין זיין ספר „מעיני הישועה", האָבן א סך פון די גולי ספרד געדענקט רעאַלער, פונקט ווי יענע וואָס האָט זיך געראַטעוועט קיין פּאָרטוגאַל און פון דאָרט קיין האָלאַנד און קיין ענגלאַנד און אז די אידן, וואָס האָבן געשיצט פינאנציעל קאָלומבוסעס רייזעס און זיינען מיט אים מיטגעפאָרן אנטדעקן דעם וועג קיין אינדיע, זיינען נישט געווען קיין אוואַנטוריסטן פון יענעם מין, וואָס איז אזוי גע־וויינלעך אין דער געשיכטע פון די ים־רייזעס, נאָר אזעלכע וואָס האָבן געוואָלט ראַטעווען זייער שפּאַניערטום, זייער שפּאַנישע קולטורעלע דערציונג, צוזאַמען מיט זייער אידיש לעבן.

עס רעדט דערפאַר דער באַווייז פון דער אידישער קהילה אין פּערנאַמבוקאָ, געגרינדעט פון פּאָרטוגעזישע און שפּאַנישע פּליטים, באַלד ווי האָלאַנד האָט פאַרכאַפּט יענע האַפן־שטאָט און איר אומ־געגנט אין די 30ער יאָרן פון 17טן יאָרהונדערט, ביי די שפּאַניער, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען די הערשער פון בראַזיל און ווי אזוי פון אלע עקן בראַזיל האָבן זיך גענומען ציען אהין טויזנטער אנוסים, וואָס האָבן פריער געלעבט א פאַרבאָרגן אידיש לעבן. צוגעצויגן האָט די קהילה אויך אידן פון אמסטערדאַם און דער באַקאַנטער אמסטער־דאַמער געלערנטער און שתדלן פון יענער צייט, מנשה בן ישראל, ווי אַנדערע געלערנטע פון די גולי ספרד, האָבן איר געשאָנקען גרויס אויפמערקזאַמקייט. און נאָכדעם ווי די קהילה איז חרוב געוואָרן און אירע מיטגלידער זיינען זיך צעלאָפן ווען די געגנט איז ווידער אריינ־געפאַלן צו די שפּאַניער, האָט א רעשט אירער, וואָס האָט זיך דערשלאָגן קיין נאָרד־אַמעריקע, געגרינדעט די אידישע קהילה אין ניי־אמסטער־דאַם, די היינטיקע שטאָט ניו־יאָרק.

די פּרואוון האָבן זיך נישט איינגעגעבן און גרויסע קרבנות גע־

קאַסט דעם אידישן פֿאָלק. פֿאַרגעסן טאָר מען זיי נישט און אוודאי נישט גרינגשעצן, באַזונדער ווען מיר ריידן וועגן דעם טיפֿן געשיכט־לעכן זין זייערן אין דעם לאַנגן פּראָצעס, וואָס זיין רעזולטאַט זיינען די היינטיקע אידישע ישובים און קהילות אין דער שפּאַנישער אמע־ריקע.

## .6

פֿאַראַן איז א טענדענץ ביי געוויסע וויסנשאַפֿטלער עקאָנאָמיסטן צו מאַכן דעם גירוש שפּאַניע אַלס ווענדפּונקט אין דער געשיכטע פֿון דער וועלט־ווירטשאַפֿט. די אידן זאָלן עס דעמאָלט האָבן באַשאַפֿן דעם קאַפּיטאַליזם. און פֿאַראַן אידן אַפילו וואָס קוואַפּען זיך אויף דעם כבוד און ווי די וואָראָנע וואָס האָט זיך געקוואַפּעט אויף די חניפֿות פֿון דעם פֿוקס, אינעם באַקאַנטן פֿאַבל, פֿאַלן זיי אריין אין דער ביטרע אויסגעשפּרייטער נעץ פֿון דעם אַנטיסעמיטיזם און פֿון דעם נאַצי־פֿאַשיזם, וואָס אידענטיפֿיצירט אידן מיט קאַפּיטאַליזם און פּלוטאָ־קראַטיע. מיר זאָגן זיך נישט אָפּ פֿון אָנערקענען די אָנגעזעענע ראָל, וואָס אידן האָבן געשפּילט אין דער אַנטוויקלונג פֿונעם קאַפּיטאַליזם בכלל און אין דער אַנטוויקלונג פֿון אמעריקע; איבערהויפּט ווילן מיר נישט לייקענען די שייכות וואָס אָט די אַנטוויקלונג האָט מיט דעם טויט פֿון יענע אידעאַלן, וואָס האָבן געפֿירט צום גירוש שפּאַניע און מיט דעם אויפֿקום פֿון די נייע ישובים אין שפּאַניש אמעריקע. נאָר דערפֿון ביז אַרויסשטעלן דאָס אידישע פֿאָלק אַלס באַשאַפֿער פֿונעם קאַפּיטאַליזם, איז ווייט ווי פֿון הימל ביז צו דער ערד. און מיר טרייס־טן זיך אָפּ דערפֿון.

אזוי האָט דער דייטשער פּראָפֿעסאָר ווערנער זאָמבאַרט געשריבן אין נומער 5 „נויע רונדשוי" פֿון 1910 און „יעווריעיסקאַיאַ ניעדיעליא" פֿון זעלבן יאָר האָט געכאַפּט און איבערגעדרוקט אָט דעם פֿוקסישן לויב, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער וויסנשאַפֿטלעכער אָנשפּאַר פֿונעם נאַציזם:

„ווי די זון, אזוי גייט ישראל איבער אייראָפּע: וואוהין ער קומט, דאָרט דערוועקט ער א ניי לעבן, דאָרט פֿונוואַנען ער גייט אוועק, ווערט פֿאַרטרוקנט אַלץ וואָס האָט ביז דעמאָלט געבליט".

אלס באווייז גיט ער אָן דעם גירוש פון שפּאניע און פּאָרטוגאל, ווי דעם גירוש פון א סך וויכטיקע איטאַליענישע און דייטשע האנדלס שטעט, וואו דיווירטשאפט האָט גענומען פאלן, ווי נאָר מען האָט די אידן פון דאָרטן פארטריבן. און פארקערט, ווייזט ער אָן, אומעטום וואו אידן זיינען אריינגעקומען, מערקט זיך דער אויפבלי פון די שטעט און פון די לענדער.

גאָר א גרויסע ראָל — אויב נישט די אנטשיידנדיקע — שרייבט צו זאָמבארט די אידן אין דער גרינדונג פון דער קאָלאָניאלער ווירט־שאפט, וואָס זי האָט שטארק מיטגעווירקט אינעם אויפבלי פונעם היינטצייטיקן קאפּיטאליזם. אין אָסט-אינדיע, זאָגט ער, האָבן גע־וואוינט א סך אידן; די דאָזיקע אינדישע אידן זיינען געווען די גע־ווינטשנסטע שטיצפּונקטן פאר דער אייראָפּעישער הערשאפט, אלס די פּיאָנערן פונעם האנדל. א גאָר גרויסער פּראָצענט אידן האָט זיך גע־פונען אין אלע האָלענדישע קאָלאָניעס אויפן מזרח. א היפּשער טייל קאפּיטאלן פון דער אָסט־אינדיאן־קאָמפּאני, האָט זיך געפונען אין אידישע הענט. גענעראל גובערנאטאָר פון דער קאָלאָניע, וואָס האָט זייער פיל מיטגעהאָלפן דער פארשטארקונג פון דער האָלענדישער הער־שאפט אין יאַווא, איז געווען דער איד קאָען. אויך איז גרויס דער אָנטייל פון די אידן אין דער גרינדונג פון דער ענגלישער קאָלאָניע אין דרום-אפריקע און אויסטראליע; אין דער קאפּ־קאָלאָניע איז כמעט די גאנצע עקאָנאָמישע אנטוויקלונג אָפּהענגיק געווען פון אידן. און — „איינער פון די הויפּט-צענטערן פאר דעם אידישן אונטערנע־מונגס גייסט — איבערהויפּט אין דער צייט ווען דער קאפּיטאליזם איז אויפגעקומען — איז געווען אמעריקע"...

„אמעריקע, אין אלע אירע טיילן, איז א אידיש לאנד!" — רופט ער אויס צום סוף און ער נעמט דאָס דערקלערן: „די אידן זיינען ענג צוזאמענגעבונדן מיט אמעריקע זינט דעם מאָמענט פון איר אָנטדע־קונג. ס'איז פעסטגעשטעלט, אז בלויז די אידישע וויסנשאפט האָט אויפגעהויבן די נאווינאציע־טעכניק אזוי הויך, אז ס'איז בכלל מעג־לעך געוואָרן צו מאכן רייזעס אריבער דעם אָקעאן; אויף אידיש געלט האָט קאָלומבוס אונטערגענומען זיינע ערשטע צוויי עקספּעדיציעס; אויף קאָלומבוסעס שיף זיינען געווען אידן. די ערשטע אינדוסטריעלע

אונטערנעמונגען אין אַמעריקע האָבן אוועקגעשטעלט די אידן. דער־נאָך גייען די אידישע ישובים אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס, אין מאַרטיניק און גוואַדעליפּ. די אידן האָבן איינגעפירט די צוקער־פּלאַנ־טאַציעס אין די האָלענדישע, ענגלישע און פראַנצויזישע קאָלאָניעס, און די צוקער אינדוסטריע איז געווען דער יסוד פון דער קאָלאָניאַלער ווירטשאַפט אין 17טן און 18טן יאָרהונדערט..."

דאָס וואָס אידן האָבן אַזאַ גרויסן אָנטייל גענומען אין די אַמער־סטן אנטוויקלטע צווייגן פון דער אינדוסטריע און האנדל אין אלע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע, מיינט ער, איז נאָך נישט אינ־גאַנצן וואָס דער קאַפּיטאַליזם איז שולדיק די אידן. די גאַנצע מאָ־דערנע ווירטשאַפט — זאָגט ער, — איר גייסט, די אידייען וואָס ליגן אין איר גרונד, זיינען אַ אידיש געשאַף, דער שאַפונגס פּראָדוקט פונעם „אידישן גייסט". די אידן האָבן אַריינגעבראַכט נייע פּרינציפּן. אַ נייעם גייסט אין דער ווירטשאַפט, דעם גייסט פון פרייער קאָנקור־רענץ, וועלכער איז דער יסוד פונעם קאַפּיטאַליזם... די היינטיקע אָנ־הענגער פון דער אַלטער פעאָדאַליסטישער צעכן־אָרדענונג (זעט אויס, אַז שוין דעמאָלט, ווען זאָמבאַרט האָט דאָס געשריבן, האָבן די פאַ־שיסטישע קאָרפּאָראַציעס געהאַט אָנהענגער צווישן די עקאָנאָמיסטן — פ. ק.), האָבן אָנגעוויזן אויף אָט דעם אידישן גייסט ווי אויף דעם גרעסטן איבל, ווי אויף אַ געפאַר פאַר דער עקזיסטענץ פון די ציוויליזירטע פעלקער (ממש פונעם מויל אַרויסגענומען ביי אַ היינטיקן פאַ־שיסט — פ. ק.) און אַז זינט דעמאָלט הויבט זיך אויך אָן די שנאה קעגן אידן...

מען קען נישט זאָגן, ווערנער זאָמבאַרטס באַגייסטערונג פאַר די אידן אלס שעפער פונעם קאַפּיטאַליזם און פון... אמעריקע, איז בכוח געווען דעם קאָפּ צו פאַרדרייען נישט נאָר אַ פּובליציסט פון „יעווריעיסקאַיאַ ניעדיעליא", נאָר יעדן אידן, וואָס איז זשעדנע אַ „גוט וואָרט" פאַר דעם געפּלאָגטן אידישן פאָלק... בפרט, אַז מען זוכט די אינטימע געשיכטלעכע שייכות צווישן דעם גירוש-שפּאַניע און דער אַנטדעקונג פון אמעריקע און מען געפינט אויס אַז זיי שטאַמען ביידע פון איין מקור. גאָט אליין, דער „עין רואה" און די „יד כותבת" פון דער גע־

שיכטע, האָט זיי צוזאַמענגעפּאַרט צום וואויל פונעם אידישן פאָלק און פון דער מענטשהייט...

אנדערע נישט ווייניקער אָנגעזעענע היסטאָריקער, צווישן זיי אזא געלערנטער היסטאָריקער ווי פראַנץ שנאבעל, אויך א דייטש, איז טאַקע מודה, אז די אנטדעקונג פון אמעריקע האָט גאָר א גרויסע שייכות מיט דער אנטוויקלונג פונעם קאַפּיטאַליזם, ווי בכלל די קאָלאָניאַלע ווירטשאַפט, — און נישט נאָר א שייכות, זאָגן מיר, האָט די קאָלאָניאַלע ווירטשאַפט מיט דעם קאַפּיטאַליזם, זי איז איינער פון זיינע יסודות, די קאָלאָניעס זיינען די מערק און די צושטעלער פון די רוישטאָפן — נאָר וואָס דען, נישט די אידן זיינען די באַשעפער זיינע, נאָר די דייטשן: די גרויסע דייטשע געשעפט־הייזער פון די פאַמיליעס פוקאר און וועלזער, וואָס האָבן זיך געגרינדעט אינמיטן פון פופצנטן יאָרהונדערט. די פוקאַרס האָבן גענומען ביים שפּאַנישן קעניג קארל דעם פינפטן די קאָנצעסיע אויפן האנדל מיט די נייַ אנטדעקטע לענדער און נאָך זיי זיינען געקומען די וועלזער. די ביידע משפחות האָבן עקספּלואַטירט די אייראָפּעישע באַלמעלאָכעס און האָבן „געמאַכט אמעריקע” אין אייראָפּע. די שפּאַנישע מלחמות און דערנאָך די דרייַסיק יעריקע מלחמה האָבן איבערהויפּט רייך געמאַכט אייראָפּע. דעמאָלט איז אויפגעקומען די אייראָפּעישע בורזשואַזיע וואָס האָט אראָפּגעזעצט פון זייער גדולה די אריסטאָקראַטיע. דאָס געלט האָט געפלאָסן פון אמעריקע, פון די אמעריקאנער פּלאַנטאַציעס און מינעס, אָבער אלץ אין די הענט פון דייטשן, האָלענדער און פראַנצויזן. געוועזן זיינען אויך אידן רייכע, וואָס האָבן געליען געלט, געוועזן פינאַנץ־אַגענטן ביי די קעניגן, נאָר געוועזן זיינען עס איינצלנע, פון דער געטאָ זיך באַפרייטע און אויסגעקויפטע. און וואָס שייך דעם פאַרדינסט פאַר דער אנטוויקלונג פון אמעריקע, נעמט דאָס אויך שנאבעל פאַר די דייטשן. דאָס האָט די דייטשע אויסוואַנדערונג געמאַכט. אלס באַשטעטיקונג דערצו, ברענגט ער אַ וואָרט פון טעאָדאָר רוזוועלט סוף פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט: „אלע אייראָפּעישע פעלקער האָבן ביי־געשטייערט צו דער אויסבילדונג פון דעם אמעריקאנישן רייכטום, נאָר קיינעם זיינען מיר נישט אזויפיל שולדיק דערפאַר ווי די דייטשן”. די האָלענדער, די אירלענדער, די פראַנצויזן, די ענגלענדער און די

שפאניער גופא און די איטאליענער מוזן אוודאי האבן ביי זיך היס־טאריקער, וואס ווייזן אויף, אז מער ווי אנדערע קומט זיי דער דאנק פאר דער אנטוויקלונג פון אמעריקע. נאר נישט דאס זיינען מיר אויסן.

מיר פרעגן זיך בלויז, אז אויב די אידן זיינען אזוינע בריהם אויף צו באשאפן קאפיטאליזם און זיי גופא זיינען דער גייסט פון קא־פיטאליזם, איז וואו איז דער קאפיטאלזם פון דער טערקשער איירא̈פע, פון עגיפטן, אלזשיר און מאראקא, וואס האבן פארשלונגען, לויט דער עדות פון די היסטאריקער, 122 טויזנט פון די 165 טויזנט אידן, וואס זיינען ארויס גאנץ פון שפאניע? און וואו איז דער קאפיטאליזם פון די אידן, וואס האבן אין גרויסע מאסן באוואוינט פוילן, אוקראינע, ליטע און ווייסרוסלאנד?

פונקט פארקערט, געזען האבן מיר, אז דער אנקום פון קאפיטא־ליזם, פון א גרעסערער אינדוסטריע, אין יענע לענדער, שוין כמעט ביים סוף פון נייצנטן יארהונדערט, האט די אידן צערודערט פון זייערע ערטער, וואו זיי זיינען צוזאמענגעוואקסן געווען מיט דעם פעא־דאלן שטייגער, אלס האנטווערקער און קליין־הענדלער. די גרונט־אידייען וואס באהערשן דעמאלט די אידישע מאסן, זיינען: אגרא־ריזאציע, פראלעטאריזאציע, עמיגראציע. אט די אידייען האבן גע־טריבן די אידן קיין אמעריקע. אויף די ערטער איז דעמאלט קיין ערד נישט געווען פאר די אידן, וואס האבן זי געוואלט באארבעטן און אין די פאבריקן איז קיין פלאץ נישט געווען פאר די אידן, וואס האבן זיך אהין געריסן און געמוזט האט מען וואנדערן... און וואנדערנדיק, האבן די אידן געשאפן דעם גרויסן באקלייד־פראלעטאריאט אין די פאר־אייניקטע שטאטן און אויך דא אין ארגענטינע און אויף די ארגענטי־נישע פעלדער האבן זיי געשאפן די אידישע ערדארבעט, די קאלאניעס מיט זייערע קאאפעראטיוועס. דא האבן זיי אויך געשאפן דעם ארגאני־זירטן קליין־האנדל און קליין־קרעדיט, וואס באדינט די אידישע באל־מעלאכעס און הענדלער.

אויף דעם וועג קיין אמעריקע האבן די אידישע וואנדערער זיך צוזאמענגעטראפן מיט די וואנדערער פון גאנץ איירא̈פע, וואס זיינען אויך ווי די אידן געפארן זוכן ערד, מחמת אין זייערע היימען איז די ערד געלעגן אין די הענט פון די פריצים און זוכן ארבעט, מחמת

די פאבריקן האבן זיך נישט געגויטיקט אין זייערע באלמעלאכישע הענט. און שוין אויפן וועג אהער, האבן זיי זיך געחברט און חבר געוואָרן מיט די שפאנישע פויערים און באלמעלאכעס, ווי מיט די איטאליענישע, פראנצויזישע און אזוי ווייטער און צוזאמען בויען זיי דאָ אמעריקע.

דער גרויסער ווידערשפרוך פון דעם גירוש שפאניע, דער ריס צווישן די אידן און זייער טויזנט יעריקן פאָטערלאנד, האט זיך נאָך א ריי פריערדיקע נישט געלונגענע פרואוון פון די ספרדישע אידן גופא, גענומען פארהיילן, גאנץ ווערן ערשט מיט דער באראָן הירש־קאלאָניזא-ציע, מיט דעם אויפקום פון דעם אידישן לעבן אין די קאלאָניעס, די באזע פון אונדזער אידיש לעבן אין ארגענטינע.

און צי נישט דאָס, איז דער טיפער געשיכטלעכער זין, דער סינ-טעז פון די צוזאמענגעפאלענע סתירהדיקע דאטעס: דער גירוש שפא־ניע און די אנטדעקונג פון אמעריקע! ווי ווייט דאָס איז פון די פער־דינאנדישע אידעאלן, וואָס מען זוכט אויפצולעבן אין שפאניע און אין דער שפאנישער אמעריקע!

# איקא-פּאָלעמיק

אין דער ארגענטינער אידישער פּרעסע האָט די פּאָלעמיק קעגן דער איקא ארום איר קאָלאָניזיר־סיסטעם און קאָלאָניזיר־פּראקטיק פארנומען א גאַר אַנגעזעצן אָרט. פארטיידיקער פון איר סיסטעם און פּראקטיק, האָט זי כמעט נישט געהאט. אין מיין בוך וועגן דער אידישער זשורנאליסטיק אין ארגענטינע ביז דער „אידישער צייטונג" און „די פּרעסע", ווערט אונטערגעשטראָכן אזא פארטיידיקונג בלויז אין צוויי אידישע אויסגאבעס: אינעם „פאָנאָגראף", וואָס איז געשטאַנען אונטער דער רעדאקציע פונעם ענטרע־ריאָסער לערער פּאביאן ש. הלוי און אינעם „אידישן קאָלאָניסט", ווען ער איז געשטאנען אונטער דער רעדאקציע פון דעם ענטרע־ריאָסער קאָלאָניסט ישראל פינגערמאן. א אידישער צייטונגס-מענטש אין ארגענטינע, בפרט א שעף־רעדאקטאָר פון א פּאָפּולערער צייטונג, האָט געמוזט מאכן די פארטיידיקונג פון די אידישע קאָלאָניסטישע אינטערעסן פאר זיין הויפּט־אויפגאבע.

מיין באקאנטשאפט מיט די פּראָבלעמען פון דער אידישער קאָלאָניזאציע אין ארגענטינע איז געקומען פון דער כמעט טאָג-טעגלעכער בארירונג מיט קאָלאָניסטישע טוער, מיט קאָלאָניסטישע קלאגעס אין דער עפנטלעכקייט און פון דער נויטווענדיקייט זיך צו באוואָפענען מיט אָפיציעלע איקא־באריכטן צוליב גערעכטן און דאָך אָביעקטיוון רעאגירן אויף די באציונגען צווישן דער איקא און די קאָלאָנסטן.

פאר א מוסטער פון מיין ווירקן דורך „די פּרעסע" אויף דעם געביט, ברענג איך דאָ א פּאָלעמיק איבער א איקא-באריכט צום אגריקולטור־מיניסטער אין דער רעגירונג פון פּרעזידענט אַלוועאר, ד"ר לע

ברעטאָן. דער באַריכט איז אויסן געווען צו באקומען ביי דער רע־גירונג נייע שטרעקעס לאנד אין דער געגנט פון טשאַקאָ און אנדערע אין דרום פונעם לאנד (פאטאגאָניע), און צוליב דעם האָט ער געמאָלן די איקא־טעטיקייט אין די העלסטע פארבן.

איקא האָט נאָך דעמאָלט געהאַט גרויסע שטרעקעס לאנד אירע נישט באזעצטע. און נאָך איצט זיינען זיי נישט באַזעצט און איר קאָ־לאָניזאציע אין ארגענטינע איז זינט אָנהויב דער ערשטער וועלט-מלחמה שטיין געבליבן אויף א טויטן פונקט. ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, איז עס געשען איבער דעם פארלוסט פון אירע קאפּי־טאלן, וואָס זיינען אריינגעלייגט געווען אין בעלגישע בענק. דער פאַקט, אגב, האָט געפירט צום פּלוצימדיקן טראגישן טויט פון איר פּאַרזיצער אין בעלגיע.

בעת דער באריכט צו דער ארגענטינישער רעגירונג איז געשריבן געווען און איז געקומען פאַר דער עפנטלעכקייט, האָט מען נאָך פון אָט דעם אומגליק וואָס האָט געטראָפן דער אידישער קאָלאָניזאציע אין ארגענטינע, נישט געוואוסט ביי אונדז און דער שטילשטאַנד אין איר ארבעט דאָ, ווי אירע פּרואוון צו פירן דאָ א מין קליין-קאָלאָניזאַ־ציע אויף צו פארשטעלן מיט איר דעם חלל אין איר היסטאָרישער ארבעט, האָט דאָ ארויסגערופן מער ווי שטוינען. דערפון דער שארפער טאָן פון דעם קאָמענטאַר, וואָס האָט זיך געדרוקט אין „די פרעסע" אָנהויב יולי 1923, אין המשכים, אונטערן אלגעמיינעם טיטל: לייענענדיק א איקא־דאָקומענט.

# לייענענדיק אַ איקאַ־דאָקומענט

די איקא דירעקציע אין ארגענטינע האָט פון שטענדיק אָן געהאט צוויי שפּראכן, איינע פאַר די באריכטן צו דער הויפּט-דירעקציע אין פּאריז און א צווייטע פאַר דעם אומגאנג מיט די קאָלאָניסטן. די ערשטע — אַן איידעלע, א געפּאָלירטע, א פארגלעטנדיקע, א דיפּלאָמאַטיש־ליגנערישע אָדער האלב־אמתע, און די צווייטע — א גראָבע, א רויע, מיט א זידל וואָרט, מיט א סטראַשונעק, מיט א פויסט. עס איז קיין וואונדער נישט וואָס אין א מעמאָראנדום צו אַן ארגענטינישן מיניסטער איז אויך אָנגעווענדט געוואָרן דער ערשטער ארט ריידן; איידל, געפּאָלירט און פארגלעט, מיט א חניפהלע און מיט א מה־יפיתל. מילא, זאָל עס איר וואויל באקומען און אויך דער מיגיסטער וועט זיך מן הסתם מיט דעם גליטשיק־זיסן פוטער-געבעקס נישט דערוואָרגן.

אַנדערש איז אָבער ווען דאָס מין געבעקס קומט פאַר א מבין און איידער ער נעמט דאָס נאָך אין מויל אַריין דערשמעקט ער דעם סם וואָס געפינט זיך דערין און אז ער צעעפנט דאָס, ווערט ער נשתומם פון דער קאַלטבלוטיקייט מיט וועלכער עס ווערט צונויפגעבאקן שקר מיט שלימזל און דערלאַנגט אלס פיינקוכן.

איר נעמט לייענען דעם איקאַ־דאָקומענט און איר קענט נישט איבערלייענען איין זאַץ איר זאָלט זיך נישט אָפּשטעלן און אויסרופן: אַ ליגן! אָדער איר זאָלט נישט הויבן מיט די פּלייצעס און זיך וואונדערן אויף דעם מוט מיט וועלכן די מענטשן פּאַרטשאַדען דער וועלט דעם קאָפּ. אזוי פונעם ערשטן ביזן לעצטן קאַפּיטל.

אין קאַפּיטל 1 פון דעם דאָקומענט, רעדט די איקא וועגן איר גרויסן פאַרשריט אין דער אידישער קאָלאָניזאַציע, בעת איר באַריכט גופא שרייט פאַרקערט, אַז זי איז צוריקגעגאַנגען. בעת אין איר באַריכט פון 1913, וואָס זי האָט צוגעשטעלט צו דער גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון איקא אין פאַריז דעם 27טן יוני 1914, ווערט אָנגעגעבן די צאָל קאָלאָניזירטע פאַמיליעס אין 2855, ווערט שוין אין איר באַריכט פון 1916 — אָנגעוויזן בלויז 2609 און אין איר איצטיקן באַריכט צום מיניסטער לע ברעטאַן — בלויז 2588.

אינעם באַריכט צום מיניסטער ווערט נישט דערמאָנט נישט דאָרא און נישט סערעס. לויט מען ווייסט אָבער אויסנווייניק זיינען פון אירע קאָלאָניזירטע 81 א ו י ס ג ע פ ר ו א ו ו ט ע קאָלאָניסטן אין דאָרא, געבליבן איצט נישט מער ווי א מנין, פון די א ו י ס ג ע פ ר ו א ו ו ט ע צוויי מאות קאָלאָנסיטן אין מאָנטעפיאָרע — אויך נישט מער ווי א פאָר מנינים.

אינעם זעלבן קאַפּיטל רעדט זי וועגן די סאָליטערדיקע און נידעריקע ערדן, זומפּן און זאַמדן, וועלכע טויגן נישט צו קאָלאָניזאַציע, אויף וועלכע זי קאָלאָניזירט די קאָלאָניסטישע זין, בעת אין דער אמתן האָט זי אויף זיי קאָלאָניזירט אריבערגעבראַכטע פאַמיליעס, אָט די וואָס זיינען דערנאָך פון דאָרט אַנטלאָפן. פון דאָרא, פון מאָנטעפּאָרע ווי פון דער לאָטע 22 אין בערנאַסקאָני. און די ז י ן וואָלט זי אפשר געוואָלט אויף זיי קאָלאָניזירן, נאָר זיי גייען נישט אהין און זי זוכט דעריבער אויף אהין קרבנות פון צווישן די גרינע.

---

און וואָס איז מכח די דעסאָלאָכירטע? אָבער וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן צוקומענדיק צו די ווייטערדיקע קאַפּיטלען פון ד ע ם ב א ר י כ ט.

מיר לייענען דאָס צווייטע קאַפּיטל.

זייט 1914, זאָגט די איקא האָט זי נישט געהאַט קיין עלעמענטן וואָס זאָלן טויגן צום קאָלאָניזירן. און וואו, פרעגן מיר, זיינען די 1041 אויסגעפּרואווטע קאַנדידאַטן, וועגן וועלכע זי רעדט אין איר באַריכט פון 1916? און וואו זיינען די קאָלאָניסטישע זין וואָס האָבן מרעיש עולם געווען פאַרוואָס מען קאָלאָניזירט זיי נישט און זיי מוזן

זיך פארנעמען אין שטאט אריין אלס הענדלער און טענדלער?

האט זי אזוי שנעל פארגעסן איר ליקווידאציע־ארבעט, צו וועל־כער עס איז אהער ספעציעל אראפגעשיקט געווארן דער „אייזערנער קאנצלער" שטארקמעט, טאקע אין 1914, ווען עס האט זיך אנגעהויבן צוזאמען מיט דער אייראפעישער שחיטה די „שחיטה" אויף די אי־דישע קאלאניסטישע פעלדער אין ארגענטינע?

און דאך ווײנט דער באריכט מיט קראקאדילן־טרערן, אז צוליב דער מלחמה און נאך־מלחמה, קען די איקא נישט דורכפירן איר פראָ־גראם.

אין דעם קאפיטל דערמאנט דער באריכט דאס אלטע קאסט־בארע סיסטעם פון רעקרוטירן קאלאניסטן וואס מען האט אין 1905 אפגעשטעלט. דאס איז געווען די סיסטעם וואס מיר קענען אנרופן „קעסט־קינדער"-סיסטעם. די סיסטעם איז אפגעשטעלט געווארן, אבער די קאסטן אירע און די פאלגן אירע לאסטן נאך עד־היום אויף די פלייצעס פון די קאלאניסטן, אויף די אלטע ווי די נייע, וועלכע צאלן פאר די חטאים פון דער איקא־פארוואלטונג.

---

דאס קאפיטל 3 באריכט זיך מיט דעם קאנטראקט „פראמעסא דע ווענטא" (פארקויף צוזאג) און מיט די אפצאלונגען פון די חובות דורך די קאלאניסטן. אפשר ווייסט נישט דער מיניסטער לע ברעטאן, וואס אזעלכעס דאס איז פאר א מין באשעפעניש, אט דער צוזאג, אבער די קאלאניסטן ווייסן יא וואס דאס איז. דאס הייסט, אז א קאלאניסט ארבעט כל ימיו די ערד און זי איז נישט זיינע אזוי לאנג ווי ער האט נישט איינגעצאלט דעם לעצטן סענט חוב.

וואס קומט ארויס דערפון? אט־וואס: טאמער דארף דער קאלא־ניסט האבן א קרעדיט, האט ער נישט אויף וואס צו נעמען. ביי דער היפאטעקן־באנק קען ער דאס נישט באקומען, נאר ביי א סוחר אויף וואוכער־פראצענטן און מוז פארמשכונען דעם קומענדיקן שניט און פארקויפן אויף דעם פרייז וואס דער סוחר שטעלט.

עס קומט דערפון ארויס אויך דאס וואס אויב דער קאלאניסט האט נישט אפגעצאלט, מעג זיין די לעצטע צאלונג, איז אלץ וואס ער

האָט פריער געצאָלט און וואָס ער האָט פריער געאַרבעט, כלא חיה, פאַרלוירן, וואָרום אַלץ וואָס ער האָט, באַלאַנגט צו דער איקא.

עס וואָלט אויך נישט געשאַדט מען זאָל וויסן וועגן דעם דאָזיקן קוריאָז; בעת די ערד באַלאַנגט צו דער איקא און עס איז בלויז א סברה אַז זי זאָל ווען עס איז באַלאַנגען צום קאָלאָניסט, ווערט דער לאַטיפונ־דיע־שטייער אויפגעמאָנט ביים קאָלאָניסט דורך דער איקא, וואָס האָט אים אַרויפגעצוואונגען אויף די קאָלאָניסטן זייט 1911, אלס א ספּע־ציעלן גענאַד, באַוויייזנדיק דערמיט אַז זי רעכנט זיי פאַר אייגנטימער...

איצט דאָס צאָלן:

פאַר אונדז ליגט א טאַבעלע וועגן די צאָלונגען אין דער ענטרע־ריאָסער קאָלאָניע לוסיענוויל (באַסאַווילבאַסאָ) פאַר די יאָרן 1911 ביז 1916. פון 242 קאָלאָניסטן האָבן געצאָלט רעגולער בלויז 12. די איבעריקע זיינען הינטערשטעליק געוועזן פון 1 ביז 19 יאָר.

געוויס איז דאָס נישט פאַר וואוילטיק.

אָבער, די איקא געפינט שוין אוים מיטלען ווי אזוי צו  מ א כ ן  צאָלן. מען שניידט אָפּ א האַלבע נחלה. („אָבראַ דע סאַנעאַמיענטאָ", רופט זיך עס. אויף אידיש — געזונטמאַכונג). מען מאַכט א נייעם קאָנ־טראַקט און מען שטעלט א נייע פּרייז, דאָפּלט אָדער דרייפאַך, און דאַן ווערט נאָך שווערער צו צאָלן, מחמת מען האָט א קלענערן שטח צום באַאַרבעטן און א גרעסערע סומע צו צאָלן און עס קומט די לייזונג — די „דעסאַלאָכאָ", מען וואַרפט דעם קאָלאָניסט אַראָפּ פון זיין פעלד.

אָדער אַזאַ מין מיטל: אַז אַ קאָלאָניסט קען נישט צאָלן דעם יערלעכן אָפּצאָל און קומט אין אַדמיניסטראַציע זיך קלאָגן, עצהט אים דער אַדמיניסטראַטאָר ער זאָל אַ שטיק פון זיין פעלד פאַראַרענ־דירן אויף א פּאָר יאָר, נעמען געלט פאַראויס און מיט דעם געלט איינ־צאָלן דער איקא. דערנאָך „דערוויסט זיך" דערפון די דירעקציע און פאַר דעם חטא וואָס ער האָט פאַרדונגען נישט זיין פעלד (דאָס פעלד איז דאָך שטענדיק אירס!), ווערט ער „דעסאַלאָכירט", אַראָפּגעוואָר־פן, הייסט עס, פון זיין פעלד.

פון די 2588 קאָלאָניסטן, זאָגט זי, האָבן שוין 391 באַקומען זייער איינגנטום־רעכט. אמת, גאַנצע 391 פאַר די 30 יאָר קאָלאָניזאַציע. מען

מעג אָבער ווייסן דערביי, אַז דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אָדער דורך לאַנגע לאָדענישן, ווייל די איקא האָט קיין חשק נישט געהאַט צו באַ־פרייען אירע שקלאַפן, אָדער דאָס זיינען אַזעלכע וואָס זיינען איר שטאַרק צום האַרצן געוועזן פאַר זייערע גרויסע פאַרדינסטן אין איר אונטערדריקונג פון די אַנדערע קאָלאָניסטן; אַ טייל זיינען גאָר קיין קאָלאָניסטן נישט, נאָר סוחרים און ענלעכע. און אויסגעצאָלט זיינען די פעלדער געוואָרן, מיט גאַנץ קליינע אויסנאַמען, נישט פון דער אַרבעט פון די דאָזיקע „קאָלאָניסטן", נאָר גראָד פון איבערפאַרדינגען שטיקער לאַנד און פון זייערע מסחרים.

---

דאָס פערטע קאַפּיטל רעדט וועגן דער איקא אַלס פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע.

„די איקא אַלס פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציע, זוכט נישט קיין פאַרדינסטן", פאַרזיכערט דער דאָקומענט דעם מיניסטער לע ברעטאָן. זי וויל בלויז צוריק איר געלט און דעם באַשיידענעם פּראָצענט פון 4 ביז 6 פּראָצענט יערלעך.

אָבער, די איקא אַלס פילאַנטראָפּישע געזעלשאַפט, — וועלן מיר זאָגן — מאַכט אַזעלכע הוצאות וואָס קיין פּריוואַטע געזעלשאַפט מאַכט נישט און די דאָזיקע הוצאות ווערן נישט אַרויסגענומען פון די פילאַנטראָפּנס קעשענעס, נאָר פון דער קאָלאָניסטישער האָרעוואַניע און כדי נישט צו מאַכן קיין גרויסע חשבונות, פאַרגלייכנדיק די באַ־דינגונגען פון די פּריוואַטע קאָלאָניזאַטאָרן מיט די באַדינגונגען פון דער פילאַנטראָפּישער איקא, וועלן מיר נעמען בלויז דעם אונטערצי, און מיר וועלן זען, אַז די פּריוואַטע קאָלאָניזאַטאָרן האָבן אָן דעם פּי־לאַנטראָפּישן לשם יחוד געשטעלט אַפּטמאָל גינסטיקערע באַדינגונ־גען. אַלנפאַלס האָבן זיי ווייניקער שווינדל געמאַכט מיט די קאָלאָניס־טן, דהיינו, זיי האָבן נישט געביטן די קאָנטראַקטן און נישט אַרויפ־געצויגן די פּרייזן אויף דער ערד פון 30 פּעזעס, למשל, ביז הונדערט און העכער און די קאָלאָניסטן ביי די פּריוואַטע קאָלאָניזאַטאָרן האָבן זיך פרייער באַוועגט, האָבן געקענט באַקומען קרעדיט און, האָבן פיל שנעלער אויסגעצאָלט פאַר דער ערד.

---

מיר היפּן איבער דאָס קאַפּיטל 5 וואו עס רעדט זיך וועגן קאָלאָ־ניזאַציע־סיסטעם, כאָטש דאָס שרייט גוואַלד מען זאָל עס קאָמענ־טירן. נאָר אַזוי ווי מיר האַלטן אין ריידן וועגן פילאַנטראָפּיע, וואָס דאָס קאַפּיטל 6 באַווייזט איר אמתן פּרצוף, וועלן מיר זיך דערויף אָפּשטעלן פריער.

איקאָס הויפּט־זאָרג, זאָגט זיך אין דעם קאַפּיטל איז נישט אַזוי דאָס צוריקבאַקומען דאָס אַריינגעלייגטע קאַפּיטאַל ווי די אויסבילדונג פון אמתע ערדאַרבעטער, און כדי די דאָזיקע אויפגאַבע דורכצופירן טוט זי ווי נקאָלאַי דער ערשטער, דער אידנפריינטלעכער צאַר פון רוסלאַנד, האָט געטאָן, ווען ער האָט געוואָלט באַגליקן די אידן מיט בילדונג און זיי מאַכן פאַר לייט. ער האָט אָרגאַניזירט די באַרימטע קאַנטאָניסטן רעגימענטער; אידישע קינדער פון 7 יאָר זיינען אָפּגע־ריסן געוואָרן פון זייערע עלטערן, אוועקגעפירט געוואָרן אין די ווייטע קאַלטע געגנטן, און „גוטע פעטערס" (דיאַדקעס) האָבן געשמיסן ביז בלוט, די פּראַוואָסלאַווע נשמה באַזאָרגער האָבן זיי אָפּגעשמדט, און אָפּהאַלטנדיק זיי אין די קאַזאַרמעס ביז זיי זיינען אויסגעוואַקסן גרוי־סע, האָט מען זיי חתונה געמאַכט און געהאַלטן פאַר אייביקע דינער און פענסיאָניסטן פונעם צאַר.

און ניקאָלאַי דער ערשטער איז געווען אַ פילאַנטראָפּ, אַ גוטער פאָטער צו זיינע אונטערטאַנען און אַ אידן־פריינט פּונקט ווי די איקאָ, וואָס איר קאָנטראַקט „פאַרבאָט דעם קאָלאָניסט יעדע איבערגעבונג אָדער פאַראַרענדירונג פון דער ערד וואָס איז אים געגעבן געוואָרן, אין משך פון דער גאַנצער צייט וואָס דער קאָנטראַקט איז אין קראַפט און פאָדערט אויך אַז דער קאָלאָניסט זאָל וואוינען אויף זיין טשאַקרע און זאָל זי באַאַרבעטן צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע".

נאָר אַזוי ווי דער שרייבער פונעם דאָקומענט כאַפּט זיך באַלד אַז אין די באַדינגונגען פון דער אַרגענטינער קאָנסטיטוציע, איז דאָס ווירקלעך ניקאָלאַיעווסקישע אָדער די גוטע אַלטע פאַנטשישע, ווען דער פּריץ האָט געהאַט צו זאָגן נישט נאָר אויפן פּויער נאָר אויך אויף זיין פאַמיליע און האָט אים נישט געלאָזט אַ פרייען טריט טאָן אָן זיין וויסן און באַוויליקונג, ווייל ער דאָס פאַרריכטן דערמיט וואָס „אויף איר קוקנדיק האָבן אויך געוויסע פּראָווינציעלע רעגירונגען, באַזונ־

דערס פֿון דער פּראָווינץ ענטרע-ריאָס, זיך אינספּירירט אין אירע קאָנטראַקטן און טוען אויך אַזוי ביי דער אָפיציעלער קאָלאָניזאַציע". און אויב אַזוי, איז עס שוין כשר, מעג עס שוין דינען אַלס מאָס פֿאַר דער אַרגענטינישער יוסטיץ...

דער אמת איז אַז די דאָזיקע ניקאָלאַיעוושטשינע פֿון דער איקא, יועלכע האָט געזוכט די טובה פֿון די קאָלאָניסטן, אָנצוהאַלטן זיי ביי ערד, האָט פֿיל קאָלאָניסטן, פּעאיקע און אַרבעטזאַמע פּאַרטריבן פֿון די קאָלאָניעס; אַנדערע האָבן איר איבערגעלאָזט זייער יאָרנלאַנגע האָ־רעוואַניע און זיינען אַוועק קאָלאָניזירן זיך ביי פּריוואַטע קאָלאָניזאַ־טאָרס, גרינדנדיק פֿרייע קאָלאָניעס, אַזעלכע ווי ווישא אַלבא און מע־דאַנאָס, אין ריאָ נעגראָ און איצט אין טשאַקאָ, און די האָבן פֿיל מער דערפֿאָלג געהאַט צוליב דעם וואָס זיי האָבן זיך געקענט פֿרייער די הענט צעפֿירן; אַנדערע זיינען אַוועק אין די שטעט און שטעטלעך האַנדלען. און עס איז בפֿירוש אַ טעות צו מיינען אַז די אַלע וואָס זיינען אַוועק צום האַנדל, זיינען אַזעלכע וואָס עס האָט זיי געצויגן צו דער דאָזיקער עבודה זרה, נאָר פּשוט ווייל ער האָט זיך פֿאַר זיי געמאָלן אויף די פֿעלדער פֿון דער איקא די פֿינצטערע פּערספּעקטיוו פֿון אייביקער שקלאַפֿעריי, אָן אויסזיכטן ווען עס איז צו באַפֿרייען זיך פֿון דער דאָ־זיקער אַפּוטרופּסות וואָס בינדט זיי הענט און פֿיס.

די איקא — זאָגט זיך אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל — איז אויסן מיט אירע קאָנטראַקטן נישט צו דערלאָזן אַז די קאָלאָניסטן זאָלן פֿאַרפֿירט ווערן פֿון די געשטיגענע פּרייזן אויף דער ערד און זי פֿאַרקויפֿן.

יאָ, דערויף איז זי אַליין אַ בעלנית; אַז עס שטייגן די פּרייזן אויף דער ערד, אַ דאַנק דער מי פֿונעם קאָלאָניסט, בייט זי איבער זיין קאָנ־טראַקט אויף אַ נייעם און שטעלט אים דעם פּרייז לויט דעם קורס אויף דער ערד-בירזשע.

און דאָס אַלץ אין נאָמען פֿון פֿילאַנטראָפּיע!

וועגן דער איקאס פֿילאַנטראָפּיע וואָלט מען געקענט ביכער גאַנצע אָנשרייבן; דאָס איז אַ דרייסיק יאָריקע געשיכטע פֿון שטענדיקער דע־מאָראַליזאַציע; דאָס איז די אָפּטויטונג פֿון זעלבסט איניציאַטיוו ביי די קאָלאָניסטן, די אונטערדריקונג פֿון ווירטשאַפֿטלעכן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן און פֿאַוואָריטיזם, וואָס האָבן געשאַפֿן קריכעריי און טעלערלעקעריי

פון איין זייט און אַ ביוראָקראַטיע פון ערגסטן סאָרט פון דער אַנדער זייט. די איקא ביוראָקראַטיע און איר ווילקיר, אירע צאַרישע אוקאַזן און הינטערפּיסלעך די קאָלאָניסטן זיינען אַ שם דבר. כּדי נישט צו פאַרנעמען מיט דעם מער פּלאַץ וועלן מיר אָפּשיקן אונדזערע לייענער צו לעאָן כאַזאַנאָוויטשעס „דער קריזיס פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע און דער מאָראַלישער באַנקראָט פון דער איקא אַדמיניסטראַציע", ספּעציעל צו דעם קאַפּיטל פון דעם אינטערעסאַנטן בוך, וואו עס רעדט זיך וועגן דער איקאַס באַאַמטן־אַבסאָלוטיזם, און אויך צו מרדכי אַלפּערסאָנס „דרייסיק יאָר אידישע קאָלאָניזאַציע", וואו אירע מעשים און געשטאַלטן קומען אַרויס אַזוי בולט אויפן אַלגעמיינעם פאָן פון דער מאַרטיראָלאָגיע, וואָס רופט זיך איקא־קאָלאָניזאַציע.

מיר וואָלטן נאָך דאָ געקענט אויסרעכענען אַ ריי פאַקטן וואָס לייקענען אָפּ איר פילאַנטראָפּיע אין אַלגעמיין און איבערהויפּט איר פילאַנטראָפּישע קאָלאָניזאַציע, נאָר דאָס וואָלט צו פיל פּלאַץ פאַרנומען. מיר קענען אָבער נישט פאַרבייגיין אירע „פילאַנטראָפּישע" פּרייזן וואָס זי שטעלט אויף דער ערד, וואָס זי גיט צום בויען אין די שטעטלעך וואָס האָבן זיך געבילדעט צווישן די אידישע קאָלאָניעס. די פּרייז אויפן מעטער איז דאָרט כּמעט דער זעלבער און פיל מאָל העכער ווי אין דער גרויסער שטאָט. ווען מען פרעגט אין דער דירעקציע: סטייטש, היתכן? מאַכט זי אַ פרום פּנים און ענטפערט אַז דאָס איז דאָך די אייגנטלעכע פילאַנטראָפּיע; זי וויל נישט דערלאָזן אַז די אידישע קאָלאָניסטן זאָלן אוועקוואַרפן דאָס פעלד און קומען אין שטאָט וואוינען. די הויכע דירעקטאָרן פון פּאַריז און גלאַט פּאַריזער איקאַנעסט, וואונדערן זיך נאָך עד־היום, ווען זיי זעען אַ אידישן קאָלאָניסט נישט אין לאַפּטיעס מיט אַ צעריסענער סערמיעגגאַ און נישט עסנדיק קיין שוואַרצן האַלב־רויען ברויט לויטן מוסטער פון אַ רוסישן מוזשיק פונעם צאַרס צייטן, וועלכער איז זייער אידעאַל פאַרן אידישן קאָלאָניסט. נאָר די שטעטלעך ווערן דאָך פאַרבויט, די ערד ווערט פאַרקויפט אַזוי ווי צוקערלעקעך אויפן מעטער צו גרויס־שטאָטישע פּרייזן, וואָס לייגן זיך דערנאָך אויפן קאָלאָניסט דורך דער טייערונג פון די אַרטיקלען וואָס ער מוז קויפן אין שטעטל. און... האָט אויך

דערביי די איקא קיין ריוח נישט? אָבער, אום גאָטעס ווילן! ווי טאָר מען דאָס אָנרופן „ריוח", דאָס איז דאָך ריינע פילאַנטראָפּיע! דאָס געלט פאַלט נישט אריין צו קיין קאַפּיטאַליסטן, נאָר עס ווערט פאַר דעם אויסגעהאַלטן אַ צאָלרייכע טייער באַצאָלטע און פאַרשווענדערישע ביוראָקראַטיע, וואָס עסט אויף דעם שוויים פונעם קאָלאָניסט, מיטן זעלבן אַפּעטיט און אין אַ גרעסערער מאָס ווי דער פּריוואַטער קאַפּיטאַליסט.

---

איצט ווען מיר נעמען דעם פריערדיקן קאַפּיטל, דעם קאַפּיטל 5 פונעם דאָקומענט, וואָס רעדט וועגן דער קאָלאָניזאַציע־סיסטעם.

„נאָך אייניקע פּרוּוון, זאָגט זיך דאָרט, איז די איקא געקומען צו דער געלונגנסטער קאָלאָניזאַציע סיסטעם". אין וואָס באַשטייט ער? — „דער קאָלאָניסט ווערט אויסגעקליבן פון צווישן די פעלדאַרבעטער, וואָס וואוינען וויינקסטנס זייט אַ יאָר אין לאַנד. און דאַן, אַז ער ווערט קאָלאָניזירט, גיט מען אים אַ קרעדיט, וואָס איז פריער באַשטאַנען פון 3.000 פעזעס, דערנאָך פאַרקלענערט אויף 2.500 און צולעצט במעט איינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן, מחמת — זאָגט זיך דאָרט — די פעאיקע פעלדאַרבעטער שפּאָרן זיך שטענדיק אָפּ דעם נויטיקן קליינעם קאַפּיטאַל אויף איינצואָרדענען זיך.

איר פאַרשטייט? די איקא־קאָלאָניזאַציע, דאָס איז דער אידעאַל, דאָס איז דער געטלעכער קולט, דאָס איז די אידייע, פאַר וועלכער די מענטשהייט דאַרף געבן אירע קרבנות. און וואָס איז אַ מענטשנס לעבן? און וואָס איז דאָס לעבן פון גאַנצע פאַמיליעס וואָס ווערן געשטעלט אויף דער פּ ר ו א וו, כדי אויסצואוויילן פון זיי דעם גליקלעכסטן וואָס זאָל זוכה זיין אָפּגעגעבן צו ווערן צו דער דרייסיק יעריקער שקלאַפעריי (אין בעסטן פאַל) פון דער איקא קאָלאָניזאַציע? און וואָס איז מיט יענע פאַמיליעס וואָס זיינען נאָך דער פּרוּוו נישט געפעלן געוואָרן דער איקא אַלס קאָלאָניזאַציע־מאַטעריאַל? דאָס הייסט י אָ אָפּגעפּלאָגט זיך, אוועקגעלייגט אַזוי פיל מי, אַזוי פיל האָפענונגען, געגרייט זיך צו אַ קאַריערע אין לעבן, און דאָ קומט די איקא־דירעקציע און זאָגט: ניין, איר געפעלט מיר נישט, איר מוזט פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ פאַר אַן אַנדער פאַמיליע, וועלכע מיר דאַרפן שטעלן צום

פּרואוו. און אויסגעבראַקעוועט ווערן גראָדע נישט די פּעאיקע, נאָר די וואָס ווייזן זיך אַרויס פּאַר צו באַוואוסטזיניק אויף זייערע רעכטן.

מיר האָבן אויבן אָנגעוויזן אויף די איבער טויזנט קאַנדידאַטן, וואָס די איקא האָט אָנגעגעבן אין איר באַריכט פון 1916. וואָס איז מיט זיי געוואָרן? זי האָט דאָך פון דעמאָלט אָן קאָלאָניזירט בלויז פון 30 ביז 50 קאָלאָניסטן יערלעך! ווייסט איר וואָס דאָס הייסט אויס־האַלטן אַ פאַמיליע פון באַטראַק-אַרבעט אין קאָלאָניע, וואו אַרבעט איז פאַראַן בלויז אין געוויסע ציַיטן פון יאָר! נאָר וואָס קימערט דאָס דער פילאַנטראָפּישער, מענטשנליבנדער איקא? דאָס זיינען דאָך פּסו־לת, דער אָפּפאַל איבער וועלכן עס טרעט דער „גליקלעכער", דער אויבערמענטש, אָדער פּאַרקערט, דער שטילינקער און נכנעדיקער פעלדאַרבעטער וואָס האָט געהאַט די זכיה געפעלן צו ווערן דעם איקא־אַדמיניסטראַטאָר פאַר אַ קאָלאָניסט.

און איצט דער קרעדיט: דער קרעדיט, זאָגט זיך אינעם דאָקו־מענט איז באַשטימט אויף איינצואָרדענען יעדן קאָלאָניסט (אַרומצוי־מינג, אַ הויז, אַ ברונעם, אַגראַר-מאַשינען און בהמות צו דער אַרבעט און אויף פליד)". די טייטש דערפון איז אַז דעם קאָלאָניסט ווערט גע־געבן אַ הויז וואָס האָט קיין צוויי גראָשן נישט די ווערט, דאָס זעלבע איז מיט די מכשירים און מיט די בהמות, וואָס האָבן אַרום און אַרום נישט די ווערט אַ דריטל פון דער סומע וואָס ווערט זיי פאַררעכנט אַלס קרעדיט. אויב לעצטנס איז דער קרעדיט כמעט אָפּגעשאַפט גע־וואָרן, איז עס פּשוט דערפאַר וואָס די קאָלאָניסטן ווילן נישט די דאָזיקע „טובה", וואָס קען זיי קאָסטן נאָך עטלעכע יאָר שקלאַפעריי, און באָרגן זיך ערגעץ אַנדערש מזומן געלט, פאַר גרויסע פּראָצענטן אפילו, אָבער דערפאַר איז דער איקא־האָרב קלענער אויף די פּליי־צעס און דאָס גאַנצע ביסל רעמאַנענט קאָסט אַ סך ביליקער.

אינטערעסאַנט איז אָבער ווי דער פאַרפאַסער פונעם דאָקומענט פאַרגעסט זיך צום סוף, אין זיין פאָרשלאַג וואָס ער מאַכט דער רע־גירונג, און פאָדערט מען זאָל איר איבערגעבן די ערד פון טשאַקאָ צום קאָלאָניזירן, אין נאָמען פון דעם „קרעדיט" וואָס זי גיט די קאָלאָניסטן, ווייל די ערד ווערט דאָך אָפּגעגעבן אומזיסט.

דערפון איז געדרונגען איינס פון די צוויי; אָדער די איקא איז

טאקע אזוי פארגלויבט אין דער געטלעכקייט פון איר מיסיע, צו האלטן אונטער איר שוץ אויף אלע אייביקייטן די קינדער פון ישראל צוליב... די צוועקן וואָס זי רעכנט אויס אין אירע ווייטערדיקע קאַפּיטלען פונעם דאָקומענט (אסימילירן, פּאַטריאָטיזירן און מאָראַליזירן דורך רעלי־גיעזע טראַדיציעס, אידיאָטיזירן ביז זיי זאָלן באַקומען דאָס געש־טאָלט פון די אַלטע רוסישע פּויערים און די גערדאַנקען פון די איקא־יאַהודים...) אָדער די איקא וויל פּשוט פאַראייביקן איר עקזיסטענץ דורך דער פאַראייביקונג פון דער קאָלאָניזאַטאָרישער פאַרשקלאַפונג־ארבעט. און די טייער באַצאָלטע איקא דירעקטאָרן אין די גאַנצע איבע־ריקע ביוראָקראַטיע האָט אוודאי מורא אָנצוּוואוערן אזא פעטן טאָפּ, ווי עס איז די איקא־קאָלאָניזאַציע, פון וועלכן מען קען עסן מיטן גרויסן פאַלאָניק ס'זאָל רינען איבער די ליפּן.

---

און אָט קומט דאָס קאַפּיטל זיבן פון דעם איקא־דאָקומענט, וואָס דערציילט, אַז „די איקא האָט זיך נישט באַשרענקט בלויז אויף דער ארבעט צו באַזעצן די קאָלאָניסטן, נאָר זי האָט אויך געהאַלטן פאַר איר חוב צו פירן זיי אויפן גוטן וועג ריכטנדיק זיי אויף קולטורעלער דערציאונג", אַז זי האָט אוועקגעשטעלט אָן דער שפּיץ פון די קאָ־לאָניעס אדמיניסטראַטאָרן אַגראָנאָמען, אַז זי האָט געשאַפן עקספּע־רימענטאַלע טשאַקרעס...

וואו איז דער עמעס? איקא האָט געשיקט אהער אַגראָנאָמען — פראַנצויזישע, אַזעלכע וואָס האָבן געקענט די אייגנשאַפטן פון דער פראַנצויזישער ערד, נאָר נישט פון דער אַרגענטינישער; זיי האָבן אפילו נישט פאַרשטאַנען דעם כאַראַקטער פון דער אַרגענטינישער קאָ־לאָניזאַציע מיט איר עקסטענסיווער אַגריקולטור, מיט די באַזונדערע באַדערפעניש פון אזא סאָרט ארבעט, וואָס פאָדערט מערערע מאַשי־נען, געלט און ארבעט־הענט, און אין זייער דאָפּלטער ראָל אַלס אד־מיניסטראַטאָרן און אַגראָנאָמען זיינען זיי דורכגעפאַלן. אַלס אַגראָ־נאָמען, ווען אַפילו זיי האָבן געגעבן די קאָלאָניסטן עצות, האָבן זיי שטענדיק געבראַכט צו א פיאַסקאָ און אַלס אדמיניסטראַטאָרן האָבן זיי גאָרנישט אויפגעטאָן צום גונסטן די קאָלאָניסטן, נאָר שטענדיק זיי צום שלעכטן; זיי זיינען געווען בלויז די בייטש פון דער איקא־דיי־

רעקציע, וואָס האָט אָפּטמאָל געשמיסן אויך אויפן אייגענעם חשבון, אויף וויפל די איקא־דירעקציע אליין האָט נישט גענומען אין אכט דעם ארבעטס־אופן אין ארגענטינע, קען דינען איר פּארבאָט צו אר־בעטן מיט מענטשן נישט פון דער פאמיליע, וואָס דאָס איז ביי דער עקסטענסיווער ערדארבעט א זאך פון דער אומעגלעכקייט.

און איצט: עקספּערימענטאַלע טשאקרעס.

וואו?

אין ארגענטינע איז אזעלכעס נישטאָ.

אפשר ערגעץ אין אנדערע לענדער?

מיר ווייסן פון אַן אגריקולטור שול פון דער איקא אין סאראַטע (בעסאראביע). פון נאָך איינער וואָס זי האָט געגרינדעט אין נאָוואָ־פּאָלטאַווקע ביי ניקאָלאַיעוו, פון איינער אין מינסק און פון איינער אפילו אין טשענסטאָכאָוו (פּוילן). צי זיי עקזיסטירן היינט ווייסן מיר נישט, נאָר אז זיי זיינען דעמאָלט געווען איבעריקע דאָרט, דאָס איז זיכער; וואָרום ערד באַקומען האָבן זיי אין רוסלאַנד דעמאָלט נישט געקענט, ביי קיין פריצים ארבעטן אויך נישט, זיי האָבן נישט גע-מאָרט וואוינען אין די דערפער, און אויף ארויסצושיקן קיין ארגענ־טינע, קיין קאַנאַדע, אוודאי נישט, וואָרום מען האָט זיי געלערנט רו־סישע אגריקולטור און פּיצוכט און נישט קיין ארגענטינישע אָדער קאַנאַדישע.

דאָ אין ארגענטינע האָט די איקא נישט קיין עקספּערימענטאַלע טשאקרעס און נישט קיין אגראַר-שולן.

מהשבותן, עקספּערימענטאַלע קאָלאָניעס האָט זי יאָ; די קאָלאָניע דאָרא באַזונדערס. דאָ, אויף דער דאָזיקער אומגליקלעכער ערד, וואָס ליידט פון צופיל סאַליטרע, פון פאַרפלייצונגען אָדער פון טרוקענישן, פאַר וועלכער זי האָט באַצאָלט א גוואַלדיק איבערטריבענע פּרייז, צו־ליב דער שולד פון אירן אַ מענטשן, וועלכער האָט גענומען דערביי אַ פעט מעקלערייַ, אַ פּרייז וואָס פאַלט אויס צום קאָפּ פונעם קאָלאָניסט, האָט זי, אויפן חשבון פון די קאָלאָניסטישע ארבעטס־יאָרן, געמאַכט איין עקספּערימענט נאָכן צווייטן, ביז זי האָט זיך אליין מודה געווען אַז די דאָזיקע קאָלאָניע איז א דורכפאַל. פאַר די קאָלאָניסטן, פון דעסט וועגן, ווייל דאָס די איקא נישט מודה זיין און אפילו נאָך דעם

ווי פון די 81 קאָלאָניזירטע פאַמיליעס, זיינען דאָרט פאַרבליבן א צענט חלק, שיקט זי אהין נייע פאַמיליעס אויף פּלאַגעניש. און אפשר צוליב נייע עקספּערימענטן?

אינעם זעלבן קאַפּיטל באַרימט זיך איקא מיט די קאָאָפּעראַטיוועס וואָס זי האָט מ י ט ג ע ה אָ ל פ ן שאַפן. קאָאָפּעראַטיוועס איז זייער א גוטע זאַך; ווען אָבער, ווען די קאָלאָניסטן וואָלטן זיי געשאַפן אָן דער מיטהילף פון דער איקא. מיט איר מיטהילף זיינען זיי געוואָרן איקא־קאָאָפּעראַטיוועס. די פירער פון די קאָאָפּעראַטיוועס זיינען מערסטנס דער איקאס פאַוואָריטן און זיי האָבן געמאַכט פון די קאָאָפּעראַטיוועס נישט סטריקט עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס פאַר קויף און פאַרקויף פון די פּראָדוקטן, נאָר אַ מין פאַרמיטלונג און שתדלנות אינסטיטוציע צווישן דער איקא מיט דעם קאָלאָניסט, אָפּוועגנדיק ביי יעדער געלעגנהייט די קאָלאָניסטן פון א דירעקטער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פאַר דער יורידישער פּאַרטייידיקונג פון זייערע רעכטן. טרעפט זיך עפּעס אן עוולה פון דער איקא קעגן אַ קאָלאָניסט, וואַקסן אויס די פירער־פאַוואָריטן־שתדלנים און זיי מאַכן שוין אלצדינג גלאַט. און די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוו־פירער, וואָס האָבן שטענדיק געוואוסט ווי אזוי אויפצוהאַלטן זייער צווייידייטיקע פּאָזיציע, האָבן שטענדיק מסכים געווען צו די דראַקאָנישע מיטלען פון דער איקא, צו די „דעסאַלאָכאָס" (אַראָפּוואַרפן פון קאַמפּ), צו די „רעדוקציאָנעס דע טשאַקראס" (אָפּשניידן א האלב). און דערנאָך צו די געצוואונגענע „טראַנספערענסיאַס" (איבערגעבן א צווייטן).

די דאָזיקע קאָאָפּעראַטיוועס זיינען געשאַפן געוואָרן פון דער איקא דעמאָלט ווען זי האָט זיך אַרומגעזען אז קאָאָפּעראַטיוועס וועלן סיי ווי געשאַפן ווערן, נעמענדיק זיך אלס ביישפּיל אנדערע נישט אידישע קאָלאָניעס און אויך אונטער דער אַגיטאַציע וואָס האָט זיך צווישן די אידישע קאָלאָניסטן דאַן געפירט, און כדי זיי זאָלן נישט געשאַפן ווערן מיט באַפרייאונגס־טענדענצן, האָט זי אַראָפּגערעגנט מיט הלוואות פאַר דער גרינדונג פון די קאָאָפּעראַטיוועס, וועלכע זיינען איר פאַרפליכט, און אזוי ארום האָט זי די קאָלאָניסטן נאָך מער צוגעבונדן צו זיך און פאַרשקלאַפט.

מיר קומען איצט צו דער קרוין פון דער איקא־קאָלאָניזאַציע, צו איר דערציאונג-ארבעט, און מיר מוזן מודה זיין אז וואָס שייך דער דאָזיקער ארבעט אירער טרייבט זי נישט איבער אויף א האָר פאר זיין עקסעלענץ דעם מיניסטער, ווען דעם וואָס זי האָט געטאָן כדי צו אסימילירן די אידישע קינדער; אפילו מיט א סדור אויף שפּאניש האָט זי זיי פארזאָרגט. פארקערט, זי פארקלענערט נאָך איר גרויסן אויפטו דאָרט וואו זי איז זיך מודה אז זי האָט אָנגעשטעלט אירע אייגענע לערער, מחמת „די היזיקע וואָלטן זיך נישט געקענט פארשטענדלעך מאַכן ביים אידיש־רוסישן עלעמענט”. אין דער אמתן האָט זי אויפגעטאָן אזעלכעס וואָס ווען דער מיניסטער ווייסט עס, וואָלט ער קיין סאך נישט געקלערט און וואָלט באלד געראַטן דער רע-גירונג זי זאָל צוריק אָפּגעבן די שולן אין די אידישע קאָלאָניעס דער איקא. זי האָט געשטעלט אלס לערער פאר די אידיש־רוסישע קינדער — אידן פון מאראָקאָ, וואָס האָבן נישט פארשטאַנען די אידישע קינדער פון רוסלאנד און האָבן זיי געפייניקט און זיך נוקם געווען אָן זיי, ווי די אויסגעפּראָוואָסטע יעזואיטן וואָלטן דאָס נישט געטאָן, אָט די מאראָקאנער לערער האָבן געטאָן מיט גרויס אייפער די ארבעט צו פארמיאוסן דעם אידישן אונטעררירכט ביי די אידישע קינדער, אלס אינספּעקטאָרן פון די שולן, האָבן זיי שטענדיק געזוכט צו דערנידער־ריקן אין די אויגן פון די קינדער דעם לערער פון אידיש וואָס האָט זיך אין די שולן געפונען, און נישט נאָר דעם לערער, נאָר אפילו די עלטערן, אויך פאר די קינדער אין די אויגן, באהאנדלענדיק און רייד־נדיק צו זיי ווי צו נידעריקשטיינדיקע, ווי צו שנאָררערס.

די איקא האָט אויך נישט דערמאָנט דעם אידישן אונטעררירכט וואָס זי האָט געגעבן פאר די אידישע קינדער, און פון דעסט וועגן האָט זי ניט מיט וואָס צו שעמען זיך; קיין גרויסן חטא קעגן דער אסימי־לאַציע איז זי מיט אזא אידשן לימוד נישט באגאַנגען. קריאת שמע און מודה אני פארטייטשט אויף שפּאניש, און אפילו „קרא מקרא”, וואָס דערציילט דעם קינד פון אזעלכע לעבעדיקע קעגנשטאנדן ווי אדוני גאָט אלהינו אונדזער גאָט, און אידישע געשיכטע אויף שפּאניש און העברעאיש, וואָס הויבט זיך אָן מיט דער מעשה ווי גאָט האָט די וועלט באשאפן אין זעקס טעג און ענדיקט זיך אין א צוויי צענדליגג

בלעטלעך ארום דערמיט ווי דער באראן הירש מיט דער איקא האבן גליקלעך געמאכט די אידן אריינפירנדיק זיי קיין ארגענטינע, איז נישט פיל ערגערערע דערציאונג ווי דער שפאנישער לימוד פון די מאראקאנער לערער...

ווען דער מיניסטער לע ברעטאן ווייסט ווי דאנקבאר די אידישע קאלאניסטן זיינען געווען דעם לאנדראט פאר דערציאונג וואס ער האט איבערגענומען די שולן ביי דער איקא. ערשטנס איז מען פטור געווארן פון די מאראקאנער אידישע אנטיסעמיטן, צווייטנס, איז מען פרייער געווארן מיט דעם אידישן למוד. ווער קוקט עס היינט אן קאזעסעם סדורל אין א אידישער שולע אין דער פראווינץ. עס הערשן נאך אפילו אין די קאלאניעס די „רעליגיעזע קורסן" פונעם „ועד החנוך", אבער דאך זיינען די דאזיקע שולן פרייער ווי די פריערדיקע „ראשית דעת" און „קרא מקרא"־שולן, און אין אנדערע קאלאניעס גרינדן זיך שוין שולן וואס זיינען אינגאנצן פריי פון דער רעליגיעז־אסימילאטארישער ווירקונג. און וואס איז ווערט דאס וואס מען האט ביי די קאלאניסטן אראפגענומען דעם דירעקטן שול־שטייער פון 30 פעזעס יערלעך, וואס די איקא פלעגט אויפמאנען און זיי באקומען איצט דעם עלעמענטארן אונטערריכט אומזיסט, דאס הייסט אויפן חשבון פון זייערע אינדירעקטע שטייערן צו דער מלוכה, פונקט ווי אלע קינדער פונעם לאנד?

מיר זיינען אלזא גאנץ צופרידן וואס די איקא האט זיך אויפגעהערט מישן צו דער דערציאונג פון אידישע קינדער אין די קאלאניעס און האט זיי איבערגעלאזט אויף דעם נאטירלעכן אויסוואל פון זייערע עלטערנס בירגערלעכע רעכטן און סענטימענטן און פון זייערע אייגענע אידיש־נאציאנאלע סימפאטיעס.

---

דא קומט דאס ארטיקל 9, וואס רעדט וועגן די ארגענטינישע סענטימענטן און וועגן דעם ציוניזם ווי עס פארשטייען אים די אידישע קאלאניסטן אין ארגענטינע. מיר וואלטן דא נישט וועלן אריינגיין אין א פאלעמיק מיט דער איקא, פשוט ווייל מיר ווילן נישט משיג גבול זיין די ציוניסטן וועלכע וועלן שוין געווים איר נישט פארשווייגן פארוואס זי מאכט פונעם ציוניזם א צדקה־זאך און פון די קאלאניסטישע ציונים

— זעיר אנפינם פון די יאהודישע צילינדערס פון „פראנקרייך, ענג־לאנד, איטאַליע, די פאראייניקטע שטאטן און — נאטירלעך ארגענ־טינע". וואָס מיר האָבן דערויף צו זאָגן איז אַז דאָס איז א שטיק מה־יפית, וואָס גיט נישט צו קיין גרויס כבוד, נישט אונדז אלס אידן און אפילו נישט איר אליין אלס אידישן אנשטאַלט, און פשוט אלס מענטשן וואָס פרעטענדירן אויף זעלבסטווירדע.

וואָס עס איז צו באוואונדערן איז די חוצפה מיט וועלכער דער דאָקומענט רעדט וועגן דער איקאָס מיסיע צו ראטעווען די אידישע נשמות. די נפשות זייערע האָט זי דאָך שוין געראטעוועט און קלייבט זיך ערשט צו ראטעווען, ווי זי באַשרייבט דאָס אזוי דייטלעך אין די ווייטערדיקע קאפּיטלען, (וואָס מיר וועלן זיך אָפּשטעלן אויף זיי צום סוף) און ווי דאָס ווייזט איר 30 יעריקע קאָלאָניזאציע פּראַקטיק, וואָס איז רייך מיט אזוי פיל אומגליק און קנעכטשאפט!

---

די איקא האָט זיך געשטעלט אלס ציל צו ראטעווען דאָס אידישע פאָלק. איז זי דאָך די יורשטע פונעם באראָן הירש, וועלכער האָט גע־וואָלט פארוואנדלען דאָס אידישע קרעמער פאָלק, דאָס פאָלק פון די מנחם מענדלס מיט זייערע לופט־פּרנסות אין א פאָלק פון ערדארבע־טער, פון לאַנדווירטן, און האָט צוליב דעם זיין גאנץ פארמעגן אוועק־געגעבן. און אינעם קאפּיטל 10 פונעם דאָקומענט, רעדט זי טאקע צום מיניסטער לע ברעטאָן מיט אזא פרומען פּנים וועגן איר הויפּט־צוועק, וואָס וואָלט נישט פולשטענדיק געווען, ווען זי זאָל נישט האָבן די מעגלעכקייט ווייטער אָנצוגיין מיט זיין דורכפירונג. און אַז דער צוועק באַשטייט אין: „העלפן אונדזערע פארפאָלגטע גלויבנסגענאָסן אין אייראָפּע צוליב רעליגיעזע און ראַסן־מאָטיוון, באזעצנדיק זיי אין פרייע לענדער, ווי די אמעריקאנישע, און צושטעלנדיק זיי דעם אָרנט־לעכסטן מיטל צו פארדינען זיך דאָס לעבן אלס ערדארבעטער".

איז דאָך דאַכט זיך גוט. מיר דאנקען צוזאמען מיט כל ישראל דער איקא פאר איר גרויסן היסטאָרישן אויפטו. נישט אומזיסט האָט די איקא און איר ארגענטינישע קאָלאָניזאציע פארנומען אין דעם אידישן מח דעם זעלבן פּלאץ וואָס דער אידעאל פון ישוב ארץ ישראל און ביי פּראַקטישע מענטשן, ביי ווייניקער טרוימערישע נאטורן,

אפשר נאָך א וויכטיקערן פּלאַץ. איקא וועט פארוואנדלען קרעמער אין ערדארבעטער, פישל דער מלמד וועט אריין אין דער הויט פון פראקאָפּ באראַניוק...

לייענט איר אָבער דאָס קאפיטל 11, וואו די איקא דערציילט דעם מיניסטער, פון וואנען זי נעמט דעם עלעמענט צום קאָלאָניזירן, און איר געפינט אויס, אז... „אין רוסלאנד, אין אוקראַינע, אין ליטע, אין פּוילן און אין בעסאראביע איז פאראַן א גרויסער קלאַס אידישע ערדארבעטער, אחוץ אזעלכע וואָס גיבן זיך אָפּ מיט ספּעציעלע קול־טיווירונגען: גאָרטנוואַרג, מילך-ווירטשאפט, טאבאק פלאנצונג און וויינגערטנעריי, א. א. וו.״ און אָט דעם דאָזיקן עלעמענט וויל די איקא אריבערנעמען פון דאָרט אהער...

און עס פרעגט זיך איצט:

וואָס פאָרט איז דער הויפּטצוועק פון דער איקאַ? איז איר צוועק צו פארוואנדלען די אידישע לופט מענטשן אין אקערבויער אָדער איר הויפּטצוועק איז צו קאָלאָניזירן ארגענטינע, און זי נוצט אויס צוליב דעם דעם אקערבויער-עלעמענט וואָס געפינט זיך שוין צווישן אידן, דיעם עלעמענט, וואָס „די רוסישע רעגירונג האָט באזעצט (פון אירט וועגן!) צווישן די יאָרן 1807 און 1840״, און וואָס די „דייטשע אָקור־פּאציע האָט לעצטנס געשאפן אין פּוילן און ליטע״?

יאָ, דער דאָקומענט דערציילט ווייטער פון א חורבן אין אוק־ראַינע, פון פּאָגראָמען, פון א הונגער וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן נישט אין דער געשיכטע, פון רעליגיעזע און ראסן־פארפאָלגונגען און זי וויל דעריבער ארויסראטעווען די אידן אין א לאנד פון פרייהייט.

פארוואָס־זשע גראָד דעם אקערבויער עלעמענט ארויסראטעווען? און די איבעריקע אידן האָבן פון דעם אלעמען נישט געליטן? פאַר־קערט, מיר מיינען אז דאָס אליין וואָס די אידן גייען איבער אין יענע לענדער צו ערד-ארבעט איז שוין זייער רעטונג. ראטעווען דאַרף מען די וואָס קענען נישט אין רוסלאנד, אוקראַינע, ליטע, פּוילן און בע־סאראביע איבערגיין צו ערד-ארבעט און בלייבן שטעקן אין די לופט־פּרנסות.

און וואָס איז דער לעצטער אָפּמאַך פון דער איקא מיט סאָוועט־רוסלאנד וועגן קרעדיטירן די דאָרטיקע אידישע ערד־ארבעט מיט זריעה, בהמות און ארבעטס־מכשירים? און וואָס איז איר לעצטע

קאָלאָניזאַציע־טעטיקייט אין בעסאַראַביע? איקא גיט דאָך דאָס אַלץ מיט דעם צוועק צוריקצובאַקומען און האָט בפירוש לעצטנס געפּאָדערט פון די אידישע קאָלאָניסטן אין סאָוועט־רוסלאַנד גוטע וועקסלען פאַר דעם קרעדיט וואָס זי האָט זיי געגעבן! גלויבט זי נישט אין זייער צוקונפט אין רוסלאַנד און אוקראַינע, און זי וויל זיי איבערנעמען אין דער פרייער ארגענטינע, טאָ ווי אזוי העלפט זי זיי נאָך מער איינפונדעווען זיך אין יענע „גרויזאַמע" לענדער?

געפינט אפשר אויס די איקא, אַז די באַדינגונגען פון דער אידישער ערד־אַרבעט אין יענע לענדער זיינען שלעכטע און זי וויל זיי איבערברענגען אין בעסערע באַדינגונגען?

ביי די היינטיקע רעכט פון דעם פויער אין רוסלאַנד, ביי דער היינטיקער רוסישער געזעצגעבונג וואָס דערלאָזט נישט אָפּצונעמען ביים פויער זיין ערד פאַר וועלכן עס איז א חוב, ווי די איקא אַליין האָט זיך לעצטנס איבערצייגט, ווען אויף איר פאָדערונג פון וועקסלען ביי די דאָרטיקע אידישע קאָלאָניסטן, האָט מען איר געענטפערט מיט אַ קאָלעקטיוון נ יי ן, איז אסור אויב עס לוינט זיך פאַר די דאָרטיקע אידישע קאָלאָניסטן דער אומבייט, צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד וואו זיי האָבן אלע רעכטן, מיט דער אידעאַלסטער אגראַר־געזעצגעבונג און אריבערקומען אהער, וואו אויב אפילו עס איז פאַראַן אַ געזעץ וואָס שיצט עטוואָס דעם קאָלאָניסט ארענדאַר, גילט ער פאַר יעדן, אויסער פאַר דער איקא, וועלכע גייט אים אזוי קונציק ארום.

און אפשר ד ע ר פ א ר זוכט טאַקע די איקא יענעם ערד־אַרבעטער עלעמענט פון רוסלאַנד און אוקראַינע אריבערצוברענגען אהער, ווייל דאָ איז זי פרייער צו טאָן מיט אים וואָס איר לוינט, נאָכדעם ווי זי האָט זיך ארומגעזען אַז אין רוסלאַנד קען מען דאָס נישט?

אירט זאָגן אַז פאַרן מיניסטער האָט מען אנדערש נישט געקענט שרייבן, אַז מען דאַרף אים פאַרשטעלן דעם אידישן קאָלאָניזאַציע־עלעמענט אלס אַן אידעאַלן, שוין פאַרטיקן, איינגעאַרבעטן אין דעם פאַך, כדי ער זאָל האָבן מער חשק אָפּצוגעבן די טשאַקאָ פאַר אידישער קאָלאָניזאַציע; אירט זאָגן אַז פאַר אַן ארגענטינישן מיניסטער דאַרף מען אָנוואַרפן די שוואַרצסטע פאַרבן אויף סאָוועט-רוסלאַנד ווען

מען דערמאָנט זי, ווידער כדי אויסצונעמען ביי אים מיט שנאה צו די באָלשעוויקעס און מיט דער ליבע צו דער ארגענטינישער פרייהייט. מיר זיינען דערמיט נישט מסכים. נאָך איין זאַך וועט מען אונדז נישט איינריידן נאָך דעם און נאָך דער פּראַקטיק וואָס מיר זעען פאַר זיך טאָג־טעגלעך; איר וועט אונדז נישט איינריידן אַז די איקא זעצט פאָר איצט דעם אידעאל פונעם באַראָן הירש צו פארוואַנדלען דאָס אידישע קרעמער־פאָלק אין ערד־ארבעטער, אַז איר קימערן די „רע־ליגיעזע און ראסן פארפאָלגונגען" און אפילו די פּאָגראָמען (די סוב-סידיעס צו דער פּאָגראָם־כאַליאַסטרע אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, זאָגן דאָך עפּעס!). דער אמת איז, אַז די איקא, דאָס הייסט, אירע פירער און איבערהויפּט איר ביוראָקראַטיע, זוכט אָנצוהאַלטן דאָס אָנגעוואַ־רעמטע פּלאַץ, וואו זיי זיינען איצט לחלוטין איבעריק.

דאָ אין ארגענטינע קען די אידישע קאָלאָניזאַציע ווייטער אָנגיין אָן דער אַפּוטרופּסות פון דער איקא, די אידישע קאָלאָניזאַציע, פאַר-קערט, קען זיך ערשט צעבליען, ווען די אַפּוטרופּסות פון דער איקא זאָל אראָפּגענומען ווערן. דאָס איינציקע וואָס עס בלייבט פאַר דער איקא צו טאָן און פאר וועלכן זי וואָלט באמת פארדינט אנערקענונג, איז פארוואַנדלט צו ווערן אין א קרעדיט־געזעלשאַפט פאר אידישער קאָלאָניזאַציע. אויך אירע אַלטע חובות ביי די קאָלאָניסטן קענען אויפגעמאָנט ווערן דורך דער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, דורך די קאָלאָניסטישע ווירטשאַפטלעכע קהילות, וועגן וועלכע מיר האָבן שוין אַמאָל גערעדט, אָדער דורך די קאָלאָניסטישע קאָאָפּעראַטיוועס.

אין איר מעמאָראַנדום צום אגריקולטור־מיניסטער, זוכט די איקא צו געווינען זיין סימפּאַטיע פאַר איר קאָלאָניזאַציע אויף רעגירונגס לאַנד מיט דעם פּאַטריאָטיזם פון די ארגענטינער אידן.

מר ווייסן נישט צי דאָס איז נויטיק, וואָרום גראָד דער מיניס-טער לע ברעטאָן, א מיטגליד פון דער ראַדיקאַלער פּארטיי, ווייסט, אַז א גרויסע צאָל אידן זיינען באַטייליקט אין דער לאַנד־פּאָליטיק און עס איז נישטאָ קיין בעסערער באַווייז פון פּאַטריאָטיזם ווי דער אָנ-שלוס פון א בירגער צו א פּאָליטישער פּארטיי, וואָס איר ציל איז דער וואוילזיין פונעם לאַנד, די פעסטע פּאָזיציע פונעם לאַנד צווישן די שכנים און זיין גוטער נאָמען אין דער וועלט.

נאָר לאָמיר זאָגן, אַז דאָס איז נויטיק, אַז מען האָט געדאַרפט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער רעגירונג אויף אַט דעם כאַראַקטער־שטריך פון די אידישע איינוואַנדערער, וואָס קומען דאָ זוכן אַ סטאַבילע היים און זייער געדאַנק איז איינצואַוואָרצלען זיך אין לאַנד, וואָס זשע קער זיך דאָס אָן מיט אידישע נאַציאָנאַלע (אָדער ווי אין מעמאָראַנדום שרייבט זיך: נאַציאָנאַליסטישע) סענטימענטן און מיט ציוניזם?

ווידער אמאָל, ווייסט דער הער מיניסטער — אַ לאַנגיעריקער דיפּלאָמאַט פון דער אַרגענטינישער רעגירונג אין אויסלאַנד — און די רעגירונג גופא, וואָס האָט אויפגענומען מער ווי איין מאָל ציוניסטישע דעלעגאַציעס און האָט אויסגעהערט זייערע ביטעס צו שטיצן די ציוניסטישע פאָדערונגען ביי דער פעלקער־ליגע, אַז ציוניזם איז אַ פּאָליטישע באַוועגונג, וואָס שטרעבט צו אַן עפנטלעך רעכטלעך געזיכערטער היים אין פּאַלעסטינע, און ער איז אַזאַ דאָ אין אַרגענטינע, ווי איבער דער גאָרער וועלט; איז וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס ווען איקאַ וויל איינריידן דעם מיניסטער, אַז „דער ציוניזם פון די אַרגענטינישע אידן איז אויסשליסלעך אַ הומאַניטערער און באמת זיך בלויז „פאַר די פאַרפאָלגטע אידן פון מזרח אייראָפּע (פּוילן, רומעניע, אונגאַרן, רוסלאַנד)" און נישט „פאַר די אידן פון די פרייע און ציוויליזירטע לענדער"...?

נישט די ציוניסטן אין כלל און נישט די קאָלאָניסטן, וואָס זיינען אין זייער גרעסטער מערהייט ציוניסטן, וועלן דאַנקבאַר זיין דער איקאַ פאַר אָט דער באַמיונג אירער אויסצושפּרייטן איבער זיי די אַזוי גערופענע אידעאָלאָגיע פון די איקאַ־יאַהודים, וואָס ציטערן אימת מות מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין דאָפּלטער נאַציאָנאַליטעט. דער געזונטער פאַרשטאַנד פון די נישט־אידן זעט נישט אין דער איִדישער שטרעבונג צו בילדן אַ אידישע מלוכה אין פּאַלעסטינע אָדער אויף אַן אַנדער דערצו באַשטימטער טעריטאָריע, עפּעס אַזוינס וואָס איז קעגן דער ליבע און דעם אינטערעס פון די אידן פאַר דעם לאַנד וואו זיי לעבן און שאַפן, און פאַר אַנטיסעמיטן איז נישט שייך זיך צו פאַרענטפערן. זיי זיינען ווי יענע בייזע שוויגער וואָס אַז די שנור גייט פּאַוואָליע זאָגט זי, זי קריכט און אַז זי גייט גיך, זאָגט זי, זי

רייסט די שיך; זיינען אידן ציוניסטן, שרייען די אַנטיסעמיטן, אַז זיי זיינען פאַלשע בירגער; זיינען זיי נישט קיין ציוניסטן, טרייבן זיי זיי קיין פּאַלעסטינע...

גראָד איז אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה ביי אונדז אין אַרגענטינע געווען אין גאַנג אַ לאָזונג, אַז יעדער אינטעליגענטער מענטש האָט צוויי פאָטערלענדער: זיין אייגן לאַנד און פראַנקרייך, דאָס וויגעלע פון מענטשן רעכט און פרייען געדאַנק... און אָט דער לאָזונג האָט ארומגעכאַפּט מענטשן פון אַלע שיכטן, פון אַרבעטער ביז דער העכסטער אַריסטאָקראַטיע... איצט איז אין גאַנג אַן ענלעכער לאָזונג צווישן די אַרבעטער וועגן דעם ראַטנפאַרבאַנד.

וואָס נאָך, אין אַרגענטינע, אין דעם לאַנד פון אַזאַ פאַרשידנפעלקערדיקער איינוואַנדערונג, וואָס בילדעט די אַרגענטינישע נאַציע, דורך אייגענער נאַטוראַליזאַציע און דורך די געבוירענע דאָ זין; אין אַרגענטינע, וואו עס הערשט דער יורידישער פּרינציפּ פון לאַנד־געהעריקייט אַנשטאָט דעם אייראָפּעישן פּרינציפּ פון בלוט־געהעריקייט, ווי בכלל אין די אַמעריקאַנישע לענדער, אַ פּרינציפּ וואָס ליגט אינעם גרונט פון זייערע קאָנסטיטוציעס, איז אויך פאַרזיכערט דאָס רעכט פון אָרגאַניזאַציע און די שפּראַך־געמיינזאַמקייט און די זיטן־געמיינזאַמקייט פון די פאַרשידענע איינגעוואַנדערטע עטנישע גרופּעס נוצט אויס אָט דאָס רעכט אויף צו אָרגאַניזירן זיך אין „קאָלעקטיוויטעטן".

קיין איינער פון די קאָלעקטיוויטעטן איז ביז איצט נישט איינגעפאַלן זיך צו פאַרענטפערן פאַר עמיצן פאַר זייער גרופּירן זיך ארום זייערע „נאַציאָנאַלע" אינסטיטוציעס, ארום זייערע שפּיטעלער, מוטואַלע געזעלשאַפטן, שולן, צייטונגען, קלובן און אַלערליי אַנדערע קולטור־אינסטיטוציעס, אָדער אויסבאַהאַלטן זיי הינטערן שפּאַניערוועגטל פון רעליגיעזע מנהגים, ווי דאָס טוט די איקאַ אין איר מעמאָראַנדום צום אַגריקולטור־מיניסטער: „די אידישע באַפעלקערונג פון די קאָלאָניעס — זאָגט זיך אינעם מעמאָראַנדום — איז טיף אָנגעבונדן צו אירע רעליגיעזע מינהגים, וועלכע זיינען על פּי טעות פאַרמישט געוואָרן, דורך שלעכט אינפאָרמירטע מענטשן מיט געוואוינהייטן פון אַ אידיש־נאַציאָנאַליסטישן כאַראַקטער". און די אידישע דערציאונג וואָס איקאַ האָט „געשטיצט" אין אירע קאָלאָניעס שרייבט

זי שוין אויך צו די רעליגיעזע מנהגים און סענטימענטן פון די קאָ־לאָניסטן און אויך דערמיט וואָס דער רעליגיעזער סענטימענט „העלפט אויפהאלטן צווישן דער באפעלקערונג א געזונטע מאָראל און פעסטע פאמיליען־בענדער".

די אידישע קאָלעקטיוויטעט איבערן גאנצן לאנד, וואָס איז אָר־גאניזירט אַרום אירע וועלטלעכע קהלשע באַדערפעניש און נאציאָנאל אידישער סאָלידאַריטעט, וואַרפט אָפּ די בערישע טובה וואָס איקא האָט איר געטאָן מיט דער פארלייקענונג זייערער, ווען אפילו זי האָט עס געטאָן מיט די בעסטע כוונות און מיט דעם לשם יחוד פון ווייטער־דיקער קאָלאָניזאציע.

---

אין א ווייטערדיקן קאפיטל פון איר מעמאָראנדום חזרט איבער איקא דעם אלטן בילבול, אז איר קאָלאָניזאציע־ווערק איז פאראלי־זירט געוואָרן (א גאנץ צענדליגג יאָר. — רעד.) צוליב דעם מאנגל אין עלעמענטן צום קאָלאָניזירן, צווישן דער אידיש־ארגענטינישער באפעלקערונג און גיט אָן איר אלטן תירוץ, אז זי האָט נישט קאָלאָ־ניזירט צוליבן אָפּהאלט אין דער איינוואנדערונג א דאנק דער מלחמה. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אז ביידע תירוצים זיינען נישט אמת: הונדערטער קאנדידאטן און קאָלאָניסטישע זין, אויסגעפּרואוו־טע ערדארבעטער, קענען זיך נישט דערוואַרטן קאָלאָניזירט צו ווערן און מוזן סוף כל סוף אוועק פון קאָלאָניע.

אמת איז נאָר, אז סיי דער בילבול און סיי דער תירוץ ווערן געבראכט אינעם מעמאָראנדום צוליב א גוטער כוונה; איקא זאָגט דאָס, בכדי ווייטער מיט א קאפיטל אָנצואווייזן, אז איצט האָט זיך די לאגע געענדערט, אז דער חורבן און די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, ווי די גרויסע טרוקעניש, וואָס איז דאָרט היי־יאָר אויסגעפאלן, צווינגט די דאָרטיקע אידן אויסצואוואנדערן און דאָס אייגענע זיינען געצוואונגען אויסצוואוואנדערן מאסן אידן פון פוילן, ליטע און בעסאראביע. און גראָד איז אין אָט די לענדער, „קעגן דער אלגעמיין אָנגענומענער מיינונג, פאראַן א גרויסער קלאס אידישע ערד־ארבע־טער, וואָס זיינען באזעצט געוואָרן צווישן די יאָרן 1807 און 1840; ערדאַרבעטער זייט עטלעכע דורות, קרוב 15.000 משפחות און 296

קאָלאָניעס, אחוץ 25.000 משפחות צעשפּרייטע, אויסער די קאָלאָני־זאַציע־צענטערן, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט גאָרטנוואַרג, מילך־ווירטשאַפט, טאַבאַק־פּלאַנצונג, ווייַנגערטנעריי און א. וו., וואָס זייער צאָל איז אויסגעוואַקסן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע, ווען האַנדל און אינ־דוסטריע איז פּאַראַליזירט געווען און אידן האָבן אויך געמוזט פאַר־בּרעטן דאָס אָרט פון דער פריערישער באַפעלקערונג, וואָס איז פאַר־בליבן אין געפאַנגענשאַפט"...

מיר מיינען אפילו פאַרקערט, אז גראָד די אידישע באַפעלקערונג וואָס איז באַשעפטיקט אין די מזרח־אייראָפּעישע לענדער בא ערד־אַרבעט, באַזונדערס אין אוקראַינע, וועלן בא די נייע באַדינגונגען פון באַפרייטער ערד, נישט אויסוואַנדערן, נאָר ווי געזאָגט, די כוונה פון איקאַ איז א גוטע: זי וויל באַזעצן יענע אלע אידישע האָרעפּאַשניקעס אויף אַרגענטינישער ערד, און צוליב דעם בעט זי בא דער רעגירונג צוויי זאַכן: ערשטנס, דערלויבן יענע אלע געליטענע אידן אַריינצוקומען אין לאַנד און צווייטנס, אָפּגעבן דער איקאַ צום קאָלאָניזירן לײדיקע רע־גירונגס־ערדן, ווי אין דער טשאַקאָ־געגנט, וואָס ליגט אין צפון און אין די דרומדיקע געגנטן, אין פּאַטאַגאָניע.

---

און דאָ קומען די ווייטערדיקע קאַפּיטלען, וואָס גיבן דער רעגי־רונג א באַגריף און דערמיט אויך אונדז, ווי אזוי איקאַ דענקט צו קאָ־לאָניזירן.

וואָס שייך דער קאָלאָניזירונג פון אָט די נייע אידישע איינגע־וואַנדערטע אויף איר אייגענעם באָדן, וועט זי ווייטער אָנווענדן א סיסטעם — זאָגט איקאַ — וואָס באַשטייט אין באַזעצן דעם ערשט אָנגעקומענעם אויף א פּלאַץ פון 10 ביז 15 העקטאַר (מערסטנס פון 5 העקטאַר, וואָס זי אליין, אפּנים, גיט זיך חשבון ווי לעכערלעך נישטיק עס איז אזא קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע מיט אירע עקסטענ־סווע אַרבעטס אופנים. זי אליין פאַרשטייט, אז אזא קליינעם שטח לאַנד קען מען נישט אָנרופן „טשאַקרע" און זי רופט אים אָן „קינטאַ". א טשאַקרע, ביי די אַרגענטינער באַדינגונגען, מוז אַרומנעמען ווייניקסטנס 150 העקטאַר און א קינטאַ מיינט א גרינסגאָרטן.

איקאַ שטעלט פאָר פאַר דעם אַגריקולטור־מיניסטער אָט די קאָ־

לאָניזאַציע מיט אַזאַ מין אידיליע: „דער אימיגראַנט אָרדנט זיך איין אויף דעם פּלאַץ, פאַרנעמט זיך מיט עופות האָדעווען און מילך־קי, וואָס ער קויפט איין מיט דעם געלט, וואָס ער שפּאָרט אָפּ אָדער מיט אַ קליינעם קרעדיט, וואָס מען גיט אים, ער פאַרנעמט זיך מיט קול־טיווירן אַ גאָרטן און אַרבעט אין דער זעלבער צייט אַלס פעלד־אַרבע־טער צווישן די שכנישע קאָלאָניסטן און גוטבאַזיצער... דערנאָך, נאָך ווייניקסטנס איין יאָר פּרואוו, אויב דער אימיגראַנט ווייזט זיך פּעאיק צו דער אַרבעט און אויב ער פאַרמאָגט געוויסע אָפּגעשפּאָרט געלט, באַ־זעצן מיר אים דעפיניטיוו פאַר אַ קאָלאָניסט אויף אַ גרעסערן שטח און גיבן אים אַ קאָנטראַקט מיט אַ „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ" (אַ צוזאָג אים צו פאַרקויפן, ווען ער וועט די ערד האָבן אויסגעצאָלט נאָך דריי־סיק יאָר אַרבעט).

אַזוי ווי אָבער אָט די „אידיליע" איז שוין איינגעפירט זייט אַ יאָר צייט און דער מינימום פּרואוו פאַר די ערשטע קאַנדידאַטן איז שוין אַדורך, איז שוין צייט געווען צו זען ווי די אידיליע זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט און וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן דער פּרואוו גיט. לויט די ידיעות, וואָס מיר האָבן, לעבן די קאָלאָניזירטע אויף די „קינ־טעם" אין אַזאַ צושטאַנד פון אָרימקייט, אַז זיי מוזן שטענדיק אָנקו־מען צו דער שטיצע פון דעם „אימיגראַנטן־שוץ פאַריין", ריכטיקער צו די אָרטיקע סעקציעס זיינע, וואָס שטייען אין פאַרבינדונג מיט דער איקאַ־אַדמיניסטראַציע אין קאָלאָניע; אויף דעם זעלבן אופן ווי די צענטראַלע שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער איקאַ־דירעקציע. באַ אַזאַ לאַגע איז פּשוט לעכערלעך צו ריידן וועגן אָפּשפּאָרן אויף קויפן מילך־קי, לויטן פּלאַן, און אוודאי נישט אויף צו קענען באַזעצט ווערן דעפיניטיוו ווי אַ קאָלאָניסט אויף אַ גרעסערן שטח.

וואָס איז דער רעזולטאַט פון אָט דער קאָלאָניזאַציע און פון דעם פּרואוו?

מיר מוזן דערצו נישט אָנקומען צו פאָרויסזאָגעכצן און פאָר־אויסזעונגען. עס ריידן די פאַקטן: פאַרצווייפלונג, אָפּהענטיקייט און פּעסימיזם, אַליץ צושטאַנדן אַזעלכע, וואָס זיינען אַ סם פאַר דעם ערדאַרבעטער, וואָס זיין איינציקער אָנהאַלט אין לעבן איז דער בטחון, די האָפענונג, דער אָפּטימיזם.

מיט אונדזער גאַנצן באַגער צו זען פאַרגרעסערט די אידישע קאָ-לאָניזאַציע אין לאַנד, וועלכע איז נישט נאָר די היסטאָרישע באַזע און אַז איר ווילט, אויך פיזישע און מאָראַלישע אין א געוויסן זין, און מיט אונדזער גאַנצן באַגער צו זען די אידישע קאָלאָניזאַציע אויס־געשפּרייט איבער דער טשאַקאָ און איבער פּאַטאַגאָניע, וואָס טראָגן אין זיך די זוימען פון אַן אַרגענטינישער טעקסטיל־אינדוסטריע, די ערשטע מיט אירע געלונגענע פּרואוון פון ביינוול־פּלאַנטאַציעס און די צווייטע מיט איר שעפּסן־צוכט, וואָס באַזאָרגט שוין איצט מיט וואָל די אייראָפּעישע מערק, קענען מיר נישט צוריידן די אידישע מאַסן פון אוקראַינע, פּוילן, ליטע און בעסאַראַביע און מיר גיבן צו פון רומע־ניע און גאַליציע, זיי זאָלן אַהער קומען אויף אַזעלכע פּרואוון.

---

וואָס שייך דער איקאַס אָנבאָט צו קרעדיטירן א אידישע קאָלאָ־ניזאַציע אויף רעגירונגס באָדן, איז ער בכלל זייער אינטערעסאַנט און אָננעמבאַר סיי פאַר דער איקאַ, וואָס וואָלט ביי דער אָפּעראַציע באַ־דאַרפט פינאַנצירן בלויז די איינאָרדענונג און אויך פאַר דער רעגי־רונג, וואָס וואָלט זיך איינגעשפּאָרט א גרויסן קאָלאָניזאַציע־אַפּאַראַט, אויב זי דענקט מיט אַן אמת וועגן א ברייטער קאָלאָניזאַציע אינעם צפון און דרום פונעם שיטער באַוואוינטן לאַנד. אָבער, ווי געזאָגט, דאַרף דער ציל פון דער קאָלאָניזאַציע זיין נישט נאָר די באַוואַרטונג פון דער ערד, נאָר אויך, און טאַקע דער עיקר, די באַוואַרטונג פונעם מענטשן, פונעם קאָלאָניזירטן. אַנדערש גערעדט, טאָר נישט דער מענטש אין דעם פאַל דער איד, דינען ווי דאָס מיסט, מיט וועלכן מען באַגיטיקט די איקאַ־פעלדער.

# אַ אידישע קאָלאָניע אין 1924

פאַרצייכענונגען פון א רייזע אין דער

קאָלאָניע ריווערא

# אײנדרוקן פון אַ רײזע אין ריווערא

## I

אויף דער אײנלאַדונג פון א גרופּע קאָלאָניסטן בין איך דעם 14טן אָקטאָבער 1924 אַרויסגעפאָרן אין דער קאָלאָניע ריווערא (באַראָן הירש) בײצוזײן אַ פאַרזאַמלונג.

די ריווערער קאָלאָניסטן האָבן טענות צו דער איקאַ, עס האָבן צו איר טענות די קאָלאָניסטישע זין און אויך די דאָרטיקע אימיגראַנטן האָבן צו איר טענות. אויף דער פאַרזאַמלונג װעלן די טענות אויסגעלײגט װערן און איך װעל האָבן די געלעגנהײט צו באַקענען זיך מיט דער לאַגע און מיט דעם װעזן פון דער דאָזיקער קאָלאָניע, װעלכע האָט איר באַזונדער געשיכטע אין דער איקאַ קאָלאָניזאַציע...

אַרויסגעפאָרן בין איך מיטוואָך אָװנט אַן אַ פערטל 9 מיט דער באַן פון דער סטאַנציע אָנסע, װאָס פירט מיט דער ליניע „אָעסטע" (מערב) צו דער פּאַמפּאַ.

די רײזע בײנאַכט איז זײער נישט אינטערעסאַנט. שוין װי איר קומט אַרײַן אין װאַגאָן מערקט איר װי מענטשן קלײבן זיך אָפּנודיען אַ נאַכט; װער עס מאָסטיעט זיך אײַן װי באַקװעמער דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן, װער עס לײענט אַ אָװנט צײַטונג און װער עס האָט זי שוין אויסגעלײענט און לאָזט זי אַראָפּ פאַר זיך אויף די קני, װי ער װאָלט געזאָגט: נו, האָב איך שוין אויך די צײַטונג אויסגעלײענט, און װאָס איצט? און װער עס שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פונעם פענצטערל און זוכט באַקאַנטע ערטער פון דער פאָרשטאָט. אַזױ האָב איך געטון. איך האָב אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געלײענט די נעמען פון די הינטערשטאָטישע באַן־סטאַנציעס, װאָס זײַנען אַנונסירט מיט ליכט־שריפט.

און געטראַכט האָב איך, אַז אויף מיין וועג ליגט דאָס שטעטל קאַרלאָס קאַסאַרעס, מיט דער בארימטער קאָלאָניע מאָוריציאָ, וואָס איז אַמאָל געווען אַ אידישע און וואָס היינט פירט מען אַ פּאָלעמיק איבער איר וועגן דעם ווער עס איז שולדיק אין דעם וואָס זי איז איצט איבער־געגאַנגען צו גויים אין די הענט. דער צוג גייט דאָרט פאַרביי 4 אַזייגער פאַרטאָג. איך ווייס, אַז אין דער פינצטער וועל איך קוים דאָס שטעטל באַמערקן און די קאָלאָניעס ליגן עט ווייט הינטערן שטעטל; דאָך האַלט איך דעם קאָפּ אינדרויסן און קוק אויס אַ ליכט זאָל זיך באַווייזן: אָט נאָך איין סטאַנציע און נאָך איינע און מיר זיינען ביי קאַסאַרעס...

וואָלט כאָטש אין צוג געווען עמיצער מיט וועמען אַ וואָרט אויס־צורייִדן, וואָלט כאָטש אַ קאַסאַרעסער איד מיט מיר געפאָרן. עס האָט זיך מיר אַזוי געוואָלט ריידן וועגן מאָוריציאָ, וועגן איר אַמאָליקן גלאַנץ, וועגן אירע „פּאַרטיידיקער"־יאָרן און וועגן איר היינטיקן חורבן. נאָר קיינער איז נישט געווען און איך האָב צו מיר אליין געטראַכט: ווער איז שולדיק? די איקאַ? די פירער? די קאָלאָניסטן? יאָ, אַלע זיינען זיי שולדיק און אַלע זיינען זיי נישט שולדיק. פאַראַן אַ געזעץ אַזאַ אין דעם פּראָצעס פון דער ציוויליזאַציע, לויט וועלכן דאָס דאָרף האָ־רעוועט די שטאָט, נישט נאָר מיט ברויט און מיט פלייש און מיט אייער און מיט מילך, נאָר אויך מיט פיזישן כוח, מיט פרישע אַרבעטס מענטשן. די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, אַ סברה, האָט אַלס איי־נע פון אירע נישט אַרויסגעזאָגטע אויפגאַבן געהאַט צו באַפרייען דעם פּויער וואַסאַל פון אונטער דעם האַר פעאָדאַל, כדי ער זאָל פריי קענען גיין אין שטאָט אריין אין די פאַבריקן פון דער אויפגעקומענער בור־זשואַזיע. דער געשיכטלעכער פּראָצעס האָט עס איר געהייסן און אַז מען נעמט און מען טוט פונקט דאָס פאַרקערטע, מעג זיין אונטערן דרוק פון דער גרעסטער נויט און מיט דעם שענסטן אידעאַל, אַז מען נעמט זיך בויען אַ דאָרף מיט שטאָטישע מענטשן, מיט אַזעלכע וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט דער בורזשואַזער „פרייהייט" פון מאַכן זיך פריי אין זייערע מילן און זידן פריי אין זייערע קעסלען; מענטשן וואָס זיינען דורכגעדרונגען מיט זייער חשק און מיט זייערע השגות, מיט זייערע חלומות און זייערע תכליתים, איז דאָס נישט דער דרך הטבע, און דער בנין מוז איינפאַלן. סיידן די וואָס בויען דאָס דאָרף מאַכן ביי

זיך א הנחה אז עס איז קיין חיוב נישט ער זאָל אויסזען פונקט ווי דאָס פּעאָדאַלע דאָרף פון 18־טן יאָרהונדערט וואָס איז נאָך שטיין געבליבן אין אונדזערע צייטן. און וואָס איז געשען מיט מאַוריציאָ? אידן פון שטאָט און פון שטעטל אין אוקראַינע, האָבן געהאַט עטלעכע שלעכטע יאָר און האָבן מקנא געווען דעם גוי וואָס האָט דאָך געהאַט זיין לאַבן ברויט און זיין ביסל הייצונג פאַר דער שטוב און זיי זיינען דערום באַגייסטערט געוואָרן מיט אליקום צונזער׳ס „סאָכע״: אנשטאָט א לעבן אין נויט און אין הונגער, מיט באָרגן און זאָרגן — אַ אידי־ליע פון רואיקן, זאַטן לעבן, אַן גרויסע באַדערפענישן און אָן גרויסע זאָרגן... און דער גוטער באַראָן הירש מאַכט דעם דאַזיקן וואונדער, די דאַזיקע כיעטאַמאָרפאָזע... זיינען זיי געפאָרן, געלויפן, אויפן וועג גע־רימט און גרויס געמאַכט דעם נאָמען פון באַראָן הירש און פון די לייט וואָס פירן דורך זיין הייליקן רצון, און דאָ אויף די ווילדע סטעפּעס פון מאַוריציאָ, ביידלעך געבויט און געראַבינזאָנעוועט אויף קעסט ביי דער רייכער מומע, ביז די פּרוכטבאַרע ערד האָט אירס געטון און געוואַקסן איז דער ווערט פונעם פאַרמעגן וואָס איז זיי פאַרשפּראָכן געוואָרן און... האָט גענומען רייצן די פאַנטאַזיע פון די קינפּטיקע עשירים, גענומען וועקן די אַלטע שטאָטישע און שטעטלשע השגות און תכליתים וואָס זיינען געהאַט געליגן אונטער דעם דינעם פאַך פון דעם „סאָכע״ אידעאַל און אונטער דעם דיקערן פאַך פון דער נויט אין די אוקראַינישע קריזיס־יאָרן, און די חלומות פון שטאָטישער עשירות האָבן גובר געווען. א מיידל איז אונטערגעוואַקסן און זיך געבעטן „אוי ווי טאַטע שוין, מיר זיצן צווישן גויים, לאָמיר ארויס אין שטאָט אריין, וועלן מיר שרייבן תנאים״... און א בחור איז אונטערגעוואַקסן וואָס האָט שוין אין שטאָט דעם אוניווערזיטעט געענדיקט אויף אַדוואָקאַט און האָט שוין געוואוסט ווי אַ טיר עפנט זיך, ווי צו פאַרטיידיקן די רעכטן פון דער „ציוויליזאַציע״ קעגן דער „באַרבאַריטעט״ מיט די געזעצן פון דער פרייער רעפּובליק קעגנאיבער דער „פעאָדאַלער״ איקאַ־הער־שאַפט, וואָס האָט קיין „טיטולעס״ (קויף־שיינען) נישט געוואָלט געבן (דאָס איינציקע וואָס האָט געפעלט אַז די ערדן זאָלן קענען ווערן לע־גאַל דאָס אייגנטום פון... די נישט־אידן, וועלכע האָבן שוין פון לאַנג געאַרבעט אויף די אידישע פעלדער און געפונען אין דער סאָכע מזל ברכה פאַר זיך און פאַר די אידן אויך... געזוגט האָט די פרייהייט און

מאוריציער קאָלאָניסטן זיינען איצט פרייע סוחרים... זיי האָבן שוין זייער קאמף מיט דער איקא אויסגעקעמפט...

און אפשר איז נישט אַזוי די מעשה? דערציילט מען דאָך וועגן אידן קאָלאָניסטן וואָס האָבן זיך מיט די לעצטע כוחות געקלאמערט פאר דער ערד אין מאוריציא, און זיינען אראָפּגעטריבן געוואָרן, „דעסאַ־לאָכירט" געוואָרן דורך דער איקא, וועלכע האָט פארגעסן אויף איר פילאַנטראָפּיע און האָט מיט זיי קיין איינזען נישט געהאט...

צום גליק, טראַכט איך ווייטער, זיינען נישט אַלע אידישע קאָ־לאָניעס אין ארגענטינע געראָטן אין מאוריציא. נישט אומעטום האָט די „ציוויליזאציע", אַזא שליטה געהאט, נישט אומעטום איז דער מענטשן־מאַטעריאַל פאַר דער קאָלאָניע געקומען פון דער שטאָט און פונעם שטעטל און נישט אומעטום האָט די ערד אַזוי שנעל זיי רייך געמאַכט און מיט דעם קלאַנג פון די רענדלעך וואָס זיינען געפאַלן פון הימל געררייצט און געוועקט די אַלטע השגות און תכליתים...

אָט פאָר איך איצט קיין ריווערא. אויך אַ קאָלאָניע פון געווע־זענע סוחרים און נאָך פון וואָס פאַרא סוחרים!... איך מיש אויף אין זכרון די געשיכטע פון דער קאָלאָניע ריווערא (באַראָן הירש). סוחרים, פּעסטע תבואה־סוחרים, פון יעליסאַוועטגראַד און פון קרעמענטשוג האָבן צונויפגענומען זייער פאַרמעגן און געשיקט דעלעגאַטן צו האַנד־לען מיט דער איקא וועגן איבערגעבן זיי אַ קאָלאָניע, מיט אייגענער אָדער כמעט אייגענער פאַרוואַלטונג, צו 150 העקטאַר פאַר יעדן קאָ־לאָניסט און 150 רעזערוונע, וואָס זאָלן שפּעטער איבערגיין צו די קינדער: און, דאָך...

און דאָך... אָט וועל איך שוין זען וואָס ריווערא שטעלט מיט זיך פאָר איצט, נאָך אַכצן יאָר עקזיסטענץ.

און אַזוי יאָגנדיק צו ריווערא, מיטן קאָפּ דורכן פענצטער, צו מערב צו, איז הינטער מיר די זון אויפגעגאַנגען. אַ צעגליטע קיילעכ־דיקע מעטאַל־מאַסע האָט זיך פון ווייטן פלאַכן האָריזאָנט אויפגעהויבן. עס האָט זיך געדוכט ווי מען וואָלט געקענט ארום דער דאָזיקער צע־גליטער מאַסע אַ מחנה שמידן אַוועקשטעלן מיט שווערע האַמערס אין די הענט און זיי זאָלן פון איר שמידן וואָס זייער האַרץ גלוסט. גע־וואַגט איז אונדזער דור און ער נעמט די נאַטור אין זיינע הענט. פאַר־

וואָס זאָל ער אויך די זון נישט נעמען און שמידן פון איר א געווער פאַר זיך!...

נאָר אָט האָט זיך די זון העכער אויפגעהויבן און שוין איז זי נישט צום דערגרייכן, שוין איז זי דער גאָט קעגן וועלכן מיר זיינען אוממעכטיק און צו וועלכן מיר קענען בלויז תפילה טון און רימען זיין גרויסן נאָמען, שוין איז די זון „דאָס ליכט פון דער גאָרער וועלט" און זי באַלייכט די ברייטע פלאכטע דורך וועלכער עס שניידט זיך מיין צוג, צוזאַמען מיטן פענצטערל דורך וועלכן איך קוק ארויס, איך דער באָאָבאַכטער פון וועלט און מענטש, פון נאַטור און געזעלשאַפט...

עס לויפן פאַרביי מיר ברייטע פעלדער, זעלטן וואו א צעאַקערטס, זעלטן וואו א פאַרזייטס, נאָר אלע זיינען זיי פאַרצוימטע, מיט דראָטן ארומגענומענע, עמיצנס זיינען זיי, צו עמיצן באַלאַנגען זיי, אַזעלכן וואָס זאָגט אוודאי מיט דער האַנט אויפן האַרצן: מ י י נ ס איז אָט דאָס אַלעס און אַז איך וועל וועלן, וועל איך אויף אָט די פעלדער מיט אַן אַקער איבערגיין און אַז איך וויל לאָז איך אויף די פעלדער קי און פערד זיך פאַשען אָדער גאָר לאָז איך זיי ווילד שטיין... לויפן טאַקע פאַרביי פעלדער מיט פערד וואָס ציפּן די נידעריקע גרעזלעך און קי וואָס לעקן תמעוואַטע די ערד, זוכנדיק אויף איר אַ גרעזל. אָט רייסט איבער דאָס בילד אַ פעלד אַ פאַרוואַקסנס מיט געלע האַרטע... בערד. דאָס איז דאָס ווילדע גראָז אויף די קיינמאָל נישט געאַקערטע פעלדער פון בראשית. אָט אַזוי האָט געמוזט אויסזען די האָר פונעם פרע־היסטאָרישן מענטשן: האַרטע ווילדע שפּראָצונג.

ווי א דערקוויקונג פאַרן אויג דערשיינט פון ווייטנס אַן אַקער־שפּאַן און אויף אים אַ מענטש. אַ פרימאָרגנדיקער, צו וועלכן עס ווילט זיך אויסשרייען פון דערווייטנס: גוטמאָרגן, דו ברויטגעבער פון דער וועלט: גוטמאָרגן, איך פאָר צו דיינע ברידער, אייגענע מיינע, וואָס ציען ווי דו דעם אַקער און וואַרפן די קערנער אין דער ערד, וואַרטנדיק אויף אירע חסדים. טענות האָבן זיי צו די וואָס די ערד איז זייערע, צו די וואָס זאָגן איבער איר די דעה. ביזטו אויך ווי זיי, ווי יענע ווייטע ברידער פון דיוועראַ, עמיצנס אַ קאָלאָניסט? ביזטו אַ באַלעבאָס איבער דעם פעלד וואָס דו אַקערסט אָדער גאָר אַ שכר יום וואָס פאַרקויפט זיין טאָג פאַר אַ ביטערער מאַטע אויף פרישטיק, אַ

זיסער געקאָכטער מאַטע אויף מיטיק און אויף זונטיק אַ קאַניאַ צום פאַרטרינקען די צרות?... פאַרשוואונדן איז פון די אויגן דער מענטש מיט דעם אַקער און, אַ נייער וואונדער יאָגט אָן: אַ טראַקטאָר! און אויף דעם טעכנישן וואונדער וואָס שפּאַרט איין דער נאַטור אַזוי פיל כוחות, שטייט ווי אַ זיגער דער מענטש. נישט געזעסן איז ער, דער פירער פון דער אַקער־מאַשין, נאָר טריאומפירנדיק געשטאַנען, אַרויס־רופעריש קעגן דעם אַלטן אַקער וואָס ווערט געשלעפּט פון די פערד און פון דעם מענטשן וואָס האָבן אויף זיך דעם יאָך גענומען...

די זיגערישע טעכניק!

אויף אַ פערדל פאָרן רייטנדיק, צום וועג צו, צוויי קינדער אין ווייסע כאַלאַטלעך מיט ביכלעך אונטערן אָרעם. ווייזט אויס אַ ישוב איז נישט ווייט. דאָס פאָרן קינדער פון אַ „משאַקאַרעראַ", פון אַ פּויער, אין שולע אַריין. אַ סטאַנציע האָט אָנגעיאָגט. דער צוג איז שטיין גע־בליבן. מיר זיינען שוין באַלד ביי דער גרעניץ פון דער פּאַמפּאַ.

## II

מיר שטייען ביי טרענקע לאוקען. איך בין נישט באַקאַנט מיט דער געשיכטע פון דעם שטעטל, ווען עס איז געבויט געוואָרן, נאָר זען זעט עס אויס גאַנץ אַלט, ווייניקסטנס אַזוי אַלט ווי דער אַלטער גאַוטש דער בעטלער, וואָס האָט זיך אוועקגעזעצט ביי די ליים־גרובנס אינעם פאַר־מיסטיקטן גראָז און ביי אַ צעלייגטן פייערל זופּט ער זיין מאַטע. אַ שטויביקער פון קוילן שוואַרץ געוואָרענער זאַמדיקער וועג ציט זיך אין שטעטל אַריין פונעם וואָקזאַל. זיינען דאָרט פאַראַן אידן? פון קיין אידישן קיבוץ אין אַזאַ שטעטל געדענק איך נישט איך זאָל האָבן גע־הערט אין מיין צען־יעריקער צייטונגס־פּראַקטיק, נאָר ווי געשיקט זיך עס דאָ זאָל זיך נישט פאַרוואַלגערן אַ איד אַ קוענטעניק און זיינער אַ קלאַפּער; ווי געשיקט זיך עס זאָל זיך דאָ נישט געפינען אַ אידישער קאָלאָניסטישער זון פון מאָוריציאָ אָדער פון ריווערא הינטער דעם טישבאַנק פון אַ „טיענדאַ", וואו מען פאַרקויפט „באָמבאַטשעס" און „אַלפּאַרגאַטן" פאַר די פּעאָנעס צו דער קאָסעטשע, אָדער אַ יום־טובדיק ווייס זיידן טיכל צום האַלדז און אַ „טשאַמבערגאַ"; צי אויף

דער טיר פון א מעבל־געשעפט, וואו די גאנצע פעדערשטע וואנט, א פריש אָפּגעקאַלכטע, זאָל זיין באַשריבן מיט שווארצע גרויסע אותיות: מועבלעריאַ „על היכאַ דעל קאָלאָנאַ” דע נעמעסיאָ גאָלדבערג אָדער דע פּאַנקראַסיאָ זילבערשטיין. און ווער ווייסט צי איז נישט דאָס איינציקע הויז פון זינד, וואָס אזא שטעטל מוז פארמאָגן, נישט א אידנס, פון איינעם אַ אידן מיט אן אָפּגעלייגט פּנים און אָנגעפרעסענעם בויך אויף וועלכן עס ליגט צעלייגט אַ גרויסע גאָלדענע קייט און מיט גראָבע פינגער און גראָבע גאָלדענע רינגען אויף זיי, און א פּאַניבראַט מיטן קאָמיסאַר; און צי פּייניקן זיך דאָרט נישט אידישע טעכטער פאַרקויפנדיק ליבע צו פארשוויצטע, קויטיקע, סיפיליטישע „פונדיקעס”...

איך האָב מיך פארטראַכט, פאַרפלאָנטערט, פאַרבלאָנדזשעט אין די מיפעמישן פון אונדזער לעבן און אומגעריכט האָט מיך דער צוג א ריס געטון. מיר פאָרן צו קאַטרילאָ. דאָרט דאַרף איך בייטן דעם צוג, זיך נעמען אויף דער ליניע פון פּאַסיפיק־אייזנבאַן. און ווידער ציען זיך פעלדער און פעלדער, זעלטן וואו אַ שטיבל, זעלטן וואו אַ בוימל, אפילו אַ קו און אַ פערד איז זעלטן צו טרעפן, נאָר ביי דער זייט פון וועג טרעפט איר אַ נבלה פון א קו, מיט אָדער אָן דער פעל, אַ הויפן ביינער טרוקענע וואָס ווארט, אפּנים, אַז דער ביינער־קלייבער זאָל זיי ארויפנעמען אויף זיין וועגעלע, אַ רויבפויגל שניידט זיך אין דער לופטן אָדער שטייט אויף אַ פלאַקן פון דער אַלאַמבראַדאַ (דראָטענער צוים). אַ האָזל לאָזט זיך לויפן איבערן פעלד און ברענגט מיר אויפן זינען די פּיקסלעך וואָס דער נביא קלאָגט זיך אַז זיי לויפן אום אין חרובן טעמפל. אַ שטשור אין אַ ליידיקן הויז מאַכט דעם איינדרוק פון דער פוסטקייט נאָך שטאַרקער... זע, וויפיל לאַנד, וויפיל רחבות, וויפיל מעגלעכקייטן נישט אויסגענוצטע! און דאָס איז אין דער געדיכט באַפעלקערטער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, איבער וועלכער איך שנייד זיך איצט מיטן צוג שוין גאַנצע צוועלף שעה... און דאָרט אין אייראָפּע — אזאַ געדיכטעניש, אַזאַ רייבן זיך מיט די עלנבויגנס און אזאַ שפּייען זיך אין דער צורה איינער דעם צווייטן... און אין דער הויפּטשטאָט אונדזערער, אין בוענאָס איירעס איז דען בעסער? אַזאַ נויט און אַזאַ ענגשאַפט! וויפיל זון און ליכט דאָ איז אַזוי פאַרשווענדעריש צעגאָסן און וויפיל לונגען פוילן דאָרט אין דער גרויסער שטאָט אין דער

פינצטערניש און פייכטקייט פון די קאָנוועגטיזשאָס!... דער כוח פון דער גרויסער שטאָט!... פאַראַן אַזאַ לאַנד אויף דער וועלט, וואָס איז גרויס ווי אַנדערע צען לענדער צוזאַמען, איז איר אַלגעמיינע צאָל באַ-פעלקערונג די קלענסטע צווישן די קלענסטע און איר הויפּטשטאָט שטייט אין צעטל פון די גרעסטע. און דאָס פאַר איך איצט איבער אָט דעם משונהדיקן לאַנד. ס'איז נישט צו מאַכן, ס'איז אַ געזעץ אַזאַ, די שטאָט איז אַ מאַגנעט, און וואָס גרעסער דער מאַגנעט אַלץ גרעסער איז זיין צי־קראַפט און אוממעכטיק קעגן אים זיינען די עצות פון די סאָציאַל־עקאָנאָמיקער, די רעצעפּטן פון די מעדיקער און דאָס פריידיקן פון די נאַטור מאַראַליסטן... ווען ענג איז געוואָרן די מענטשן די אַלטע דאָרפישע אייראָפּע און דער כוח המושך פון אירע אייגענע שטעט איז נאָך צו קליין געווען, האָט זי אריבערגעוואָרפן אירע געוואַגטערע זין קיין אַמעריקע און דאָרט האָבן זיי אויפגעבויט ניו־יאָרק און טשיקאַגאָ און... בוענאָס איירעס און עס ציען זיך ארום זיי און פוסטעווען די „פּריירעס" און די „פּאַמפּאַס"...

קאַטרילאָ. אַנדערהאַלבן שעה צייט דאַרף מען דאָ וואַרטן ביז דער צוג אויף פּאַסיפיק קומט אָן. קיין בופעט איז אויפן וואָקזאַל נישטאָ, וואו מען זאָל זיך קענען אוועקזעצן ביי אַ שוואַרצער קאַווע, און זיצן אין וואַרט־זאַל אַ צוגעבונדענער צו מיין רענצל און צו מיין אויבער־ראָק איז פאַר מיר אַ צו לאַנגע אַפּקומעניש: בין איך אַוועק אין שטעטל, טרעטנדיק אין שוואַרצן זאַמד פון דער גאַס, וואָס איז מיר זייער שווער אָנגעקומען. די איינוואוינער פונעם שטעטל מוזן שוין זיין געוואוינט דערצו אַזוי ווי די קעמלען צו דער זאַמד פונעם מדבר.

דאָ באַגעגנט מען שוין אַ אידיש פּנים. אַ אידישער יונגערמאַן, וואָס איך קען שווערן אַז ער איז אַ קאָלאָניסטישער זון, און וואָס, ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, האַלט ער אַ האָטעל אין שטעטל, איז אַהיימגעגאַנגען פון וואָקזאַל אָן איין גאַסט. אַן עלטערער איד מיט אַ צעאַקערט פּנים און קלוגע אויגן פון אַ קליינשטעטלדיקן קרעמער אָדער סוחר איז געגאַנגען באַגלייט פון וואָקזאַל מיט זיינער אַ טאָכטער אָדער שנור וואָס האָט ערשט רירעוודיק קאָקעטירט מיט שטאָטישע מאַנירן און געצויגן יעדנס אויפמערקזאַמקייט אויפן פּעראָן...

דאָס שטעטל זעט אויס אַ נייס; די הייזער זיינען גאַנץ שיין גע־

בויטע, שטיינערנע, ציגלנע, די גאַסן פירעקעכדיק, שטאָטיש, ברייט, מיט אַ פּלאַן, דאָך זעט עס אויס נישט ווי אויסגעוואַקסן, נישט איינ־געוואַקסן, נאָר ווי איבערגעטראָגן און אוועקגעשטעלט, ווי די הילצערנע דאַטשע־הייזער, וואָס מען קען זיי פונאַנדערנעמען און איבער־טראָגן, אָט ווי מען שטעלט אַוועק אַ מיליטער־לאַגער אויף אַ סטראַ־טעגישן פּונקט. קאַטרילאָ שטייט אויף דער גרעניץ פון דער פּאַמפּאַ מיט דער פּראָווינץ בוענאָס איירעס, און אויף אירע זאַמדן האָט זיך דאָס אויסגעשטעלט דער לאַגער פון די סוחרים, וואָס באַארבעטן יענע שטרעקעס אויף מזרח און אויף מערב, אויף צפון און אויף דרום פון דעם סטראַטעגישן ווינקל אויס.

איך בין אַריינגעגאַנגען אין אַ האָטעל, וואָס האָט פון פאָרנט אַ שענק מיט אַ ביליאַרד־טיש, די ווענט באַהאַנגען מיט דעם מאַרשרוט פון די באַנען און מיט פאַרשידענע אַנאָנסן פון סעקוראַציע געזעל־שאַפטן, פון אַגריקולטור מאַשינען, פון זריעות און פון אויסראָטונגס־מיטלען פאַר שעדלעכע רמשים... איך בין געווען דער איינציקער גאַסט אין דעם ברייטן שענק מיט זיינע פילע טישלעך. דאָס שטייט ער און וואַרט אויף זיין צייט, אויף שניט־צייט. זאָלן נאָר אַריינקומען די קערנער אין די זעק און פולע וואַגאָנען מיט תבואה וועלן זיך ציען קיין בוענאָס איירעס אויף מזרח און קיין באַהיאַ בלאַנקאַ אויף דרום און פול וועלן אויך ווערן די האָטעלן און די שענקען פון קאַטרילאָ... זאָלן נאָר אונטערוואַקסן די קעלבלעך די קעלבלעך וואָס ווערן איצט אין פרילינגס צייט געבוירן אויף די פּאַשע־פעלדער און באַלעבן וועלן זיי מיט זייער „מע" די גאַנצע שטרעקע פון די קאַסטנס אַרויס איבער די באַן־ליניעס פונעם פּאַסיפיק, פון מערב און פון דרום און אויך קאַטרילאָ וועט באַלעבט ווערן מיט די הענדלער וואָס זיינען נישט קאַרג אויפן סענט אונטערוועגנס...

פון קאַטרילאָ ביז ריוועראַ איז דריי שעה רייזע. דער צוג מאַכט דאָ זיגזאַגן, אָט איז ער אויף דער טעריטאָריע פון דער פּאַמפּאַ און אָט איז ער אויף בוענאָס איירעסער פּראָווינץ באָדן, וועלכע עס טיילט אָפּ דער „מערידיאַנאָ קינטאָ", אַן אַלטער שליאַך, איבער וועלכן די אינדיאָס נאָך האָבן זייערע רייזעס געמאַכט און ביז די באַנען זיינען אין יענער געגנט אויסגעבויט געוואָרן האָט ער געדינט אַלס דער דרך

המלך, אלס דער פּאָסט-וועג. און נאָך היינט טרעפט מען אויף יענעם וועג, וואָס שניידט זיך ביי ריווערא צווישן אידישע פעלדער, טיף איינגעגראָבן אַ קיילעכיקן פּאָסטקעסטל... דער ווינט אָבער און דער שטויב וואָס ער טראָגט מיט זיך, ווייל נישט וויסן פון קיין גרעניצן: ער דרינגט אריין אין די וואַגאָנען, לייגט זיך אויף די מלבושים, קריכט אין מויל און אין די אויערן און אַז איר רייניקט אייך אוים די נאָז מיט אַ טיכל, קענט איר עס שוין אַ צווייטן מאָל נישט נוצן אויב איר זענט אַ מפונק. אין מיין וואגאָן איז געפאָרן אַ פריילין, און פארשטייט זיך, דעקאַלטירט לויט דער פאָרשריפט פון דער מאָדע. איז אויב איר האָט אַ פאָרשטעלונגס קראַפט, מעגט איר זיך פאָרשטעלן וואָס איך האָב געטראַכט בעת עס פלעגט יעדע צען מינוט אריינקומען אין וואַגאָן אַ ספּעציעלער דינער מיט אַ פעדער־בעזים אויף אָפּצואווישן דעם שטויב פון די בענק...

איוואַנאָוויצקי! — רופט אוים דער קאָנדוקטאָר אריינקומענדיק אין וואַגאָן. ס'איז אַ סטאַנציע אַזאַ. געווים אויפן נאָמען פון דעם לאַטיפונדיסט וואָס זיינע זיינען די גרויסע שטרעקעס ערד ארום. נאָר אויף מיר גיט דאָ אַ ווייע מיט פרעמד־היימישעס. נישט פּעהואַכאָ, נישט טרענקע לאָוקען, וואָס קלינגען אלט, אינדיש, נישט אפילו אַ שפּאַנישער אָדער איטאַליענישער נאָמען, וואָס איז דאָ אַזוי געוויינלעך, נאָר איוואַנאָוויצקי, אַ רוסיש־פּוילישער אָדער ווי זאָגט מען עס אין אוקראַינע — אַ שליאַכעצקע. דער נאָמען דאָ רעדט פון קאָסמאָפּאָלי־טישקייט, נאָר מער פון אַלץ פון נייער באַזעצונג. און עס איז טאַקע דאָ אַלץ ניי, פריש, געריום, יונג; אפילו דער אַלטער טרעגער מיטן בלעכל אויפן היטל וואָס שלעפּט שוין קוים די פים אויסקוקנדיק אַ פּאַרדינסטל, זעט אויך אוים יונג אין דער יונגער רחבות פון דער פּאַמפּאַ, אונטערן ברעגלאָזן הימל מיט זיין פּאַרמיטיק־זון.

אָט נאָך איין סטאַנציע און נאָך איינע און מיר זיינען שוין אין ריווערא. די לעצטע סטאַנציע פאַר ריווערא איז אראַנאַ, דאָס איז אויפן נאָמען פון דעם לאַטיפונדיסט, וועלכער ארענדירט ביי דער איקאַ גרוי־סע נישט קאָלאָניזירטע שטרעקעס און אפילו ביי קאָלאָניסטן זייערע משאַקרעס און פאַרדינגט זיי דערנאָך צו די קאָלאָניסטן און צו אַנדערע

ארענדאטאָרס אויף פארשידענע קאָנדיציעס, נאָר מערסטנס פאר אַ פאָר זעק ריינער תבואה פון יעדן העקטאר.

עס ווארפן זיך דורך פעלדער מיט שוין אויפגעגאַנגענער תבואה, אָבער ווײ, ערשט זיינען זײ אויפגעגאַנגען און שוין זיינען זייערע גרעזי־לעך פארגעלט, דערשלאָגן, אזוי טרויעריק פארמאַטערט ווי אין א תענית, לעכצנדיק נאָך אַ טראָפּן רעגן. דאָס זיינען שוין אודאי די אידישע פעלדער!

און אָט איז אַ טייך!... ווי קומט קיין ריווערא אַ טייך? ניין, ס'איז נישט קיין טייך, ס'איז אַ זאַמד אזא, אַ שטיק מדבר און ארום דעם זאַמד זיינען פארפלאַנצט יונגע טאָפּאָליעס, טאַמאַריסקעס, צו פארצוימען דעם פרייען שפּאַציר זיינעם איבער די פארזייטע פעלדער. און דאָס האָב איך אָנגענומען פאר ווערבעס, פאר הושענה־בוימלעך, וואָס וואַקסן אויף די ברעגעס פון די טייכן...

אַ שטיבל האָט זיך באַוויזן, מיט אַ רויטן צווייזייטיק משופּעדיקן דאַך. דאָס מוז אוודאי זיין אַ אידישע שטוב... דאָס האָט דער איד אַריבערגעבראַכט אַהער דעם סטיל פון דער אַלטער היים צוזאַמען מיטן סאַמאָוואַר און מיט דעם קרעמענטשוגער און יעליסאַוועטגראַדער רו־סיש, מיט דעם אוקראַאינישן ליד און מיט די רוסישע לידער פון פרוגן וואָס קלינגען נאָך אוודאי היינט איבער די ריווערער פעלדער, אָדער אין די אָוונטן ביי די שטיבלעך פון „באָזשעדאַראָווקע" און „פּיאַטי־כאַטקאַ"...

עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט. ס'איז נישט קיין אידישע שטוב געווען, ס'האָט גראָד אַ גוי זיך אַזאַ שטוב אויסגעבויט, און גראָד זיינען פאראַן אידישע הייזער מיט פלאַכע דע־כער אויפן מאָרישן סטיל, וואָס זיינען פּאָרט באַקוועמער אין דער פּאַמפּאַ, וואו דער ווינט שווינט נישט אַפילו דעם שווערסטן דאַך, און וואו די גוזמא „אַ קי איז געפלויגן איבערן דאַך" איז גאָר קיין גוזמא נישט, ווען אָט דער ווינט צעשפּילט זיך און פארטראָגט מיט זיך דע־כער און קי און אָקער־אייזנס צוזאַמען מיט גאַנצע פארמעגנס פון פיל־יעריקער האָרעוואַניע...

ריוועראַ! דער צוג פארקלענערט שוין זיין גאַנג און איך טרייסל

אָפּ פון זיך אביסל דעם שטויב. ריוועראַ! די יונגע, אַלט באַקאַנטע ריוועראַ!

## III

אויפן וואָקזאַל האָט געוואַרט אויף מיר אַן עולם. דעם אמת געזאָגט, האָט מיין באַשיידנקייט געליטן אַביסל דערפון. דאָס זיינען די פאַררופער פון דער פאַרזאַמלונג געקומען באַגעגענען דעם „הערן רעדאַקטאָר" פון „די פּרעסע", וועלכער זאָל ברענגען זייערע טענות פאַר דער וועלט און זאָל זיך אָננעמען די קריוודע פון די קאָלאָניסטן, פון די קאָלאָניסטישע זין און פון די אימיגראַנטן, וואָס אין זייער נאָמען איז פאַררופן געוואָרן די היינטיקע פאַרזאַמלונג, וואָס וועט באַלד, אין אַ שעה אַרום, געעפנט ווערן אין דעם ריווערער „סאַלאָן". איך האָב מיך אָבער באַלד דערפילט היימיש. דער „הערן רעדאַקטאָר" האָט אָפּגעטרעטן זיין פּלאַץ פאַר דעם היימישן „חבר פיניע". אָט איז דער לעבנסלוסטיקער, שוין גרוי געוואָרענער חבר אייזיק מאַרטשעווסקי, וואָס האָט צוריק מיט 17 יאָר אָפּגענאַרט דעם „דייטש" פון דער איקאַ אַז ער האָט אַ ווייב מיט צוויי קינדערלעך, וואָס געפינען זיך אויפן וועג קיין אַרגענטינע; אַנדערש האָט דער „דייטש" נישט געוואָלט אים קאָלאָניזירן. אָט איז עליאָס שניידער, וועלכן איך געדענק פון צוריק מיט צוועלף יאָר, וואָס האָט מיט די אוקראַינישע לידער פאַרקלונגען די לופט פון דער פּאַמפּאַ אין די באַגינענס אויף דער טשאַקרע פון זיין טאטן, דעם קרעפּטיקן קאָלאָניסט לייזער שניידער (אַ ברודער פון די באַקאַנטע קאָלאָניסטישע שריפטשטעלער צבי און חיים שמואל שניידער), און אין די לידיקע שעהן פלעגט ער אויסלייענען אַ בוך נאָך אַ בוך, שניידנדיק דערביי פון אַ היימישן גרויסן ברויט בראָקנס צייז, ביז עס פלעגט דערפון נישט בלייבן... היינט איז עליאָס שניידער שוין אַ באַווייבטער און האָט שוין קינדערלעך, נאָר קיין טשאַקרע גיט מען אים נישט...

אויך גאַווינאָסער איז דאָ! יעקב גאַווינאָסער, וואָס די לעזער פון „די פּרעסע" קענען אים פון זיינע קאָרעספּאָנדענצן פון מאַר דעל פּלאַטאַ. ער איז אַ זון פון ריוועראַ. זיין פאָטער, יוסף גאַווינאָסער, קען

איך פון צוריק מיט צוועלף יאָר, ווען איך בין געווען אַ לערער אין דער אַרטיקער איקאַ־שול: ער איז אַ איד פון קרוטיע צי פון אָקנאַ אין פאָדאָליער גובערניע, אַ געוועזענער „קאָמיסיאָנער" און אַ משכיל, וואָס איז צוריק מיט צוואַנציק יאָר געקומען קיין אַרגענטינע און דאָ גע־אַרבעט אויף פרעמדע פעלדער און געטון כל עבודת פרך, באַקומענדיק דעם צונאָמען „יאָסל לאָמפּאַטשניק" (לאָמפּאַטש איז אַזעלכע ציגל פון בלאָטע). 15 יאָר איז ער קאָלאָניסט אין דער גרופּע „קרעמיע" און האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו שטיין איצט „אַל דיאַ" (אָן שולדן) מיט דער איקאַ. און אָט איז יאָסל גאַווינאָסערס אַ שוואָגער, אַ בריה אַ פעאָן, אַ טיכטיקער אַקערבויער אויף פרעמדע פעלדער, שוין לאַנג אַ באַווייבטער, האָט שוין לאַנג קינדער און נאָך איז זיין חלום צו ווערן אַ קאָלאָניסט נישט פאַרווירקלעכט, בעת אַרום פוסטעווען גרויסע שטרע־קעס איקאַ־לאַנד, אָדער זיי ווערן פאַרדונגען צו לאַטיפונדיסטן אַרענ־דאַטאָרס... און אָט זיינען נאָך היימישע: קאָלאָניסטן, קאָלאָניסטישע זין, פעאָנעס תושבים פון ריווערא, וואָס איך געדענק זיי פון יאָר 1912, ווען איך בין דאָ געווען לערער אין דער איקאַ־שול. אַ ביטער יאָר געווען דעמאָלט פאַר ריווערא. איך פלעג זיי זען אין דער קראָם פון מיינעם אַ קרוב, יצחק געלער, נעמען אָדער בעטן אויף חוב. עס דערמאָנט זיך מיר ווי איך בין דעמאָלט צוגעגאַנגען צו איינעם פון די קאָלאָניסטן, וועלכער האָט זיך מיט אַ פאַרקלעמטן האַרצן, נאָכדעם ווי מען האָט אים אָפּגעזאָגט אַ זעקל מעל אויף קרעדיט, אַוועקגעזעצט ריידן פון פּאָ־ליטיק און פון וועלט-זאַכן — אַן אינטעליגענט. אַ קאָפּ געווען אין קאָלאָניע, אַ פירער, אַ געוועזענער גרויסער סוחר — און האָב אים גע־פרעגט: — וואָס האַלט אייך דאָ? — מיין חלום — האָט ער מיר גע־ענטפערט, און דער „יהוד" מיטן באַליידיקטן פאַרקלעמטן האַרצן, איז באַריידעוודיק געוואָרן: די ערד מוז געבן צום לעבן!... די ערד מוז געבן צום אויסצאָלן זי!...

צו יענער צייט איז אינזשעניער עקיבא עטינגער געקומען קיין ריווערא און ער האָט באמת פיל טויט געוואָרענע האָפענונגען אויפ־געלעבט. דאַן האָט מען די ריווערער קאָלאָניסטן די רעזערוו־טשאַקרעס געגעבן צום פאַראַקערן, כדי צו לאָזן אויסרוען די אויסגעאַרבעטע ערד פון וועלכער די קאָלאָניסטן פלעגן ציען יאָר איין יאָר אויס אירע כוחות

מיט דער „ווייץ־פאַבריקאַציע״ (נישט פּראָדוקציע נאָר פאַבריקאַציע); ער האָט זיי געגעבן אַגראָנאָמישע אָנווייזונגען, האָט גענומען שטודירן די איינגעשאַפטן פון דעם באָדן, האָט געהייסן ארומפלאַנצן די זאַמדיקע ערטער מיט בוימלעך, כדי דער ווינט זאָל נישט פארשיטן די פּאַרזייטע פעלדער, און איך געדענק מיט וואָס פאַר אַן איבערגעבנקייט און גלויבן מען האָט אויסגעפאָלגט זיינע אָנווייזונגען... דאַן איז שוין אויך אין ריווערא אַ קאָאָפּעראַטיווע געווען. שווער האָט זי געאַרבעט, האָט ווייניק קרעדיט געהאַט און ווייניק קרעדיט געגעבן... האָפענונגען האָט זי דאָך געגעבן. די אַריינגעבלאָזענע האָפענונגען האָבן אפילו חשק געגעבן צו דער קולטור־אַרבעט, וואָס איז ביז דאַן פארנאַכלעסיקט געווען, און מען האָט דאַן גענומען בויען פון האָלץ און בלעכן (אויף קרעדיט) אַ „גאַלפּאָן״ פאַר פארזאַמלונגען און פאָרוויילונגען, וועלכן מען האָט שנעל אויפגעשטעלט און באַנייט מיט יעקב גאָרדינס „מטורף״ וואָס די יוגנט פון קאָלאָניע האָט געשפּילט...

אין דעם זעלבן „גאַלפּאָן״ וועט טאָקע באַלד די קאָלאָניסטישע פארזאַמלונג פּאָרקומען.

אַ ים מיט זכרונות פארפלייצן מיך. מיינע שילער, מיינע שילערנס... זיינען זיי אין ריווערא? זיינען זיי זיך צעפאָרן? איך האָב שוין עפּעס געהערט פון זיי; ווער ס'איז אין בוענאָס איירעס, ווער אין באַהיאַ בלאַנקאַ, ווער אַ בוכהאַלטער, ווער אַ פּעאָן, ווער אַן אָנגעשטעלטער ביי דער אייזנבאַן און ווער הינטערן טישבאַנק פון אַ „באָליטשע״, ווער עס אַרבעט דעם טאַטנס טשאַקרע און ווער עס איז געוואָרן אַ ווינקל־אַדוואָקאַט, ווער אַ סטודענט פון מעדיצין און ווער עס דרייט זיך אום אין שטעטל נישט צו גאָט און נישט צו לייט..

מיר גייען אין שטעטל אריין. ריווערא איז נישט צו דערקענען: אַ פּלאַסאַ מיט בענק. עס פעלט נאָר אַ סטאַטוע אין מיטן. אז מען וועט שטעלן אַ סטאַטוע וועט זי געווים זיין פון דעם באַראָן הירש... ווי דען אַנדערש? ס'איז נישטאָ איין קאָלאָניסטיש הויז וואו עס זאָל נישט הענגען דאָס בילד פון באַראָן הירש.

— וואָס זאָגט איר אויף אונדזער ריווערא?

— גרויס געוואָרן, פאַרבויט...

אמת, טראַכט איך מיר. ריווערא איז צוויי מאָל אָדער דריי מאָל

אַזוי גרויס געוואָרן ווי צוריק מיט צוועלף יאָר.

— און די קאָלאָניעס? — פרעג איך — זיינען צוגעקומען אַ סך קאָלאָניסטן פאַר דער צייט?

— דעסאָלאָכאָס — ענטפערט מיר איינער — זיינען געווען גאַנץ היפּש..."

מיר גייען פאַרביי גרויסע קראָמען, אָנגעשטאָפּטע מיט סחורות. אָפּטיילונגען פון בוענאָס-איירעסער שטאָף־געשעפטן, באַקאַליי־קראָמען, רעסטאָראַנען, האָטעלן, ביר־זאַלן, אַ היפּשע קאָנדיטעריי... אַ שטאָט אַ גאַנצע!...

און אויסגעוואַקסן איז די דאָזיקע שטאָט, אויף וועמענס חשבון?

ליגט זיך צעוואָרפן אַ ברייטער אומענדלעכער סטעפּ, וואו נישט וואו אַ שטיבל פון אַ קאָלאָניסט, וואו נישט וואו אַ גרופּע פון פיר שטיבלעך, פון צען שטיבלעך העכסטנס, וואָס רופט זיך שוין קאָלאָניע, און אויף דעם חשבון לעבט אַ שטאָט אַ גאַנצע, און עס פילן זיך אָן און עס ליידיקן זיך אויס די ראָפּטן פון אירע גרויסע קראָמען וואָס מאַכן רייך און רייכער זייערע באַלעבאַטים, און עס זיפּען און שלאָגן זיך דורך מיט זייערע גראָשנדיקע פאַרדינסטן באַלמעלאָכעס און עס פּלאָגן זיך און שלאָגן זיך טאָגלוינער וואָס וואַרטן אויף דער גליקלעכער צייט פון קאָסעטשע, און עס עפנט זיך אַ ניי קלייטל, אַ נייער רעסטאָראַן און אַ נייע צירולנע, וואָס קוקן אויס אויף לייזונג און עס שטייגט דאָס דירה געלט און עס שטייגט די פרייז פון די „סאָלארן" (בוי־פּלעצער), כמעט ווי אין בוענאָס איירעס...

אַז איר ווילט, איז ריוועראַ און איר אומגעגנט, אַ זעיר אנפּין, אַ מיניאַטור פון דעם לאַנד אין וועלכן עס געפינט זיך: אַ געדיכטער קאָפּ, מיט אַ שיטער, גאָר שיטערן גוף.

וואו ליגט דער סוד דערפון?

מיר זיינען שוין נאָענט געווען פונעם סאָלאָן פון דער פאַרזאַמלונג, ווי עס האָט מיר אַ שוועב געטון פאַר די אויגן אַ שמאָל הויכ שילדל מיט בערך נישט אָנגעזעענע בלויע בוכשטאַבן. צוויי פאַמיליען נעמען זיינען דערויף אָנגעשריבן און מיט נאָך קלענערע אותיות: סע־רעאַליסטאָס (תבואה סוחרים). און אָט דאָס קליינע שילדל האָט מיר ראָפּטאָם צוגעוואָרפן דעם שליסל צו דער גאַנצער רעטעניש.

תבואה סוחרים — תבואה פאבריקאציע...

האט איר אמאל געזען ווי אזוי ארום איין פאבריק, ארום איין אינדוסטריעלער איינריכטונג, וואקסט אויס א שטאט?

מיט ריווערא איז פארגעקומען דאס זעלבע. דער חילוק איז נאר וואס די ריווערער פאבריק איז גרויס און ברייט און פארנעמט לעג־ ווען און לעגוועס קאמפ און די שטאט איז אויסגעוואקסן נישט ארום דער פאבריק, נאר אינעווייניק אין איר.

די אגריקולטור די ריווערער, ווי אין דער גאנצער פאמפא און ווי כמעט אין גאנץ ארגענטינע, איז נישט די דארפישע ווירטשאפט, וואס מיר זיינען געוואוינט צו זען אין אייראפע; דא ווערט נישט גע־ אקערט און געזייט, כדי צו שניידן די תבואה און מאלן פון איר דאס מעל אויף ברויט צום עסן, און דעם מותר צו פארקויפן אדער אויס־ צוארבעטן; דאס איז א פאבריקאציע פון ווייץ און פון מאיס, מערסטנס פון ווייץ, אויף צו עקספארטירן, אויף צוצושטעלן פארן וועלט־מארק. א ריווערער קאלאניסט איז דעריבער נישט קיין פויער, נאר א פאברי־ קאנט, קיין חילוק נישט צי ער ארבעט מאקע ווי א פאבריקאנט מיט פרעמדע הענט, צי ער ארבעט אליין, זיצנדיק אליין אויפן פלוג, אדער פירנדיק אליין די שנייד־מאשין; צי ער זיצט אין שטעטל און גייט אלע אוונט אין קינאמאטאגראף אדער אויף קאמיכיאנס זיצונגען, צי ער זיצט אינעם איינזאמען שטיבל אויף זיין שטיק לאנד פון 150 העק־ טאר. איך בין נישט ערב אויב עס זיינען פאראן אין ריווערא קאלא־ ניסטן וואס זאלן עסן ברויט פון זייער אייגענעם ווייץ געמאלן...

מיט אט די געדאנקען בין איך אריינגעקומען אין סאלאן, וואו עס האט שוין געווארט אויף אונדז א גרויסער עולם, כמעט אלע קאלא־ ניסטן פון די ארומיקע גרופעס, אזש ביז לאפין, פון איין זייט און ביז קלארא פון דער אנדערער זייט.

## IV

אין „סאלאן", וועלכער איז איינגעארדנט מיט „לאזשעס" פון ביידע זייטן, נישט מיט סאמעט געדעקט ווי ביי אונדז אין שטאט, נאר אפגעצוימט מיט פשוטע ברעטער און א פארטער, מיט „נאטירלעכן באדן"

אונטער די פּיס, האָט מען פאַר דער בינע אַ טישל אַוועקגעשטעלט און אויף דעם פאָרהאַנג אויפגעהאַנגען דאָס בילד פון באַראָן הירש.

די פאַרוואַלטונג פון דער שטעטלשער חברה קדישא האָט אויסגע־נוצט די געלעגנהייט און אָפּגעגעבן אַ באַריכט פאַר אַ פאָר יאָר צייט. ריוועראַר קאָלאָניסטן און שטאָטישע אידן קומען זיך טאַקע אָפט צו־נויף, אָבער נאָר אויף שמחות, אויף אַ רעפּעראַט פון אַ געזעלשאַפט־לעכן אָדער ליטעראַרישן גאַסט; פון טויט טראַכטן זיי ווייניק. און זייער גליק טוען זיי!

אָנגענומען דעם באַריכט, אָנגענומען דעם באַלאַנס, אָנגענומען די פאַרוואַלטונג אויף ווייטער. אויף שנעל אָפּגעפּטרט דעם טויט, וועלכן מען האָט אָפּגעגעבן זיינס, כדי ער זאָל נישט שטערן דאָס לעבעדיקע, וואָס האָט זיך געריסן צו מאַניפעסטירן, איז מען צוגעטראָטן צום ענין.

די אַטמאָספער איז געווען אַן אָנגעלאָדענע. אין ריווערא זיינען פאַראַן צדדים, פאַראַן מיוחסים, פאַראַן אינטריגעס, פאַראַן „אינטע־רעסעם קרעאַדאָס” (אַ שפּאַנישער אויסדרוק, וואָס מיינט נישט אָרנט־לעכע געשעפטן, אין וועלכע אַלע זיינען, ווילנדיק אָדער נישט ווילנ־דיק, אַריינגעצויגן איבער אַלץ און אַלעמען, און עס האָט געדראָט אַז דאָס אַלץ זאָל, ווי אַ פאַרהאַלטענער טייך, פאַרפּלייצן און איינברעכן די דאַמבע וואָס האָט אים ביז איצט פאַרהאַלטן. שוין יאָרן ווי רי־ווערא האָט נישט קיין שום אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל ריידן אין איר נאָמען, וואָס זאָל, אויב נישט עפּעס אויפטון, כאָטש דינען פאַר אַ שליוזע, פאַר אַן אָפּלייטונג פון דער אומצופרידנקייט וואָס זאַמלט זיך ביי יעדן: מיט דער איקאַ אַדמיניסטראַציע, איבערהויפּט מיטן לעצטן פאַרבאָט צו פאַרדינגען אידישן קאָלאָניסטישן באָדן אויף פּאַשע; מיט דער אייגענער לאַגע וואָס מען קען נישט פאַרריכטן מחמת אַליין איז מען אָנמעכטיק; מיט אייגענע ברידער קאָלאָניסטן וואָס פאַרקויפן די אַלגעמיינע אינטערעסן פאַר אַ פערזענלעכער טובהלע... דאָס אַלץ האָט געדראָט אויסצוברעכן. נאָר צי האָט געווירקט דערצו אַן אַרטיקל וואָס איז צו דער פאַרזאַמלונג אָפּגעדרוקט געוואָרן אין „דער פּרעסע”, אין וועלכן עס איז געווען אַן עצה אָפּצולאָזן זיך פון פּראָטעסטן און בעסער שאַפן די קאָלאָניסטישע אָרגאַניזאַציע, זאָל זי זיין אַ קאָאָפּעראַטיווע אָדער אַ פאַך־פאַריין; צי עס האָט געווירקט די אַנאָנסירטע אָנוועזנ־

הייט פון דעם רעדאַקטאָר, בכבודו ובעצמו, פון דער „פּרעסע"; עס איז אויסגעמיטן געוואָרן די פאַרפלייצונג און די פאַרזאַמלונג איז געפירט געוואָרן פון דער פאַרוואַלטונג אויף דעם וועג פון זאַכלעכער באַטראַכטונג פון דער געשאַפענער לאַגע אין קאָלאָניע.

דער פּאָרזיצער פון דער פאַרזאַמלונג איז אַ איד וואָס האָט מזל געהאַט מיט בהמות, וועלכע ער האָט פאַרקויפט פאַר דער גרויסער קאַטאַסטראָפע אויף דעם אַרגענטינער פי־מאַרק צוריק מיט אַ פּאָר יאָר, און אַרבעט איצט פיל לאַנד. ער מאַכט שניט אויף געדונגענער ערד ביים גרויסן אַרענדאַטאָר אַראַנאַ (איינער פון די הויפּט אַרענדאַטאָרס פון דער נישט קאָלאָניזירטער איקאַ־ערד, וועלכע זיינען: דער דערמאָנטער אַראַנאַ, ראַמולאָ ראָסאַ, וואַודוואָרד אָדער ווי מען רופט אים „דער נאָרדאַמעריקאַנער" און דער ריכטער מאָלינאַ, וואָס אויף זיין נאָמען אַרענדירט די ערד אַ געוויסער ווערא פון מאַקאַטשין, אַ באַלעבאָס פון אַ בית הזונות, אחוץ אַנדערע קלענערע, וואָס האָבן שוין זייערע „קליענטן" און אַרענדירן ביים איקאַ אַדמיניסטראַטאָר אַזוי פיל העקטאַרן וויפל זיי באַדאַרפן צו באַפרידיקן די באַשטעלונגען). דער פּאָרזיצער עפנט די פאַרזאַמלונג, אָנווייזנדיק אויף דעם בילד פון באַראָן הירש און בעט אויפשטעלן זיך פון זיין כבוד וועגן. ער גיט באַלד דעם טאָן דער פאַרזאַמלונג, וועלכע איז געקומען פּראָטעסטירן, אַז ס'איז גלייכער אויסצונוצן די פאַרזאַמלונג צוליב אָרגאַניזאַציע.

ער גיט דאָס וואָרט אַ צווייטן פון די פאַררופער. אויך דער אַרבעט פיל לאַנד, וואָס ער דינגט ביי אַראַנאָן. ער איז אַ קאָלאָניסט פון די בערסאָנער קאָלאָניעס און מיט זיין אינטעליגענץ און ענערגיע איז ער דער פּעאיקסטער מענטש אין ריוועראַ. דאָס זאָגן וועגן אים אפילו זיינע שונאים. ער דערציילט די געשיכטע פון דער קאָלאָניע. עס גייען פאַרביי אין זיין רעדע, פאַרשידענע מאָמענטן, סיטואַציעס, טיפּן פון פירער און זייערע אויפטועכצן, די געשיכטע פון דער ריווערער קאָאָפּעראַטיווע, אַנעקדאָטן און כאַראַקטעריסטישע מעשים פון פאַרשידענע איקאַ־באַאַמטע און איקאַ־פירער. ער קומט צום שלום אַז כאָטש די קאָאָפּעראַטיווע איז זייער נויטיק פאַר ריוועראַ, איז זי דאָך, צוליב איר איצטיקער אומפּאָפּולאַריטעט ביים עולם, נישט פּעאיק אַרונטערצונעמען אונטער זיך די גאַנצע קאָלאָניע מיט אַלע אירע אינטערעסן.

אַ דריטער פון די פאַררופער, אַן אַזוי גערופענער פעסטער קאָ־לאָניסט, איז דער בעסטער אַרבעטער פון קאָלאָניע, וואוינט אין קרע־מיע נומער 4, האָט שוין צוויי טשאַקרעס אייגענע, פאָרט מיט זיין אייגענעם אויטאָמאָביל און היט זיך נישט ביים רעדן צו זאָגן אַ שאַרף וואָרט, האָט געזאָגט עטלעכע שאַרפע ווערטער, האָט באַשולדיקט די פריערדיקע פירער פון דער קאָלאָניע און אויך די איצטיקע און אויך גערופן צו אָרגאַניזאַציע.

דאָס וואָרט האָט באַקומען איינער פון די אימיגראַנטן וואָס וואַרטן קאָלאָניזירט צו ווערן. דאָס איז געווען אַ באַשולדיקונגס רעדע קעגן אַלעמען, קעגן דער „קאָלאָניזאַציע", קעגן די קאָלאָניזאַטאָרן און קעגן די קאָלאָניסטן, קעגן די זעלבע קאָלאָניסטן וואָס האָבן אין פארלויף פון זייערע רעדעס באַדויערט דעם גורל פון די אימיגראַנטן און גע־פאָדערט מען זאָל עפּעס טון פאַר זיי. דער רעדנער, אַ מענטש וואָס האָט שוין דורכגעמאַכט מלחמה און וואַנדערונגען און איז שוין פאַר־האַרטעוועט אין צרות, האָט זיך נישט באַהערשט און די טרערן, וואָס ער האָט געפּרואווט צו דערשטיקן, האָבן זיך אַרויסגעריסן, און אַזוי איז ער פונעם טיש אוועקגעגאַנגען נישט פאַרענדיגנדיק זיין פראַזע, דורכגייענדיק צו דער טיר, צווישן דעם עולם וואָס האָט זיך געפילט מיטשולדיק אין דעם „גרינעמס" לאַגע.

דאָס זיינען געווען די רעדעס פון דער צוגערייטער פּראָגראַם. דערנאָך זיינען געקומען די דעבאַטן. דאָ איז שוין געקומען צו שטורעם. עס האָבן גערעדט אָנהענגער פון קאָאָפּעראַטיווע; ווער מיט לאָגיק און ווער אויפשפּרינגענדיק פון אָרט; ווער דערפאַר וואָס על פּי טעאָריע איז קאָאָפּעראַטיווע די נויטיקסטע זאַך פאַר דער קאָלאָניע און ווער דערפאַר וואָס אים פעלט נישט מער ווי די קאָאָפּעראַטיווע, מחמת א י ם וועט מען נישט דעסאַלאָכירן און מחמת ז י י ן זון איז שוין קאָלאָניזירט...

אַ קאָלאָניסטישער זון, וואָס האָט אָנגעוואוירן די געדולד בשעת אַזאַ איינער האָט גערעדט, האָט זיך אַ לאָז געטון צו אים מיט די פויסטן, נאָר די „קאָמיסיאָן" האָט אים באַצייטנס אָפּגעהאַלטן. געווען אויך אַ פייפעריי און אַ געשריי „מסור", ווען איינער אַ קאָלאָניסט, וואָס חברט זיך מיטן אַדמיניסטראַטאָר, האָט גענומען דאָס וואָרט,

אויף צו זאָגן, אַז ער איז נישט מיטן אַדמיניסטראַטאָר נאָר מיט די קאַלאָניסטן...

פון די אָרימע קאָלאָניסטן, די בעלי חוב ביי דער איקאַ, און פון די קאָלאָניסטישע זין, — און פון זיי איז באַשטאַנען די מערהייט עולם — האָט קיינער נישט גערעדט. האָבן זיי מורא פאַר נקמה פון דער אדמיניסטראַציע, פון דער דירעקציע? מען דערציילט זיך אָן זייער פיל וועגן אַזעלכע נקמהס. די געשיכטע פון דער איקאַ קאָלאָניזאַציע איז רייך מיט אַזעלכע פאַלן...

דער סוף פון דער פאַרזאַמלונג איז געווען: אַ קאָמיסיע פאַר פּראָפּאַגאַנדע און אָרגאַניזאַציע. אַ פּראָטאָקאָל איז פאַרפאַסט געוואָרן און כמעט דער גאַנצער עולם האָט אים אונטערגעשריבן. 170 אונטערשריפטן זיינען פאַראַן, האָט מיר איינער פון די פאַררופער איבערגעגעבן. די קאָלאָניסטישע זין וועלן באַשפּרעכן זייער לאַגע באַזונדער.

די גאַנצע צייט פון דער פאַרזאַמלונג איז מיר פון זינען נישט אַרויס דאָס קליינע שמאָלע ווייסע שילדל, מיט די נעמען פון די תבואה-סוחרים. קיינער פון די רעדנער האָט זיי נישט דערמאָנט, נאָר איך האָב זייערע נעמען צוגעלייגט צו יעדער פראַזע, צו יעדן אַרגומענט פון די רעדנער. איך האָב פאַר זיך געזען קאָלאָניסטן וואָס זייען יאָר איין יאָר אויס צו הונדערט מיט פופציק העקטאַר באָדן, וואָס יעדער העקטאַר גיט פון זיך אַרויס אַ דורכשניט פון 10 קינטאַל תבואה, און פון די דאָזיקע 1509 קינטאַלן בלייבט צומאָל נישט דעם קאָלאָניסט אויף זריעה און נישט אפילו אויף ברויט.

און אַז הונדערט מיט פופציק העקטאַר פאַר דער פאַבריקאַציע זיינען ווייניק, מוז ער האָבן נאָך אַזוי פיל, און עס קומט אַ טרוקעניש, און עס קומט אַ האָגל און „קערט איבער די קאָסעטשע" און ער בלייבט אַ בעל חוב ביי דער איקאַ, ביים סוחר, ביים קרעמער.

דער שפּייזער פון דער וועלט, דער גרויסער פאַבריקאַנט פון תבואה פאַרן וועלט־מאַרק, וואָס מאַכט אַן אומזאַץ פון צענער טויזנטער פּעזעס, בלייבט נאָכן יאָר־באַלאַנס אַ קבצן און נאָכן באַלאַנס פון עטלעכע יאָרן — אַ שברי כלי, צום אַרויסוואַרפן, צום ד ע ס אַ לאָ־כ י ר ן.

און אויב אין דער צייט פון דער פאַרזאַמלונג האָב איך בלויז

געזען אַט די דלפנישע גבירים, וואָס מאַכן רייך די אָרטיקע סוחרים און קרעמער און אזעלכע לויתנס ווי דרייפוס און בונכע באַרן און שאַפן דיווידענדן פאר די ענגלישע אקציאָנערן פון די היגע אייזנבאַנען און שיפס-געזעלשאַפטן, האָב איך נאָך דער פארזאמלונג געהאַט די געלעגנהייט אויסצוהערן זייערע אייגנטלעכע טענות.

אזוי ווי אין שול נאָכן אָפּדאַווענען בלייבט דער עולם שמועסן, אזוי איז דאָ דער עולם פארבליבן אויסצורייִדן זיך דאָס הארץ, אראָפּצורייִדן פון הארצן דאָס, וואָס די אָפיצעלע רעדנער האָבן נישט דערזאָגט. יעדער האָט זיך זיינע טענות, זיין פארביטערט הארץ. פאראַן טענות הלמאי מען זעצט אוועק גויים פאר שכנים. פאראַן צווישן זיי גנבים... פאראַן אַ וואוינונגס פּראָבלעם. ס'איז שווער צו וואוינען איינער אַליין אויף דער טשאַקרע; דאָס ווייב איז אַ שטאָטישע און איז נישט געוואוינט דערצו; קינדערלעך דאַרפן גיין אין שולע אריין און ס'איז אַ געפאַר צו שיקן זיי אַליין אַ לאַנגע שטרעקע. דאָס אַלץ זיינען וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס מען קען מיט דער האַנט נישט אוועקמאַכן. איך האָב מיך באַמיט ארויפצופירן דעם שמועס אויף דעם עיקר, אויף דעם קאָלאָניסטישן ביודזשעט, אויף דעם אופן פון פירן די ווירטשאַפט...

צו זייערע טענות און מיינע פראַגן וואָלט קיין סוף נישט גענומען, ווען עס קומט נישט באַצייטנס מיין קרוב, וועלכער האָט מיך צוגענומען צו זיך אהיים.

מיין ביכל איז שוין פול מיט פאַקטן, מיט קוריאָזן, מיט כאראַקטעריסטישע מעשׂות און — מיט פּראָבלעמען.

אויף מאָרגן האָב איך מיך שוין צוזאַמענגערעדט וועגן אַן אויטאָמאָביל אויף ארומצופאָרן די קאָלאָניסטישע גרופּעס. מיר וועלן פאָרן אויף דער זייט פון דער פּאַמפּאַ.

## V

דער פרימאָרגן פון 17־טן אָקטאָבער איז געקומען קיין ריוועראַ זייער אַ שיינער, דער פּאַמפּאַ־הימל איז אינגאַנצן אַזאַ זוניקער. אַן אינטערעסאַנטע רייזע וועט עס זיין, נאָר שטויב וועט נישט פעלן...

מיין קוזינס פרוי האָט שוין צוגעגרייט פאַר מיר א פרישטיק, מיט פוטער וואָס האָט נישט געשמעקט מיט חלב און מיט אייער וואָס האָבן נישט געשמעקט מיט קאַלך. מיינע באַגלייטער זיינען שוין אויך דאָ. פאַראַן אַפילו א קאַדאַק, נאָר קיין פלאַטן זיינען נישטאָ, מען דאַרף נאָך צוגרייטן דעם אויטאָמאָביל, פאַרגרייטן נאַפט, און אפשר קען מען נאָך באַקומען פלאַטן צום קאַדאַק... גאַווינאָסער וועט שוין אַלץ באַזאָרגן... איך דאַרף נאָך א טעלעגראַמע געבן צו „דער פרעסע”. (אַך, די פּראָווינציעלע טעלעגראַפיסטן! נישט אַנדערש ווי לואיס פּאַסטער וויל ער, זאָל איך שרייבן דעם אַדרעס, און נישט פּאַסטער אַליין. און ער האָט אויסגעפירט, דער קליינשטעטלדיקער פּעדאַנט, וואָס ווייסט אַז פּאַסטער האָט געהייסן לואיס)...

פּלוצים האָט א ווינט כמאַרעס אָנגעטראָגן אויפן הימל. פון וואַנען קומען זיי? וואוהין גייען זיי? וועלן זיי זיך אויסגיסן אין ריווערא? אַלע האָבן גענומען קוקן אויפן הימל: אפשר, אפשר וועט שוין אַמאָל גיין א רעגן!... מען דאַרף אים איצט אזוי נויטיק האָבן!...

איך האָב מיך דערמאָנט אָן די פעלדער מיט די פאַרגעלטע בענקענדיקע גרעזלעך וואָס איך האָב געזען פון וואַגאָן אַרויס.

— מיר דאַכט ס'וועט גאָר נישט זיין... — רופט זיך אָפּ אַן עלטערער איד א קאָלאָניסט, מיין קוזינס שווער, דער אַלטער נחמיה בייזער, וועלכער איז נאָר וואָס געקומען פון דער „באָלשעוויסטישער שיל” (אזוי רופן ריווערער לצים דאָס שילכל וואו עס דאַווענען די אַלטע לייט), — זעט ווי דער ווינט דרייט זיך אויס!...

און אַז אין ריווערא דרייט זיך אויס דער ווינט, זעט מען דאָס מיט די אויגן און נישט נאָר מען פילט דאָס. דער שטויב וואָס האָט זיך געטראָגן ביז איצט אין איין זייט, האָט זיך אויסגעדרייט און זיך גענומען טראָגן אין אַן אַנדער זייט. און די כמאַרעס אויפן הימל זיינען געוואָרן שיטערע, זיך גענומען טראָגן אָן א זייט. אָט איז ווידער דער הימל געדיכט שוואַרץ און אָט איז ער ווידער צעריסן און עס שיינט דורך די זון. א פּאָר טראָפּן האָבן א שפּריץ געטון אין זאַמד אַריין און מען זעט שוין ווי דער ווינט טראָגט די כמאַרעס אַוועק פון ריווערא... אויב איר ווילט זען דעם געראַנגל פון ווינט מיט רעגן, פאָרט קיין ריווערא. איך האָב געהאַט דעם איינדרוק ווי די כמאַרעס וואָלטן געוואָלט

ברעכן דעם גזר וואָס איז נגזר געוואָרן אויף ריווערער פעלדער, און דער ווינט, דער בייזער אַלטער וואַכנדיקער גייסט פון דער פּאַמפּאַ, האָט זיך אונטערגענומען אויס נקמה פאַר איר געשטערטער רו, פאַר דעם רויבן פון איר בתולהשאַפט, די כמאַרעס צו פאַרטרייבן...

זאָל רעגענען! איך פון מיין זייט בין מקריב נאָך איין טאָג פון מיינע געציילטע טעג וואָס איך האָב אַוועקגערויבט פון מיין אַרבעט ביים רעדאַקציע־טיש.

— ס'וועט שוין נישט רעגענען!... — טרייסט מיך איינער פון מיינע באַגלייטער, און ער זאָגט דאָס אַזוי גלייכגילטיק. איך וואָלט געשוואוירן, אַז פאַרקערט, ס'האָט זיך נאָך געהערט אַ פריידיקע נאָטקע אין דעם זאָג זיינעם.

— אויב פון מיינעט וועגן, בין איך מוחל — זאָג איך.

— אפילו פאַר אונדז איז עס אפשר אויך גלייכער.

— ?...

— סיי ווי האָט מען גאָרנישט פון דער קאָסעטשע, וועט מען כאָטש ווייניקער שולדיק זיין...

איך האַלט אָן די פאַרוואונדערונג אויף מיין פנים און ער דער־קלערט מיר:

— אַז ס'גייט קיין רעגן נישט, גיט מען קיין קרעדיט נישט; דער קרעמער באָרגט נישט, דער סוחר גיט נישט קיין הלוואות, מאַכט מען קיין „פרענדעס“ נישט...

און דאָ האָט דער קאָלאָניסט אויפגעוויקלט פאַר מיר אַ בילד פון דער שענדלעכסטער עקספּלואַטאַציע מצד דעם סוחר און קרעמער. דער קרעמער ווי דער סוחר נעמען פאַר דעם קרעדיט וואָס זיי גיבן — אַ משכון, תבואה. פאַר יעדן הונדערטער מוז דער קאָלאָניסט אָפּגעבן צוויי הונדערט קינטאַל ווייץ צוגעשטעלט צו דער באַן. גיט נאָר אַ שפּריץ אַ רעגן, ווערט עס פרייליכער ביים קאָלאָניסט אויף דער נשמה און עס ווערט אויך פריילעך ביי די קרעמער און ביי די סוחרים; אין קרעמערס ביכל שרייבט זיך און עס ווערט אַלץ דיקער און דיקער, דער קאָלאָניסט ווערט ברייט און פריינגעביק. עס יאַוועט זיך אַראָפּ די משולחים פון שטאָט, קרן היסוד און נאַציאָנאַל פאָנד און ישיבת אורח חיים און „משגב לדך“ פון ירושלים, היינט שטאָטישע אנשטאַלטן,

קיינער פארפעלט נישט מזכה צו זיין ריוועדער קאַלאָניסטן מיט זיינע משולחים, מען פארשעמט זיי חלילה נישט, און אויך זיי פארשעמען חלילה נישט קיינעם. וועלכער ריוועדער קאַלאָניסט וועט דען געבן אויף קרן היסוד ווייניקער פון א פינפאונצוואַנציקער! און אז ס'קומט א משולח פון גרעסערן פאַרמאַט, א דאָקטער, מוז מען זיך שוין שטעלן נאָך „פיינער" און דער דאָזיקער דאָקטער אַליין איז אויך נישט אַבי ווער, און אז ער פאָרט אוועק לאָזט ער איבער פאַרן שטעטל א חוב צו באַצאָלן אין האָטעל כאָטשבי א 500 פעזעס. און א באַנקעט פאַרן משולח דאַרף מען אויך מאַכן, און ריוועדער האָטעלן נעמען פאַר א באַנקעט נישט ווייניקער ווי צו 15 פעזעס פאַר א פאַרשוין. און נישט יעדער קאַלאָניסט האָט דאָס געלט אין קעשענע. גייט ער צום סוחר, צו לייבל סינגאַל, למשל (לייבל סינגאַל איז א שם דבר אין ריוועראַ. עס שאַדט נישט אז די לעזער זאָלן געדענקען דעם נאָמען), נעמט דער סוחר א משכון — תבואה. נאָר דאָס איז נאָך א קלייניקייט; עס קומט ערב קאָסעטשע, מען דאַרף האָבן געלט, אויף זעק, אויף פאָדעם, אויף פעאָנעס, אויף נאַפט צו דער מאַשין, און ביים סוחר איז די האַנט אָפן. וואָס הייסט אָפן? אז מען קומט צו אים נעמען אויף א משכון פון תבואה 500 גיט ער 1000, ער בעט זיך מען זאָל ביי אים נעמען אָדער ער שטופט גאָר אריין מיט גוואַלד; אז איר ווילט נישט נעמען, וועט ער אייך גאָרנישט געבן... נישקשה, ער איז מיט זיין געלט זיכער; היינט די פראָצענטן, וואָס ער וועט האָבן דערפון: ערשטנס 10 פראָצענט פון געלט, ווי די וועלט פירט זיך; צווייטנס 10 סענט פון קינטאַל „פיכאַסיאָן", 10 סענט „אַנולאַסיאָן", דערנאָך ערשט הויבט זיך אָן די ליקווידאַציע און עס הויבט זיך אָן א חשבון מיט „פונקטן", מיט „באַזעס". זייער נישט צופרידן איז דער סוחר ווען דער קאַלאָניסט ברענגט אים א ריינעם ווייץ, וואָס האַלט די פולע וואָג. גלייכער איז פאַר אים אז ער איז נישט פול-וואָגיק און פון נישט בעסערן סאָרט. עס גייען אַראָפּ פּראָצענטן פאַר די „באַזעס" מיט די „פונקטן" וואָס דער ווייץ האַלט ווייניקער פון דער נאָרמאַלער וואָג. און דאָ שווימט דער סוחר ווי א פיש אין זיינע וואַסערן. ער רעכנט אַראָפּ פאַר „פונטאָ נעגראָ", „פונטאָ סאָמברעאַדאָ", פאַר „קאַרבאָנודאַ", פאַר „מאַנטשאַדאָ", א זיכערע פעזע פונעם קינטאַל... פאַראַן סוחרים וואָס גיבן

אַ קרעדיט אויף דער קאָסטשע דריי פערטל פון דער פּרייז וואָס שטייט אויפן מאַרק, מיט דעם באַדינג אָבער, אַז אויב ביים צושטעלן די תבואה וועט די פּרייז זיין קלענער ווי די אַרויסגעגעבענע דריי פערטל, זאָל דער קאָלאָניסט אים צוצאָלן. טרעפט זיך טאַקע גאַנץ אָפט, אַז דער קאָלאָניסט געפינט זיך אין דער לאַגע פון יענעם פויער מיטן פעלץ, וואָס האָט דעם פעלץ פאַרקויפט, קיין געלט נישט גענומען, נאָר שולדיק איז ער געבליבן און דער חשבון שטימט...

— אַזאַ מעשה האָט אפילו פּאַסירט מיט אונדזער אַמאָליקער קאָאָפּעראַטיווע — נעמט ווייטער דערציילן דער קאָלאָניסט און ער דערציילט אַ געשיכטע, וואָס איך באַהאַלט זי פאַרן קאַפּיטל וואו איך וועל דערציילן פון ריוועדער קאָאָפּעראַטיווע.

דערווייל האָט זיך דער ריוועדער הימל שוין אינגאַנצן אויסגע־לייטערט.

קיין רעגן איז טאַקע נישט געגאַנגען און האָט איבערגעלאָזט די פעלדער פאַרטריקנט און דורשטיק. די גרעזעלעך ווייסן פון קיין חשבו־נות נישט, זיי ווילן וואַקסן, זיי ווילן זעטיקן די וועלט מיט קערנער. דאָס גאַנצע לאַנד קוקט אַרויס אויף זיי׳ עס קוקן אויף זיי אַרויס די תבואה סוחרים, די קלענערע און די גרעסערע, עס קוקן אויף זיי אַרויס די קרעמער, די שטעטלשע און די שטאָטישע; שטאָפּן אין די ראָפּטן, מאַשינען אין די לאַגערס, דער „סעזאָן״ אין שטאָט איז געשלאָגן, אַפילו די טעאַטערס זיינען ליידיקלעך, און די באַנען... אַזוי פיל אַק־ציאָנערן וואַרטן אויף דיווידענדן...

## VI

— וואוהין פאָרן מיר?

— מיר ווילט זיך זייער שטאַרק זען די קאָלאָניזאַציע פון די אי־מיגראַנטן.

— אויב אַזוי, וועלן מיר מוזן מאַכן אַ „וואוועלטאַ״, אַן אומקרייז, הייסט עס. מירן אייך שוין פאַראייננוועגס ווייזן אונדזער שפּיטאָל וואָס דאַרף זיך די טעג עפענען.

דער אויטאָמאָביל האָט אַ ריס געטון און אין איין אויגנבליק זיי־נען מיר שוין אויפן פרייען וועג אין פעלד אַרויס.

דער שפּיטאָל שיינט אַריין, אַ ווייסער, אַ פרישׁ געקאַלכטער, דורך דער ברייטער גאַס אין שטעטל אַריין. פון פאָרנט איז אַ גאָרטן, מיט רויזן־בוימלעך פאַרזעצט און די שטעגלעך צווישן די בייטן מיט צע־קלאַפּטע רויטע ציגל אויסגעבעט. — ער איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַר־ענדיקט, דערקלערן מיר מיינע באַגלייטער. מיר גייען אַראָפּ. דער שפּיטאָל איז פאַרשלאָסן. דער שליסל איז אוודאי ביים „כערענטע". יענער רוט נישט. ער לויפט איצט אַרום צוגרייטן אַלץ צו דער דער־עפענונג וואָס וועט פאָרקומען דעם 2־טן נאָוועמבער. דער שפּיטאָל איז איצט אויפן טאָג־אָרדענונג אין ריוועראַ. אין דער שפּיטאָל־קאָמיסיע זיינען פאַרטראָטן אַלע שיכטן. דאָרט זיצן צוזאַמען סלוצקי מיט בראָד־סקין (סלוצקי, באַקאַנט אין די בוענאָס איירעסער אַרבעטער־קרייזן, אַן אַלטער טוער פון בוענאָס איירעסער אידישן אַרבעטער פאַרבאַנד, איז אין ריווערא דער סימוואָל פון אַרבעטערשאַפט, כאָטש איצט פירט ער פאַר זיך אַ ווערקשטאַטל פון שלאָסעריי. און בראָדסקי, אַ געוועזענער רייכער סוחר אין רוסלאַנד, וואָס רעדט בלויז רוסיש און האָט פּרעטענזיעס אויף העכערער בילדונג.

מירן שוין מוזן קומען אַהער אַ צווייטן מאָל.

באַלד טאַקע דערנעבן זעט זיך אַ ריי שטיבלעך, איינס פון צווייטן אַ קוואַרטאַל די ווייט. דאָס זיינען די „קינטעס". דאָ האָט די איקאַ באַזעצט אייניקע משפּחות, מערסטנס באַלמעלאָכעס אויף פינף העק־טאַר לאַנד מיט אַ קרעדיט פון 1.200 פּעזעס, אין וועלכע עס גייט אַריין דאָס שטיבל (וואָס באַשטייט פון איין צימער), אַ וואָגן מיט צוויי פערד, אַ קו און אפשר נאָך עפּעס. דער נאָמען „קינטאַ" באַווייזט אַז די פינף העקטאַר דאַרפן באַאַרבעט ווערן אויף אַ גרינס־גאָרטן, דער חשבון איז אַזוי: דאָס שטיבל פאַרשפּאָרט דירה־געלט, די קו וועט ברענגען מילך פאַר דער שטוב און אויך אויף צו פאַרקויפן אין שטעטל, דער גרינס־גאָרטן וועט ברענגען פּרנסה; ס'וועט זיין פאַר דער שטוב און אויף אַרויסצופירן. דערצו קומט נאָך צו אַ הינער־פּליד ביי דער שטוב, די הינער וועלן לייגן אייער, וועט ווידער זיין אויף צו פאַרקויפן און דער מאַן איז דאָך אַ באַלמעלאָכע, אַ שלאָסער, אַ שוסטער, אַ שניידער, און

איז נישטאָ קיין מאַן, זיינען פאַראַן דערוואַקסענע קינדער, וואָס זיינען נייטאָרקעס (אַזעלכע האָט מען אין קרעדיט אַריינגערעכנט אַ ניי־מאַ־שין), — און זיי וועלן אויך פאַרדינען. אַזוי אַרום וועלן זיי אין אַ פּאָר יאָר אויסצאָלן דעם קרעדיט, וועלן זיך צוגעוואוינען צו דער ערד־אַרבעט, וועט מען זיי באַזעצן אויף אַ גרעסערן שטח לאַנד אַלס „קאָ־לאָניסטן אויף אַ פּרואַוו” און אַז זיי וועלן אויסהאַלטן די פּרואַוו, וועט מען זיי געבן די קאָנטראַקטן „פּראָמעסאַ דע ווענטאַ”, דאָס הייסט, מיט אַ צוזאָג אַז נאָכדעם ווי זיי וועלן אָפּצאָלן דער איקאַ פאַר דער ערד, זאָל זי ווערן זייערע...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי איינער אַזאַ „קינטאַ”, אַ פאַר־אַקערטער. אָנגעפּאַטשט אין די הענט. עס איז אַרויסגעקומען אַ אַי־דענע מיט אַ קינד אויף די הענט. דערזען אַן אויטאָמאָביל, איז זי שטיין געבליבן. מיר האָבן אָנגעטראָטן אויף דעם אונטערשטן דראָט פון דער „אַלאַמבראַדאַ” (פאַרצוימונג), דעם אויבערשטן אונטערגעהויבן און אַזוי אַרום אַריין אין דעם אימיגראַנטס נחלה. איבערן געאַקערטן באָדן זיינען מיר צוגעקומען ביז צום שטיבל. הינטערן שטיבל איז פאַראַן אַ „קורניק”, ביי דער וואַנט אַ קעבל צוגעבויט. קינדערלעך שפּילן זיך, הינער גייען אום אויפן געאַקערטן...

— גוט מאָרגן! — גוט יאָר! — און איך האָב מיך פאָרגעשטעלט: איך בין געקומען באַקוקן ריוועראַ און דערנאָך באַשרייבן. — ווי גייט עס אייך, די „גרינע” אויף דער קאָלאָניזאַציע? וואו איז אייער מאַן? וואָס האָט איר פאַרזייט? גיבן אייך עפּעס די הינער?...

איך געדענק שוין נישט אין וועלכן סדר איך האָב געשטעלט די פראַגן. די און נאָך אַנדערע, וואָרום די אידענע איז פאַרלאָפן אויף פריער...

— כ'ווייס, מען שלאָגט זיך יאַקאָס דורך... מיר האָבן פאַרזייט מאַיס אויף די פינף העקטאַר, אפשר וועט עפּעס אויפגיין, וועט זיין האַדיוווליע פאַר די הינער... איר מיינט די הינער גיבן עפּעס? פאַראַ־יאָרן האָט דער האָגל זיי אַלע אויסגעלייגט. איר מיינט זיי לייגן זיך?... אָט איז איינע אַזאַ וואַוילע הין געווען, איז זי עפּעס פּלוצים אומע־טיק געוואָרן...

— זוכט באַלד אויס אַ גוט פּלאַץ און באַגראָבט זי, אַז נישט וועט

זי אַלע אייערע עופות אָנשטעקן מיט איר אומעט — רייסט איר איבער איינער פון מיינע באַגלייטער.

און די אידענע רעדט ווייטער: — זיי עסן אויף מער ווי זיי האָבן די ווערט.. .אז אייער צאָלט מען פּערציק סענט דאָס טוץ... וואָלט כאָטש מיין מאַן עפּעס פאַרדינט... אנומלט האָבן מיר געמוזט פאַרקויפן אַ פּאָר הינער אויף ברויט... מיין מאַן איז אַ שוסטער... אז ס׳איז קיין מזל נישטאָ..׳ דער וואָס וואוינט אין יענעם שטיבל איז אויך אַ שוס־טער, האָט ער באַקומען אַ פּלאַץ און אַרבעט, און אַז מיינער איז גע־קומען, דאַרף מען שוין נישט... גייט ער אַרום אין שטעטל, אַמאָל דאַרף מען אַ קבר גראָבן אויפן הייליקן אָרט, צי אַזוי אַן אַרבעט...

— און די קינטאַ — פרעג איך — ווער אַרבעט?

— וואָס קינטע? ווען קינטע?

און מיט אַן אמתן צו אַ קינטע באַדאַרף מען וואַסער, מען דאַרף האָבן אַ „מאָלינאָ" (אַ וואַסערמיל) וואָס קאָסט אפשר 1.000 פּעזאָס. צו אַ קינטע באַדאַרף מען פאַרשידענערליי זריעה און פּאַר אַלעמען קענטעניש! מען דאַרף זיין אַ האַרטיקולטאָר פון פאַך און פּראַקטיש דערצו. און איך דערוויס מיך אַז פון די אַלע וואָס זיינען באַזעצט גע־וואָרן אויף די פינף העקטאַריקע „קינטעס" האָט קיין איינער קיין „קינטע" נישט געמאַכט, נישט באַאַרבעט הייסט עס, אויף גרינסן. איינער האָט פאַרזייט מאַיס פאַר די עופות. אַ צווייטער סודאַן־גראָז פאַר דער בהמה און אַז ס׳וועט גערעטן זאָל מען קענען אויך עפּעס פאַרקויפן. אַ דריטער וואַרט אויף רעגן, וועט ער אפשר פאַרזייען ליאָן... ס׳הייסט, נישט ער וועט פאַרזייען, נאָר מ ע ן וועט אים פאַר־זייען. ער וועט עמיצן דינגען אָדער עמיצער וועט אים אַ טובה טון. ער איז דאָך עפּעס אַ „גרינגער", כּלל אַ מענטש...

פאַראַן אין ריוועראַ „קינטעס" און פאַראַן „קינטעראָס". פאַראַן קינ־טעס ביי קאָלאָניסטן וואָס האָבן צוגעקראָגן פּראַקטיקע און האָבן אויך דערצו די נויטיקע מכשירים און פאַראַן אויך גויים וואָס דינגען „קינ־טעס" ביי דער איקאַ, און האָבן פון זיי פּרנסה, אפילו בצמצום, נאָר דאָך מאַכן זיי דערפון אַ לעבן. זיינען דאָס אָבער פּראַקטישע אַרבעטער אויף דעם געביט. פאַרביי די דאָזיקע קינטעס זיינען מיר שפּעטער

דורכגעפאָרן. זיי ליגן הינטער דער אייזנבאַן פאַר באָזשעדאַראָווקע. אויך אויף זיי רופט זיך שטאַרק אָפּ די טרוקעניש.

פאַראַן נאָך אַן אַנדער מין קאָלאָניזאַציע פון „גרינע". דאָס זייַנען גרעסערע שטחים לאַנד פון 25 ביז 50 העקטאַר און אַפילו 75. גראָד ליגן זיי נישט אויף אונדזער וועג וואָס מיר האָבן זיך אָנגעצייכנט, זיי זייַנען נענטער צו הוערגאָ, אין די גרופּעס פון פיליפּסאָן. אויך זיי האָט די איקאָ געגעבן דעם זעלבן קרעדיט פון 1.200 פּעזעס, מיט דעם זעלבן „רעמאַנענט", וואָס די קינטעראָס. פון אַליין באַארבעטן די דאָזיקע „טשאַקרעס" איז אָפּגערעדט; מען דאַרף דערצו האָבן נאָך אַן אַנדער רעמאַנענט; געפינט זיך אַ גוטער מענטש פון די קאָלאָניסטן, פאַראַקערט ער זי פאַר דעם „גרינעם" און פאַרזייט זי. און דער זעלבער וועט זי שוין מסתמא אויך אָפּשניידן. אָדער אַן אַנדערער וועט דאָס טון. קאָסט דאָס אָבער געלט, און נישט יעדער קאָלאָניסט קען זיך דאָס פאַרגינען. דערציילט האָט מען מיר פון איינעם אַזעלכן אַלס אויסנאַם, בערל גאָרער, הייסט דער דאָזיקער גוטהאַרציקער קאָלאָניסט, אַ ווירט פון ערשטן סאָרט (זיין טשאַקרע האָב איך שפּעטער באַזוכט און איך מיין אַז ס'איז כדאי אים אַרויסצושטעלן אַלס דעם שענסטן מוסטער, אַלס ווירט און אַלס גוטן מענטש). די מערסטע גרינע „קאָלאָניסטן" פאַרדינגען זייערע טשאַקרעס און נעמען דערפאַר אַ פּראָצענט, געוויינלעך 20 פּראָצענט פון דער קאָסעטשע. אַנדערע באַקומען אַפילו געלט פאַרויס און צאָלן איין אַ קוואָטע דער איקאָ, און אַליין זוכן זיי זיך אַן אַרבעט אין שטעטל. פאַראַן אויך אַזעלכע וואָס פ א ר ד י נ ג ע ן ז י י ע ר נ אָ מ ע ן. אז אַ קאָלאָניסט אָדער אַ נישט־קאָלאָניסט, אַ קרעמער אָדער אַ סוחר, וויל מאַכן אַ קאָסעטשע אויף נאָך אַ שטיקל לאַנד, און ער ווייסט אַז לעגאַל ביי דער איקאָ קען ער עס נישט באַקומען, קויפט ער אָפּ ביים „גרינעם" זיין נאָמען פאַר אַ הונדערטער אָדער פאַר צוויי, און דעם גרינעמס פעלד ווערט שוין פאַראַקערט און פאַרזייט און גיט קאָסעטשע... און אַ איקאָ־דירעקטאָר וועט אָראָפּקומען קאָסעטשע־צייט, וועט ער הנאה האָבן פון דער נייער קאָלאָניזאַציע...

עס קען זיין אַז די „גרינע" וועלן מיר נישט זיין קיין גוטע פריינט פאַרוואָס איך מאַך זיי קאַליע דאָס עסק. און ס'איז דאָך טאַקע אַן

עסק! דארפן זיי האָרעווען און פאַרשוואַרצט ווערן און דינגען „רע־מאַנענט" אויף צו באַארבעטן זייער טשאַקרע און ערשט דערנאָך אויס־קוקן די אויגן אויף רעגן און מורא האָבן פאַר היישעריק און פאַר האָגל און אַרוים „בשן ועין" ווי אַנדערע קאָלאָניסטן וואָס זיי האָבן פאַר זיך אַלס מוסטער, אַ מער, האָבן זיי אַ פּאַרטיקן טאָפּ מיט אַ פּאַרטיקן לעפל... אַלא וואָס דען, די איקאַ־דירעקציע אין בוענאָס איירעס וועט זיך דערוויסן און וועט זיי געבן דעם דרך; איז ערשטנס, גלויבט ער אַז דאָס טוט זיך מיט דער איקאָס וויסן; אַ סימן, דער אַדמיניסטראַטאָר ווייסט דערפון און ער אַליין גיט אים אַפּילו די עצה און צווייטנס, גוט איז אַ חיי שעה!... „און אַז ער האָט זיך געוואַלגערט אין אימיג־ראַנטן הויז מיט די פּרימפּעקלעך אויף דעם דראָטענעם בעטל אָן אַ מאַטראַץ איז אים בעסער געווען?!..." און פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט גלויבן אַז דאָס ווערט געטון מיט איקאָס וויסן, ווען מען גיט אים אַ פעלד צום באַארבעטן מיט זיינע הוילע צען פינגער!...

זיינען אָבער פאַראַן „גרינע" וואָס זוכן נישט קיין „חיי שעה", נאָר ווילן טאַקע קומען צו אַ תּכלית, ווערן קאָלניסטן, פרעגן זיי: היתכן?

און אויך איך האָב מיך געפרעגט: היתכן? איז דאָס קאָלאָני־זאַציע, צי איז דאָס אימיגראַנטן הילף? אין ריוועראַ ווייסט מען נישט דעם גרעניץ צווישן איינס און דאָס אַנדערע, און נאָך ווייניקער וויסן עס די „קאָלאָניזירטע" גרינע. איך בין אַ בעלן געווען פרעגן דעם אַדמיניסטראַטאָר פון ריוועראַ, ה' הורוויץ, אַ גאַנץ ליבלעכע פּערזאָן, ביי וועלכן איך האָב געמאַכט אַ באַזוך ערב מיין אָפּפאָרן, צי איז עס אמת די פאַרדונגעניש, און דער גאַנצער מין „קאָלאָניזאַציע" און ער האָט מיר געענטפערט: יע. (ער איז אַ ליטוואַק וואָס האָט שטו־דירט און פּראַקטיצירט אַגראָנאָמיע אין אַמעריקע). יע, אָבער אַזוי יוערט ער דאָך שוין מיט עפּעס געהאָלפן...

## VII

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט דער גרינער קאָלאָניסטקע און זיך אויפגעזעצט אויף דער ווייטערדיקער רייזע איבער די צפונדיקע גרופּעס;

דאָס דאַרף באַזשעדאַראָווקע, פּאָרטאַרטור (ווי אזוי די גרופּע רופט זיך אָפיציעל געדענק איך נישט, נאָר פּאָרטאַרטור רופט מען זי דערפאַר וואָס דער ערשטער קאָלאָניסט דאָרטן איז געווען א איד מיטן נאָמען יטשטיסל און פלעגט זאָגן סטעסל, ווי דער באַוואוסטער גענעראַל סטעסל, דער פאַרטיידיקער פון דער מאַנדזשוריער פעסטונג פּאָרטאַרטור), גינז־בורג (נומער 1), גינזבורג (נומער 2), קלאַרא (נומער 3), קרעמיע (ני־מער 4).

מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן די „עקספּערימענטאַלע טשאַקרע", ווי די קאָלאָניסטן רופן דאָס, און ווי עס רופט עס אָן דער אַדמיניסטראַ־טאָר — „פּרואַוו־פעלד", אויף שפּאַניש — „קאַמפּאָ דע ענסאַזשאָס". דער חילוק פון איין זאַך צו דער אַנדערער — וואָס ביי מיר, דעם פּראָפאַן אין די ענינים, איז עס איינס און דאָס זעלבע, — באַשטייט אינעם פאַרנעם. אַן עקספּערימענטאַלע טשאַקרע אין ריוועראַ, ווי עס האָט מיר דערקלערט דער אַדמיניסטראַטאָר הורוויץ, פּאָדערט זייער גרויסע הוצאות. דער באָדן איז נאָך גאָר ווייניק כעמיש אויסגעפאָרשט און אויך איז נישט גענוי פעסטגעשטעלט וועלכע כעמישע שפּייז עס פּאָדערן די פאַרשידענע מינים פלאַנצן. דאָס אַלץ מוז דעריבער געטון ווערן אויף דעם וועג פון דער פּראַקטיק, און דאָס פּאָדערט אויסדויער, באַרייטקייט אויף דורכצופאַלן, אויף דעם פאַרלוסט פון דער אַריינגע־לייגטער מי און זריעות, וואָס קאָסטן טייער, און וואָלט געפאַלן אויף די פּלייצעס פון דער קאָלאָניע. דאַקעגן אויף דעם „פּרואוו-פעלד" מאַכט מען אַ פּרואוו מיט איינעם אָדער אַ צווייטן אויסגעקולטיווירטן מין פון א פּראָדוקט וואָס איז שוין איינגעבירגערט אויף דעם באָדן און עס איז דעריבער ווייניקער ריזיקע. אַ סך קאָלאָניסטן האָבן שוין פאַרזייט היי־יאָר אַ געוויסן מין אַמעריקאַנער ווייץ, מיט וועלכן עס איז גע־מאַכט געוואָרן אַ פּרואוו און האָט זיך איינגעגעבן. צום באַדויערן גייט קיין רעגן נישט, און ווער ווייס אויב עס וועט געראָטן. אויך ווערט איצט געמאַכט אין ריוועראַ אַ פּרואוו מיט טאַבאַק. דער פּרואוו ווערט געמאַכט אין צוויי פאַרשידענע פלעצער. אויף דעם פאַל פון דורכפאַל אין איין פּלאַץ וועט אפשר געראָטן אינעם צווייטן.

איך דערוויס מיך אַז בעת די קאָלאָניע ריוועראַ איז געגרינדעט

געוואָרן, האָט די איקאָ באַשטימט פאַר איר אַן עקספּערימענטאַלע טשאַקרע. מען ווייסט אַפילו דאָס פּלאַץ וואו די דאָזיקע טשאַקרע געפינט זיך, עס האָט זי דאַן גענומען אונטער זיין אויפזיכט איינער פון די גרינדער פון ריווערא, אָדער בעסער געזאָגט, פון די „דעלעגאַטן", ווי מען האָט זיי גערופן, וואָס זיי פלעגן פאַרהאַנדלען מיט דער איקאָ, איינטיילן די טשאַקרעס, אויסקלייבן די פּאַסיקע עלעמענטן צום קאָלאָניזירן א. א. וו. (ריווערא איז דאָך אַמאָל געווען אַן אויטאָנאָמע קאָלאָניע). מאָטל טשאַרני האָט ער געהייסן, היינט שוין אַ שוכן עפר. ס'איז גאָר כדאי ער זאָל פאַרנעמען אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אַט דער מאָטל טשאַרני האָט די טשאַקרע גענומען אונטער זיין אויפזיכט און אנשטאָט צו מאַכן אויף איר עקספּערימענטן, האָט ער געמאַכט אויף איר קאָפּעטשעס ווייץ פון זיינעטוועגן.

א קלוגער איד געווען דער מאָטל טשאַרני, און טאַקע אַ שיינער איד, מיט אַ שיינער גרויער באָרד, מיט קלוגע דיפּלאָמאַטיש שמייכלענדיקע אויגן, אַ שתדלן, אַ בורר, אַ פאָרשטייער; האָט מען געדאַרפט שיקן עמיצן אין דער איקאָ-דירעקציע פון בוענאָס איירעס, האָט מען געשיקט מאָטל טשאַרני און האָט מען געגרינדעט אַ קאָאָפּעראַטיווע אין ריווערא, האָט מען געמאַכט פאַר פּרעזידענט מאָטל טשאַרני, און אַז דער אוקראַינער פאַרבאַנד האָט אָנהויב 1921 געדענקט שיקן צוויי דעלעגאַטן קיין אוקראַינע, האָט מאָטל טשאַרני געזאָלט זיין איינער פון זיי (דער צווייטער האָט געזאָלט זיין דער שרייבער פון די שורות. און איך בין מיך מודה אַז ס'האָט מיר אויסגעזען צו זיין גאַנץ אנגענעם צו מאַכן די געוואַגטע רייזע צוזאַמען מיט דעם קלוגן אידן, וועלכן איך האָב גוט געקענט, פון צוריק מיט צוועלף יאָר אין ריווערא און פון זיינע באַזוכן אין די רעדאַקציעס ווען ער פלעגט קומען קיין בוענאָס איירעס).

אַז עס איז געקומען צו רייד וועגן מאָטל טשאַרני, האָבן מיר שוין מיינע באַגלייטער דערציילט נאָך אייניקע מעשים פון מאָטל טשאַרנים פירערשאַפט אין קאָלאָניע, באַזונדערס פון דער קאָלאָניסטישער קאָאָפּעראַטיווע בעת ער איז געווען איר פּרעזידענט. מעשים וואָס האָבן

א נישט קליינעם חלק אין דעם באַנקראָט פון יענער קאָאָפּעראַטיווע.

דאָס לעצטע יאָר פון זיין לעבן, האָט מאָטל טשאַרני, שוין אין ערגעץ נישט געמישט זיך. ער פלעגט זיך פאַרשליסן ביי זיך אין צי-מער, אוועקזעצן זיך ביים טיש אין כאַלאַט און אין הינטערהויזן און שפּילן אין קאָרטן מיט זיך אַליין... האָט צעטאַשט די קאָרטן אויף צוויי הענט און געשפּילט מיט זיך א זעקס און זעכציק אָדער טאַקע א „באַנ-טשאָק"... אָט ווי געצל מיט גויעצלן אין שלום עליכמס דערציילונג, האָט געשפּילט מיט זיך אַליין אין נים...

סוחריש בלוט!

:: :: ::

מיר פאָרן פאַרביי דער ריווערער שולע. קינדער אין ווייסע כאַ-לאַטלעך שפּילן זיך אין אָפענעם הויף. איך גרים זיי מיט דער האַנט און זיי גריסן צוריק עטוואָס פאַרוואונדערט. דאָס גרים איך אין זייער פּערזאָן דער שולע וואו איך האָב צוריק מיט צוועלף יאָר אַזעלכע קינ-דער ווי זיי מעשהלעך דערציילט, און דער אינספּעקטאָר, א מאַראָקאַני-שער איד וואָס זיין גאַנצע קענטעניש אין אידיש איז באַשטאַנען דע-רין וואָס ער האָט געקענט לייענען די זילבן פונעם „ראשית דעת", פלעגט אַריינקומען א ברוגזער און מיר פאָרוואורף מאַכן פאַרוואָס איך לערן מיט די קינדער בלויז היסטאָריע. זיין פרוי איז געווען די לע-לערין (ווי איך דערוויס מיך איז ער נאָך ביז היינטיקן טאָג אינספּעק-טאָר און זי לערערין) און מען פלעגט זי רופן איזבל המרשעת, ווייל זי האָט פיינט געהאַט אידן און אידיש נישט ווייניקער ווי די קאַטוילישע איזבל פון שפּאַניע. זי פלעגט די פאַרשולדיקטע קינדער ביי איר אין קלאַס „פאַרשיקן" צום קלאַס פון אידיש, וואו עס האָט שטענדיק גע-הערשט א כאָאָס, מחמת דאָרט זיינען געווען צוזאַמענגעשפּאַרט קינ-דער פון פאַרשידענעם עלטער און וויסן, פון ראשית דעת ביז א קאַ-פּיטל ישעיה, און דערמיט האָט זי געשאַפן ביי די קינדער א מינדער-שעצונג פון אידישן לימוד, ווי פון עפּעס א נישט נויטיק צוטשעפּע-ניש. געווען, צום באַדויערן, אויך עלטערן וואָס האָבן אַזוי געקוקט אויף אידיש; צו קיין תכלית דאַרף מען עס נישט... און געווען אפילו

איינער וואָס האָט געשיקט זיין קינד אין שולע מיט א באַדינג מען זאָל מיט דעם קיין אידיש נישט לערנען.

היינט איז די ריווערער שולע פריי פון דער דאָזיקער „צוטשעפּע-ניש". אויף צו לערנען אידיש איז פאַראַן א חדר וואָס צוויי מלמדים האָבן אויפגעמאַכט און זיי האָבן זיך זייער פרנסה. שוין געווען אפילו אין ריווערא א אידישע שולע מיט א גוטן און געניטן אידישן לערער, — דער באַקאַנטער לערער און פאַרפאַסער פון קינדער־מעשיות פסח סאַגאַלאָוו, — האָט ריווערער „קהילה" נישט געקענט זי אויסהאַלטן (דאָס פאַרשווונדערישע אויף משולחים פון אידישקייט ריווערא!).

איך דערמאָן זיך אַז ריווערא האָט א רוסישע שולע, אייגנטלעך אַן אוקראַינישע, און ווי מען אָזגט, איז זי זייער גוט איינגעאָרדנט. זי האָט איבערגעגעבענע אידעאַליסטישע לערער, וואָס פירן אַן אַחוץ דעם אַן אינטענסיווע קולטור־אַרבעט אין אוקראַיניש; מען שטעלט ספּעקטאַקלען און מען מאַכט פאַרלעזונגען, און נישט נאָר ווערן זיי באַזוכט פון די אוקראַינער וואָס וואוינען אין קאָלאָניע (פעלד־אַרבע-טער, „מעדיאַנעראָס", (אזעלכע וואָס דינגען א פעלד צום באַאַרבעטן אויף א חלק פון פופציק פּראָצענט, באַלמעלאָכעס, אַרבעטער), נאָר אויך פון די אידן וואָס פאַרבענקען זיך נאָך א „זשידיווקאַ וויכטריסטקאַ" אָדער נאָך א „נאַטאַלקאַ פּאָלטאַווקאַ". זיינען דאָך דאָס גויים; זיי אַרט נישט אז זייערע קינדער וועלן נישט קומען צו קיין „תכלית" און וועלן נישט ווערן קיין דאָקטוירים אָדער כאָטשבי בוכהאַלטערס צי „סלוזשאַ-שטשיס" ביי דרייפוסן...

איך וואָלט א בעלן געווען אָנקוקן די דאָזיקע שולע, נאָר מיין צייט איז אַזוי באַשרענקט, מיר מוזן נאָך היינט מאַכן א רייזע איבער די גרופּעס און נאָך זיין אויף ביינאַכט צוריק.

## VIII

באָזשעדאַראָווקא, דאָס איז א מין דאָרף. די שטיבער נאָענט איינע פון דער אַנדערער. אַזוי ווי אין א רוסישן אָדער רייטשן דאָרף אין רוסלאַנד. הינטער די שטיבער ציען זיך, אָדער דאַרפן זיך ציען,

גאָרטנס פון גרינס. אין די ערשטע צייטן פון ריווערא, ווען עס איז ארום און ארום זעלטן ווען געווען צו זען א ביימל, א בלימל, א גאָרטן־פלאַנץ, האָט באָזשעדראָווקאַ פאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אויסנאַם. דאָ האָט געוואוינט און טיילווייז וואוינט נאָך דאָ ביי היינטיקן טאָג דער קערן פון דער ריווערער קאָלאָניזאַציע: יענע ערשטע יעליסאַוועט־גראַדער סוחרים, אינטעליגענטן, אידעאַליסטן, וואָס האָבן אַוועקגע־וואָרפן זייער מסחר און געשיקט פון זיך דעלעגאַטן צו פאַרהאַנדלען מיט די איקאַ־פאָרשטייער וועגן באַזעצן זיך אַלס קאָלאָניסטן אין אַר־גענטינע. דאָרט וואוינט בראָדסקי (אַן אינטעליגענט, אָנגעשטעקט מיט סאָציאַלע אידייען פון דער אַלטער היים, געקומען אַהער אַ רוסיפּי־צירטער איד און ערשט אין די לעצטע יאָרן זיך נאָכגעגעבן צו אידיש און אידישע סאָציאַלע באַוועגונגען, אַ הייסער אָנהענגער פון קאָאָפּע־ראַציע). דאָרט וואוינט שליאַפּאָקאָוו (אַן אינטעליגענטער געזעלשאַפט־לעכער טוער און איבערהויפּט אַ קלוגער וועלטלעכער איד), זיין איידעם דימענטשטיין (האָט דעם שווערס מעלות). דאָרט האָבן אויך געוואוינט די ברידער צבי און לייזער שניידער (וועלכע זיינען געקומען אַהער מיט טעאָרעטישע און פּראַקטישע ידיעות אין אַגריקולטור פון דער היים, פונעם שטעטל שיראַיעוואָ אין כערסאָנער גובערניע. צבי שניידער איז דער באַקאַנטער קאָלאָניסטישער שריפטשטעלער), היינט וואוינען זייביידע נישט אין דאָרף, נאָר אויף זייערע נחלות. נאָך היינט איז באָ־זשעדראָווקע די שענסטע גרופּע אין ריווערא. פאַראַן ביימער, פּאַ־ראַן גרינסגערטנער, די הייזער געקאַלכטע, מיט פּאָליסאַדניקעס פון פאָרנט.

קיין באָזשעדראָווקע האָבן מיר בלויז אריינגעקוקט. ס'ליגט ביי דער זייט פונעם וועג. דורכגעפאָרן זיינען מיר דאָס דאָרף און די גרופּע צוריקצואוועגס קיין ריווערא פון אונדזער רייזע צו די פּאַמפּאַ־גרופּעס (גינזבורג, קלאַראַ, וועלכע ליגן אויף דער צווייטער זייט פונעם „מע־רידיאַנאָ קינטאָ").

מיינע באַגלייטער ווייזן מיר אָן אויף די פעלדער. דאָס איז דעמס אָדער אַ צווייטן קאָלאָניסטס פעלד. דאָ איז פאַרזייט ווייץ, ביר־

גערשטן, פאראקערט אויף ליאַן, אויף מאַיס. איך דערוויס מיך אז מיין ערשטער באַגריף וועגן ריווערער קאָלאָניסטן אלס ווייץ־פאַברי־קאַנטן איז געווען אַביסל איבערטריבן. אידישע קאָלאָניסטן ארבעטן שוין היינט אויף זייערע פעלדער אַ געמישטע אַגריקולטור, אויף אַ ראַציאָנעלן ראָטאַציע־סיסטעם. אויף אַ 150 העקטאַריקער טשאַק־רע טרעפט איר בלויז 50 העקטאַר פארזייט מיט ווייץ, דאָס איבעריקע איז פארזייט מיט מאַיס — 30 העקטאַר, 15 העקטאַר ביר־גערשטן, 5 העקטאַר געוויינלעכער גערשטן, 15 העקטאַר ליאַן, 15 העקטאַר אַל־פאַלפע, 10 העקטאַר סודאַן־גראַז. די איינפירונג פון דער סיסטעם האָט די קאָלאָניסטן געקאָסט זייער פיל רבי־געלט, און נאָך ביז היינ־טיקן טאָג זיינען פאראַן קאָלאָניסטן וואָס פארזייען זייער גאַנצע טשאַק־רע מיט ווייץ, וועלנדיק מאַכן די „גראַנדע" (דעם הויפט־טרעפער), אַז ס'וועט געראָטן, וועט ער זיך קענען ארומצאָלן, זיך שטעלן „אַל דיאַ" מיט דער איקאַ, אַ מיידל חתונה מאַכן... וואָס אַ קאָלאָניסט קען האָבן השגות!... קערט זיך אָבער איבער די קאָסטשע פון ווייץ, קערן זיך איבער אַלע זיינע האָפענונגען און חשבונות.

דאָס פארזייען ווייץ איין יאָהר נאָכן אַנדערן האָט דעם חסרון וואָס די ערד בלייבט אויסגעשעפּט פון דעם עלעמענט אין וועלכן דער ווייץ נויטיקט זיך צום וואַקסן. פון קיין כעמישער באַגיטיקונג אָדער באַמיסטיקונג, ווי מען טוט דאָס אויף די קליינע נחלות פון דער אינ־טענסיווער ווירטשאַפט אין אייראָפּע, קען קיין רייד נישט זיין דאָ אויף די הונדערטער העקטאַרן; דער מיטל דערצו איז צו פארזייען אויף דעם פעלד וואָס איז איין יאָר אָדער צוויי פארזייט געווען מיט ווייץ — מאַיס, אָדער אַן אַנדער תבואה וואָס נויטיקט זיך נישט אין דעם עלע־מענט וואָס ווייץ — און לאָזט אים אָנזאַמלען זיך גענוג אין דער ערד. ווען דאָס ווערט נישט געטון איז פאראַן די געפאַר אַז די פארשידענע עלעמענטן פונעם באָדן זאָלן פארלירן זייער גלייכגעוויכט און עס זאָל זיך שטאַרקן אַן עלעמענט וואָס גיט ארויס שעדלעכע פאראַזיטארישע פלאַנצן: דער מאַקאַטשין, למשל; דאָס איז אַזאַ מין קליינע קאַרטאָ־פעלקע וואָס פרעסט אויף די גאַנצע פייכטקייט פונעם באָדן, וועלכער איז איבעריקנס אין דער פּאַמפּאַ אַ גאַנץ טרוקענער.

איך בין נישט ערב צו איך גיב איבער ריכטיק די דאָזיקע לעק־ציע אין אַגריקולטור און איך בעט דעריבער די פּאַמפּער ערד־אַרבעטער זיי זאָלן זיך וואָס ווייניקער פאַרלאָזן אויף מיינע לעקציעס, נאָר זען צו באַקומען לעקציעס פון פּראַקטישע אַגראָנאָמען.

— פאַרוואָס האָבן זיך די ריווערער קאָלאָניסטן אַזוי שפּעט גע־כאַפּט צו דעם ראָטאַציע־סיסטעם אין זייער ווירטשאַפט?

— מיר האָבן זיך געלערנט ביי די דייטשן, וואָס וואוינען אַרום אונדז. אַז דייטשן זייען ווייץ, מסתמא ווייסן זיי... זיי זיינען דאָך עפּעס דייטשן! אַלטע און געניטע אַגריקולטאָרן פון דור דורות און מיט וויסנשאַפט... זייערע צייטונגען פון בוענאָס איירעס גיבן אָפּ יעדן זונטיק גאַנצע זייטן מיט אַגראָנאָמישע עצות, פירן אַן אַגריקולטור־קאַלענדאַר. איצט לערנען זיך שוין אַ טייל דייטשן פון אונדז און די מערסטע פון זיי זיינען נאָך ביי היינטיקן טאָג ווייץ־פאַבריקאַנטן.

— דאָך לעבן זיך די דייטשן גאַנץ גוט און מ׳טרייבט זיי נישט אַראָפּ, זיי צאָלן זיך אוים זייערע טשאַקרעס...

— ס׳איז נישט אַזוי די מעשה — רופט זיך אָפּ איינער פון מיינע באַגלייטער. — אַז איר ווילט ווימן ווי אַזוי דייטשן צאָלן, וועל איך אייך באַלד ווייזן. מירן דאָ באַלד דורכפאָרן אַ שטיק לאַנד וואָס האָט אַמאָל באַלאַנגט צו אַ געוויסן פּרימיטיוואָ גאַרסיאַ, וועלכער האָט גע־געבן קרעדיט דייטשן און אידן. דאָרט שטייט נאָך אַ חורבה פון אַ געביידע, וואו ס׳איז געווען די קראָם זיינע. האָבן אַ פּאָר אידן אפשר באַצאָלט, נאָר פון די דייטשן — קיין איינער נישט. איר ווייסט נאָך וואָס די דייטשן האָבן געטון? אַז פּרימיטיוואָ גאַרסיאַ האָט אָנגעגעבן אויף זיי און האָט איבערגעגעבן זייערע וועקסלען זיין אַדוואָקאַט אין בוענאָס איירעס צום אויפמאָנען, זיינען זיי אַוועק צו דעם אַדוואָקאַט און האָבן ביי אים אָפּגעקויפט די וועקסלען. איר ווייסט ווער דער אַדוואָקאַט איז? — רוימט מיר איינער איין אַ סוד און רופט מיר אָן ־עם נאָמען פון אַן אָנגעזעענעם דעפּוטאַט אין פאַרלאַמענט. — און וואָס גלייכט איר אַ דייטש צו אַ אידן? אָט נעמט זייער קאָלאָניע סאַן מיגעל, אָט דאָ נישט ווייט... (דער אידישער באָדן אין ריווערא גייט

ווי אַ דעהע אָדער ווי אַ פּאַדקאָווע: ביי איין עק געפינט זיך די קאָ־לאָניע לאַפּין (אָפּיציעל — פּיליפּסאָן נומער 3) און ביים אַנדערן עק — דער נישט קאָלאָניזירטער באָדן וואָס איז פאַרדונגען צום נאָרד־אַמעריקאַנער וואָודוואַרד, און צווישן די צוויי עקן געפינט זיך די גרויסע דייטשע קאָלאָניע סאַן מיגעל, וואָס שפּאַרט אָן צו דער באַן־סטאַנציע הוערגאָ), איז אַפילו קיין דאָקטער האָבן זיי נישט. ס'האָט זיך דאָרט געוואָלט באַזעצן אַ דאָקטער האָבן זיי אים פאַרטריבן; זיי האָבן אַ „פּאַדער" (אַ גלח) און מער דאַרפן זיי נישט. דאָס איז אינ־גאַנצן זייער געזעלשאַפטלעך און קולטורעל לעבן. קענען אידן אַזוי לעבן?...

מיר פאָרן פאַרביי פעלדער צווישן וועלכע פּלוצים ווייסט זיך אַ פלעק, אַ נאַקעט זאַמדיק שטיק, אַנדערע שטיקער באָדן אויך זאַמדיקע האָבן וואו נישט וואו אַ גרעזל, „קאַניאַדאָנעס" זענען עס, אָדער לאַגון, וואו אַז ס'רעגנט שטאַרק ווערט אַ טייך. די דאָזיקע שטיקער שניידן זיך אַמאָל אַריין אין איינעמס טשאַקרע און דאַן איז זיין טשאַקרע עט־וואָס אַ גרעסערע, אַנדערע דינגען ספּעציעל שטיקער קאַניאַדאָן אָדער לאַגון אויף אָפּצולאָזן דאָרטן די פערד אויף פּאַשע.

— אויב די גזרה פון פּאַריז נישט צו פאַרדינגען די אידישע קאָ־לאָניסטן באָדן אויף פּאַשע זאָל דורכגעפירט ווערן, — רופט זיך אָפּ מיינער אַ באַגלייטער, — וועט מען אָט די שטיקער קאַניאַדאָן ביי אונדז צונעמען און מען וועט אָוועקגעבן צו גויים, אונדז אין רוקן אַריין...

איך האָב דערזען אָן איינציק שטיבל אויפן פעלד, אַ שוואַרצע נישט געשמירטע כאַטע פון בלאָטע־ציגל געבויט.

— ווער וואוינט דאָ?

איינער פון מיינע באַגלייטער וואָס האָט מיר אויפן וועג אַנט־וויקלט אַ טעאָריע אַז באַלמעלאָכעס טויגן נישט פאַר קאָלאָניסטן, האָט מיר געזאָגט:

— איר ווילט זען אַ ביישפּיל?

און צום קאָלאָניסט וואָס האָט געפּראָוועט מיטן אויטאָמאָביל, האָט ער אַ זאָג־געטון:

— אינטערעסאַנט, זאָלן זיי אָנקוקן.

מיר זיינען צוגעפאָרן. איך האָב גענומען באַקוקן דאָס שטיבל. צו איין וואַנט איז צוגעבויט ביז האַלב אַ מין קיילעכדיקער בנין, אויך נישט קיין אָפּגעשמירטער, און די בלעכ־ציגל זיינען אָפּגעשווענקט פון רעגן. איך האָב מיך אָנגעשטויסן אַז דאָס איז אַ באַק־אויוון, וואָס די עפענונג זיינע געפינט זיך אין שטוב. אין הויף — אַ פויערישע באַלעבאַטישקייט, אַן אַקער, אַ שנייד־מאַשין. ביי אַ וואָגן איז געשטאַנען אַ בחור'ל פון אַ יאָר 18 מיט אַ שטרויעלע אין מויל. דאָס האָט ער ערשט אויסגעשפּאַנט. אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן, אַ פאַרהאָרעוועטע, אַ פאַרחושכטע, איז אַרויסגעקומען.

— וואו איז אייער מאַן?

— אָט איז ער דאָרטן! — און זי ווייזט אונדז אָן, פון ווייטן ביי אַ ברונעם. ער האָט די פערד אָנגעטרונקען. אָט גייט ער אַהער.

— ס'איז אַ אידענע אַ קאַזאַק — זאָגט מיר גאַווינאַסער, וועל־כער איז מיט אונדז געפאָרן, — איך געדענק, זי איז מיר איינמאָל מיט אַ דראָנג נאָכגעלאָפן. קונדסים געווען.

טאַקע אַ אידענע אַ קאַזאַק. — טראַכט איך זיך. — באַקט אַליין ברויט. צווישן ריווערער קאָלאָניסטקעס איז עס אַ חידוש. נאָר פאַר־וואָס טונקעוועט זי נישט אָפּ די שטוב? דער רעגן האָט דאָך שוין באַלד די לאַמפּאַטשן דורך און דורך געשווענקט...

— ס'איז דערפאַר וואָס איר מאַן איז אַ מוליער — זאָגט מיר מיין באַגלייטער פון דער אַנטי־באַלמעלאָכע טעאָריע.

נאָר אָט איז שוין דער מאַן דאָ. אַ איד מיט אַ קיילעכדיקן שוואַרצן געדיכטן און שטייפן בערדל, וואָס רעדט ליטוויש און מיט דער סין.

מען שטעלט מיך פאָר. — ווי גייט עס אייך?...

וועגן דעם אידן דערציילט מען מעשיות. דער אַדמיניסטראַטאָר האָט אים איינמאָל פאַר גויים אין די אויגן, דעם אַדמיניסטראַטאָרס

גוטע ברידער, ארענדאטאָרס פון איקא-קאמפּ, אָנגענומען פאַרן בערדל און געזאָגט: וואָס טוסטו דאָ? וואָס פאַרסטו נישט קיין פּאַלעסטינע? א איקא־דירעקטאָר איז איינמאָל געקומען קיין ריווערא (און אז א איקא-דירעקטאָר קומט, היטן זיך די קאָלאָניסטן צו קומען אין שטעטל) און דאָ טראָגט עס אָן דעם שלימזל. ער איז געקומען עפּעס קויפן. — וואָס טוט איר דאָ? — האָט דער דירעקטאָר זיך צעבייזערט. — און ער איז שוין עטלעכע יאָר געווען ביים דירעקטאָר אויפן אויג אַלס נישט געוואונטשענער. וועגן זיין אידענע דערציילט מען — און אפשר איז עס וועגן אן אנדער אידענע — אז א דירעקטאָר (שוין א צווייטער) האָט זי דערזען בעת זיינעם א באזוך. האָט ער זיך צעשריגן למאי דער קאָלאָניסט ארבעט נישט אליין זיין טשאַקרע, נאָר ער האלט א גוי. א סימן ער האָט געזען א גויע ביי אים אויפן הויף. עס האָט געקאָסט מי ביז מען האָט דעם דירעקטאָר איבערצייגט, אז דאָס איז דעם קאָלאָניסטס פרוי אזוי פארשווארצט און פארפינצטערט...

— דערציילט זיי די מעשה מיטן אדמיניסטראַטאָר...

דער קאָלאָניסט וואָס דערמאָנט אָן די אַמאָליקע אָרענטלעכע באַל־מעלאָכעס און אויך נישט קיין נאַר, ענטפערט נישט גערן, אז ס'איז נישט אזוי געווען די מעשה: ער האָט געזען דער אדמיניסטראַטאָר איז געזעסן מיט די גויים, מיט די פּראָסטע זשלאָבעס, און געגעסן אסאַדאָ קאָן קוערע; האָט ער עס נישט געקענט פארליידן און האָט אים פאָר־געוואָרפן למאי ער עסט „אבר מן החי". האָט אים דער אדמיניסטראַ־טאָר געזאָגט אז ס'איז נישט זיין זאך... און ס'איז טאקע אָן עוולה פון מיר — גיט ער צו — ס'איז טאקע נישט מיין זאך.

בעת ער האָט גערעדט האָט זיך מיר געדאכט, אז פאר מיר שטייט טוביה דער מילכיקער פון בויבעריק און באלד איז ער טאקע ארויס מיט א פּסוק אויף טוביהס שטייגער, נאָר אביסל שטארקער, פּעפּער־דיקער.

מיינע באגלייטער האָבן אים גענומען שטעלן פראגן. אים דער־ציילט אז דער ארענדאטאָר אראנא, שארפט שוין אָן אויג אויף זיין קאמפּ און ווארט מען זאָל אים דעסאַלאָכירן כדי יענער זאָל אים אָפּ־דינגען.

אנשטאָט אַז ענטפער, האָט דער ריוועדער טוביה גענומען דער־ציילן: „איר הערט, ביז דאָ נישט לאַנג האָב איך נישט פארשטאַנען וואָס מיינט עס דער פסוק ואים שלש אלה לא יעשה לה; איצט ווייס איך שוין. דאָס מיינט: זונה, ממזר, גנב...

דער ענטפער האָט באַטייט: פרעגט מיך נישט, דערציילט מיר נישט, וואָרום איך וועל אייך גאָרנישט זאָגן; פאַר אַ איקאַ-קאָלאָניסט איז גלייכער אַז ער רעדט וואָס ווייניקער... איך טשעפּע אייך נישט, טשעפּעט איר מיך נישט... ציט מיך נישט פאַר דער צונג...

## IX

פון דעם קאָלאָניסטס ענטפער האָט מען געקענט לערנען וואָס מען וויל, נאָר מער ווי אַלץ — אומצוטרויען צו אַלץ און צו אַלעמען; צו די שכנים, צו דער איקאַ, צו דער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע און צו אירע פירער און צו די אַלע וואָס באַטן זיך אַז צו זאָרגן פון זיין טובה וועגן. און ס'איז שווער געוואָרן אויפן הארצן.

דאָס גליק איז וואָס אַזעלכע אומצוטרויִלעכע, אַנטווישטע, איינ־זאַמע און אין זיך פארשלאָסענע קאָלאָניסטן זיינען פאַראַן ווייניק. — האָב איך זיך געטראַכט. — איך האָב שוין געזען פארשידענע קאָ־לאָניסטן, צווישן וועלכע ס'איז פאַראַן אַזעלכע, און נישט ווייניק, וואָס מען קען זיי אָנרופן: כיטרע מוזשיקעס. זיי האָבן זיך שכל אויף זייערע זאַכן און זיינען אבסאָלוט נישט דערצויגן צו קאָלעקטיוון לעבן; האָבן זיי ווייניקסטנס אַ מעלה וואָס זיי זיינען אָפנהאַרציק, עקספּאַנ־סיוו, זיי ריידן און לאָזן זיך ריידן און זיי קענען דערצויגן ווערן דורך דערפאָלגרייכע קאָלעקטיווע ארבעט, מיט אַ פאַר דערפאָלגען פון קאָ־לאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין ריוועדער „גאַלפּאַן“ נאָך דער גרוי־סער טומעלדיקע קאָלאָניסטישער פאַרזאַמלונג, ווען עס האָבן זיך אַרום מיר געבילדעט ריידלעך קאָלאָניסטן, און איך האָב פאַרפירט אַ שמועס מכוח דער צעריסנקייט צווישן די קאָלאָניסטן, ווי אַזוי איינער גראָבט אונטער דעם צווייטן, און אַז דאָס איז דאָס שעדלעכסטע פאַר דער

קאָלאָניע, שעדלעכער אַפילו פון די ערנסטע אדמיניסטראַטאָרן און איקא-דירעקטאָרן, — האָבן אייניקע, ווייזט אויס, דאָס אָנגענומען אויף זייער חשבון און גענומען דערציילן און זיך פאַרענטפערן. געווען אַ מעשה מיט אונטערשריפטן פאַרן אדמיניסטראַטאָר; אַ פּאָר קאָלאָניסטן האָבן זיך געוואָלט צוחנפהנען צו אים און זיינען ארומגעגאַנגען אין קאָלאָניע זאַמלען חתימות קעגן אַ קאָלאָניסטישן זון וואָס האָט אים פוגע בכבוד געווען אין די צייטונגען. — אמת, — האָט זיך מודה געווען איינער, — איך, פאַר מיינע קינדער, וועל טון אַלץ אין דער וועלט; זיי האָבן מיר צוגעזאָגט אַז דער אדמיניסטראַטאָר וועט מיר דערפאַר געבן אַ טשאַקרע פאַר מיין זון: וועגן דער טשאַקרע גיי איך שוין נאָך עטלעכע יאָר און מען גיט מיר נישט... אַן אַנדערער האָט מורא פאַר אַ „דעסאַלאָכאָ" און האָט דעריבער געגעבן זיין חתימה. אַזוי אַ דריטער און אַ פערטער. אָט דאָס אַלץ, ווי טרויעריק דאָס איז, האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ דערדריקנדיקע ווירקונג ווי דער פאַר־שלאָסענער און פאַרביטערטער אומצוטרוי פון דעם „צערניגאָוועער" אָדער „נעזינער" מוליער דעם עקשן, וועלכער איז פאַרפויערט געוואָרן ביז די טיפסטע טיפענישן פון זיין כאַראַקטער. אויב אַזאַ „פּויעריזאַציע" איז דער אידעאַל פון איקא, מעג זי זיך גראַטולירן מיט דעם קאָלאָ־ניסט...

— אָט אַזוי ווי איר קוקט אים אָן — רופט זיך אָן צו מיר דער אַנטי־באַלמעלאָכע־טעאָרעטיקער, בעת מיר זיינען שוין געווען אויפן וועג ווייטער — אַ פאַרהאָרעוועטער, אַן אָפּגעריסענער: ע ר אַרבעט, ז י אַרבעט, דער זון אַרבעט, איז ער אַ שטענדיקער קבצן און ס'קלעקט אים קיינמאָל נישט אויף אויסצוצאָלן זיך. אין אַ שיינעם טאָג וועט אים די איקא דעסאַלאָכירן.

— איך גלויב נישט אַז מען זאָל אַזאַ קאָלאָניסט דעסאַלאָכירן. אָט דערציילט מען דאָך מעשיות ווי אַזוי אַן אַלטן קאָלאָניסט וואָס מען האָט שוין געזאָלט דעסאַלאָכירן האָט אָפּגעראַטעוועט אַ שטיקל היימיש געבאַקן שוואַרץ ברויט מיט ציבעלע, וואָס דער דירעקטאָר פון פּאַריז האָט ביי אים געטראָפן צום מיטיק...

— און איך זאָג אייך, אַז דאָס איז נאָר אויף אַ מינוט, ווען ביים פּריץ צעוואַרימט זיך דאָס האַרץ... אַט זאָל ער נאָכדעם אַ קוק טאָן אין בוך און זען אַז דער קאָלאָניסט איז שוין שולדיק עטלעכע אַנואַ־לידאַדן (יערלעכן אָפּצאָל) און עס זיינען אָנגעוואַקסן אויף זיין חוב אַזוי פיל פּראָצענטער, אַז זיי שטייגן איבער דריי מאָל דעם קערן, און ער וועט געבן אַ באַפעל דעם אַדמיניסטראַטאָר ער זאָל דעם „שלימזל" געבן דעם דרך... איר פאַרשטייט? אויף אַזעלכע גליקן קען מען זיך נישט פאַרלאָזן. דאָ אין ריווערא איז דער עיקר קענען פ י ר ן די אַרבעט. און אַז מען קען נישט, מעגט איר אַרבעטן צעזעצטערהייט, — מיינע שונאים — וועט איר גאָרנישט מאַכן... גלויבט מיר, אַז די איקאַ קוקט נישט פון וואַנען איר האָט גענומען דאָס געלט אויף אַריינצו־טראָגן; צי האָט איר עס געמאַכט פון דער אייגענער קאָסעטשע, צי פון אַרבעטן ביי יענעם, צי ס'האָט אייך צוגעשפּילט מיט סקאָט, אָדער איר האָט נישט באַצאָלט אין קראָם פאַר אַ יאָר אויסהאַלט און די פּעאָנעס לויפן אייך נאָך, אָדער איר האָט גאָר געמאַכט די גראַנדע. איר מעגט אפילו פאַרדינגען די טשאַקרע... אַבי צאָלט. שלעכט איז אַז איר פאַרדינגט און איר צאָלט נישט. קאַרג האָט איר דען אַזעלכע וואָס האָבן טשאַקרעס און זיי האָבן זיי גאָר אויף זייער לעבסטאָג נישט באַאַרבעט. נאָר וואָס איז די מעשה? — זיי צאָלן... וואָס קען זיי די איקאַ טאָן?

— איר זעט, אָט דאָ איז געווען די קראָם מיט די סקלאַדן פון פּרימיטיוואָ גאַרסיאַ — ווייזט מיר אָן מיין באַגלייטער, וואָס זיצט לעבן מיר — איצט געהער דער קאַמפּ צו איינעם אַ ווערא פון מאַקאַ־טשין. דער דאָזיקער ווערא האַלט אין מאַקאַטשין אַ בית הזונות און איז אַ גוטער ברודער מיטן ריכטער און מיט לייבל סיגאַל און דורך זיי קריגט ער אין אַרענדע ערד אויך ביי דער איקאַ. ביי אים אויפן קאַמפּ האַלטן זיך אויף אַ בינטל גנבים, פאַראַן אויך אויף אַנדערע קאַמפּן גנבים און טאַקע אין ריווערא גופא. פון די גנבים איז איצט נישט אויסצוהאַלטן אין ריווערא. מען פלעגט אַמאָל אין ריווערא גנבענען פערד: ערב קאָסעטשע, למשל, פלעגט אַ שכן אַ דייטש, אַ מעדיאַנערא,

„אויסלייען" עטלעכע פערד, אקער-צייט פלעגט מען „אויסלייען" א פלוג פון הויף און דערנאך שטילערהייט צוריקברענגען אדער נישט ברענגען... האט מען געוואוסט; הייסט גנבעט מען פשוט פון די שטי־בער. ס'איז געווארן א געפאר, בפרט צו וואוינען אליין אין קאמפ. דא נישט לאנג האט מען ביי א גרינעם וואס האט זיך באזעצט אין א שטיבל פון דער איקא, אויסגעליידיקט פון שטוב אלץ וואס ער האט געהאט, געלאזט אים ליידיקע ווענט...

דאס איז איצט א פראבלעם אין ריווערא. די קאלאניסטן זאגן אז שולדיק דערין איז די איקא, וועלכע ארענדירט איר קאמפ צו די גרויסע ארענדאטארס, און די דאזיקע ארענדאטארס פארדינגען פון זייער זייט צו קליינע ארענדאטארס, נישט איבערקלייבנדיק. און מערסטנס דינגען שלעכטע עלעמענטן, אזעלכע וואס מען האט זיי פון פריערדיקע ארענדעס ארויסגעווארפן. די איקא, פארקערט, באשולדיקט די ריווערער קאלאניסטן אז דאס האבן זיי אריינגעבראכט קיין רי־ווערא א שלעכטן עלעמענט, דערמיט וואס א טייל האבן פארדונגען זייע־רע טשאקרעס צו גויים, אנדערע האבן אוועקגעזעצט אויף זייער טשאק־רע גוישע פאמיליעס, איבערהויפט צוגעצויגן קיין ריווערא א צאל־רייכן עלעמענט נישט־אידישע פעלד־ארבעטער. אין די באשולדיקונ־גען פון איין צד קעגן צווייטן איז נישט שווער צו לייענען דאס פאר־מיידיקן פוןביידע צדדים זייערע אריינגעצויגענע עלעמענטן.

— וואוהין פארן מיר איצט?

— צו דער קאלאניע גינזבורג.

— און פארטארטור? איך האב שטארק חשק צו זען די דאזיקע גרופע. איך געדענק מיר זיינען אמאל, איך און חבר אייזיק מאר־טשעווסקי, אין אן אוונט, אויפן וועג קיין גינזבורג, דא אפגעשטעלט, ווייל איך האב געוואלט באטראכטן די „פעסטונג" פון דעם בארימטן שטייסל. דאס איז געווען א מין „זעמליאנקע" ווי מען רופט עס אין רוסיש, א נידעריק שטיבל האלב אין דער ערד, וואו מען האט זיך געדארפט שטארק איינבויגן אויף אריינצוגיין און פון פארנט האט דאס שטיבל געהאט א „פריזבע" צום זיצן. מיר דוכט אז אינעווייניק איז

אויך געווען א „ליעזשאַנקע”, א ברייטע, וואָס האָט געדינט פאַר א בעט.

— מיר פאָרן איצט אויף אַן אנדער וועג. אחוץ דעם איז שוין דאָרט איצט נישטאָ וואָס צו זען. שטייסל איז שוין לאַנג נישטאָ. ער איז, דאַכט זיך, קיין ירושלים אַפּגעפאָרן. אפשר וואוינט נאָך דאָרט עפּעס אַ קאָלאָניסט... די טשאַקרעס זיינען איצט כמעט אַלע פאַרדונ-נען צו לייבל סיגאַל... אינטערעסאַנט וואָס וועט איצט טאָן די איקא מיט לייבל סיגאַל; ער איז דאָך אַ איד און אַ קאָלאָניסטישער זון און לויט דעם נייעם „פּריקאַז” פון פּאַריז טאָר מען אים דאָך נישט פאַר-דינגען קיין קאָמפּ...

— ער האָט זיך באַוואָרנט. — רופט זיך אָפּ אַ צווייטער פון מיינע מיטפאָרער. — ער האָט געדונגען עטלעכע טויזנט העקטאַר אויפן נאָמען פון זיינעם אַ פּעאָן, וואָס ווייסט אפילו נישט וואָס פאַר אַ פאַרמעגן ער האָט... אַ נאַרישער גוי, אַז מען זאָגט אים, לאַכט ער...

## X

מיר פאָרן צו דער גרופּע גינזבורג נומער 2, וואָס ליגט אויף דער גרעניץ פון דער פּאַמפּאַ, נאָענט פון דער סטאַנציע ראַלאָן. מיר גריסן זיך מיט אַ קרעפטיקן הויכגעוויקסיקן קאָלאָניסטישן בחור, וואָס פאָרט אונדז פאַרביי. ס'איז דעם אַלטן קוניע גאַמאַרניקס אַ זון. איך שטעל אים אָפּ: — וואָס מאַכט עפּעס דער אַלטער גאַמאַרניק? וואָס טוט עפּעס פּיניע? (אַן עלטערער זון גאַמאַרניקס). איך דערציייל אים אַז איך געדענקט דעם גאַמאַרניק און זיין זון פּיניע, פון צוריק מיט צוועלף יאָר. ערגעץ דאָ ביים וועג איז געשטאַנען אַ מין „זעמליאַנקע” זייערע.

די „פּאָרטאַרטוּרער פּעסטונג” וואָס איך האָב דערמאָנט אין מיין פריערדיקן קאַפּיטל, איז געווען אַ פּאַלאַץ אקעגן אָט דער מענטשלעכער וואוינונג, וואָס איז ענלעכער געווען אויף אַ נאָרע. אַ קופּע שטרוי איז געווען דאָס גאַנצע מעבל אינעווייניק. אויף דער שטרוי איז דער אַל-טער קוניע און זיין זון פּיניע געשלאָפן און אויף דער שטרוי האָבן

זיי געגעסן די געקאָכטע מאַטע מיט טרוקענע גאַליעטן בעת אַ שלעכטן וועטער. בעת אַ טרוקן וועטער פלעגן זיי עסן אינדרויסן ביי אַ טיש פון צונויפגעקלאַפּטע צוויי ברעטער. אינעם שטיין-פעריאָד האָבן שוין אויך מענטשן געוואוינט אין באַקוועמערע וואוינונגען...

דער אַלטער קוניע, אַ ברייטביינערדיקער איד מיט אַ ברייטער באָרד פון טאַבאַקע-קאָליר: געווען אַמאָל, זעט אויס, העכער געוואַקסן און איז נידעריקער געוואָרן, נאָר דערפאַר פעסטער צוגעוואַקסן צו דער ערד, און זיין זון פיניע, אַ הויכער, מיט בלאָנדע גרויסע וואָנצעס, אין אַ רוסיש היטל מיט אַ גלאַנציקן דאַשעק, האָבן זיך אין מיין זכרון איינגעקריצט; דער ערשטער אין דער געשטאַלט פון אַ רוסישן באָגאַ־טיר און דער צווייטער — אַ קאָזאַק, אין שלאַכטן איסגעוואַקסן און אין שלאַכטן פאַרהאַרטעוועט. דאָס האָט זיי דער גורל אַריבערגעוואָרפן אַהער ערגעץ פון אַ דאָרף איו קיעווער גובערניע, פון שוואַרצער ערד ווי ביימער אויסגעריסן און דאָ זיי פאַרפלאַנצט אויף פּאַמפּאַ־ערד, זי צו באַפרוכפּערן, פון אַ בתולה אַ מאַמע צו מאַכן. איך געדענק ווי קוקנדיק אויף זיי פלעג איך זיך פאַרבענקען נאָך מיינע יונגע רוסישע יאָרן, ווען איך האָב געהייסן טאָוואַרישטש פּעטיא אָדער וואָלאָדיא; כ'פלעג כאַפּן פיניע גאַמאַרקינס היטל מיטן גלאַנציקן דאַשעק, אָנרוקן איבערן קאָפּ און מיט „עך" און „אוך" זיך אוועקלאָזן אין אַ קאַמאַרינס־קי, גאָרנישט ווי עס פּאַסט פאַר אַ אידישן לערער וואָס דאַרף זיך אַרויס־ווייזן מיט „תורה" און מיט „מדות"...

היינט, דערוויים איך זיך באַלד, וואוינט שוין דער אַלטער גאַ־מאַרניק מיט זיין פאַמיליע, אַ טאַטע מיט בנים, איינס און איינס ריזן, אין גרופּע, טאַקע דאָ באַלד, אַ שכן אין אַן אויסגעבויטער הויז.

— צו מאַרטשעווסקין פירט מיך צו! איך מוז זיין — באַשליס איך — ביי דעם פריילעכן אידעאַליסטישן חבר אייזיק מאַרטשעווסקי, וועלכער האָט דורך יאָרן פון שווערער אַרבעט און נישט געראַטעניש אָנגעהאַלטן זיין הומאָר און זיין ערד־אידעאַליזם.

דאָס איז דער זעלבער, וואָס האָט אָפּגענאַרט די איקאַ אַז ער האָט אַ ווייב מיט צוויי קינדער און מען האָט אים קאָלאָניזירט.

אַ מומר להכעיס איז ער געווען, דער איינציקער בחור־קאָלאָניסט

אין ריווערא' האָט געהאָדעוועט חזירים, גאָרנישט ווי קיין איד און גאָרנישט ווי קיין איד פלעגט ער אויך אָפּשניידן אַ שטיק „וועטשינאַ“ וואָס איז ביי אים אין קאַמער געהאנגען פארגרייט, און מכבד זיין זיינע געסט מיט אַ פרייער האַנט. ביי אים, אין זיין בחורישער וואוי-נונג, פלעגן מיר זיך צוזאַמענקומען: די לערערס (דער צווייטער אי-דישער לערער איז געווען זלמן מערלינסקי, אַ געוועזענער בונדאָוויעץ און ישיבה בחור פון לידאַ, היינט אַ קצב אין ריווערא); פיניע גאַ-מארניק, דער קאזאַק מיט די לאַנגע בלאָנדע וואָנצעס; בערל שניי-דער, אַ שכן אַ קאָלאָניסט וואָס האָט געקענט אַ סך חסידישע ניגונים; געווען איז איינמאָל ביי אונז אויך דער באַקאַנטער זשורנאַליסט ישראל מאַקראַנסקי, וועלכער האָט דאַן געמאַכט אַ שטודיום-רייזע איבער די קאָלאָניעס פאַר דעם ניו-יאָרקער „טאָגעבלאַט“; און מען פלעגט נאָך אַ גלעזל טיי און נאָך אַ „קאַניאַ“ (אַזאַ פּרוכט-בראַנפן) איבערגיין פון אַ קאַזאַצקע אין אַ חסידישן ניגון מיט ברען און מיט התלהבות און אייזיק מאַרטשעוווסקי פלעגט מיט זיין פרייליכקייט אָנשטעקן אַלע-מען, אונדז, די גאַנצע גרופּע גינזבורג און אפילו די אנדערע גרופּעס, גאַנץ ריווערא...

איך געדענק אַזאַ שמחה, ווען דער קאָלאָניסט פון דער זעלבער גרופּע, פּינכאַסאָווסקי, — אָדער פּינכאַסאָווסקעלע, ווי מאַרטשעוווסקי האָט אים גערופן צוליב זיין נידעריקער וואוקס, — האָט אַראָפּגעבראַכט זיין פאַמיליע אין דער „שטוב“ וואָס ער האָט צוגעגרייט פאַר זיי, און דעמאָלט טאַקע איז דער פריילעכער אַרבעטזאַמער בחור פאַרכאַפּט געוואָרן פון אַ פּאָר שווארצע אויגן פון פּינכאַסאָווסקיס טאָכטער, אַ ברונעטקע.

פּיאָנער-יאָרן זיינען דאָס געווען. און ווען נישט אָט די אייגענע פריילעכקייט וואָס האָט געשטראַמט פון יונגן אָפּטימיזם, — און ווער ווייס אויב די פריילעכקייט איז נישט אַמאָל געווען אַ היסטערישע, כדי צו פאַרשרייען די טיטוס-פליג פון צווייפל אינעם דערפאָלג — צי וואָלטן נישט די מרה־שחורה און די אומצופרידנקייט לאַנג שוין

געהאט פארטריבן די דאַזיקע פּיאָנערן פון דער אידישער ערד־ארבעט, פון דער פּאמפּא צוריק אין שטאָט אריין!

מיר פאָרן פארביי דער שולע. קינדער אין ווייסע כאַלאַטלעך שפּילן זיך אינדרויסן, קוקן פון די פענצטער. אויף דער רויטער ציגלנער גע־בײדע הענגט אַ שילדל פון אַ רעגירונגס־שולע. אמאָל האָט זי באַ־לאַנגט צו דער איקא און מען האָט דאָ געלערנט אויך אידיש...

און אָט זיינען מיר שוין ביי מארטשעווסקין. נאָך גאָר אַ יונ־גערמאַן, די אויגן גלאַנצן און עס פעלט נישט דער פרייליכער זויץ און די טרעפנדיקע באמערקונג, נאָר גרוי איז ער שוין.

דאָס יונגע ברונעטע ווייבל מיט די שווארצע גלאַנציקע אויגן און מיט דעם זעקסטן, דאָס מעזיניקל, אויף די הענט, גרייט כיבוד, טיי, לעקעך און שטרודל אליין געבאַקענע אויף יום־טוב. ס'איז דאָך סוכות ביי אידן... — אויב איר ווילט עפּעס עסן — זאָגט מארטשעווסקי — שעמט זיך נישט; אַ שטיקל בשר קווינטש איז שטענדיק פאראַן...

— גרוי געוואָרן! — קען איך מיך נישט איינהאַלטן, קוקנדיק די גאַנצע צייט אויף מיין חבר, וועלכער איז נאָך פאר די פערציק.

— זי מאַכט גרוי און אַלט, די „טשאַקרע". — ענטפערט ער מיר.

און דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז נישט געווען קיין סטעראַ־טיפּנער ענטפער, גלאַט אין דער וועלט אריין. אין געדאַנק איז דורכ־געגאַנגען פאר מיר א ריי קאָלאָניסטן, מיט פארברויזנטע צעאַקערטע, פאר־עקשנטע פּנימער און יונג גרוי געוואָרענע טשובן און פּאות. און ס'איז נישט פון ארבעט, ס'איז נישט פון אַקערן און זייען און שניידן; ס'איז פון באָרגן און פון זאָרגן; פון חובות ביז איבער די אויערן, פאר וועלכע מען איז פארמשכונט און פארקאַבאַליעט; ס'איז פון מוזן שווארצן זיך דאָס פּנים און אונטערטעניקן זיך דעם סוחר, דעם קרעמער; ס'איז פון וועלן זיין ווען עס איז דער פרייער אייגנטימער פון דער ערד פאַר וועלכער מען גיט אוועק די בעסטע יאָרן און מען זעט גאָר קיין סוף נישט.

אָט אזוי זעט זי אויס אין ריוועראַ די אידיליע פון דער „סאָכע" מיט איר מזל ברכה, פון „נישט לייען באָרגען און נישט זאָרגן פאַרן מאָרגן", וואָס צונזער האָט באַזונגען און באַגייסטערט מיט איר א

גאַנצן דור שטאָטישע סוחרים און פיל פון זיי צו אַנטשידענעם שריט געפירט.

און דאָך וועלן זיי, אַט די אידן מיט די צעקאַרבטע פּנימער און באַשנייטע יונגע האָר, די טשאַקרעס נישט פאַרלאָזן. זיי האָבן זיך מיט זיי פאַרקנסט, אויף אייביק פאַרקנסט.

אָט פון אַזעלכע קאָלאָניסטן באַשטייט מערסטנס די גרופּע גינז־בורג נומער 2 אָדער ווי איך האָב זי אַ נאָמען געגעבן מאַרטשעווסקיס גרופּע, די פריילעכסטע גרופּע פון ריווערער קאָלאָניסטישע גרופּעס, נאָך ביז היינטיקן טאָג.

## XI

— אָט דאָס זיינען קאָלאָניסטן! — רוף איך זיך אָן צו מיינע באַגלייטער ווען מיר זיינען שוין געזעסן אין אויטאָמאָביל און אויס־געדרייט זיך אויף צו פאָרן אין די ווייטערדיקע גרופּעס, און איך דער־מאָן זיך און דערמאָן אויך זיי אַנדערע מינים קאָלאָניסטן. געווען פאַר מיין צייט אין ריווערע אַ „קאָלאָניסט" ג. וועלכער האָט געפירט די ראָלע פון אַ נגידישן יורד. געזעסן איז ער אין שטעטל אין אַ שיינער שטוב, האָט געהאַט צוויי שיינע פריילינס, וועלכע האָבן „נעבעך" אַליין געמוזט אָנפּאָמפּען וואַסער פונעם אַרטיזיאַנישן ברונעם און... איך ווייס נישט צי האָט דער דאָזיקער ג. (זיינע פריילינס אוודאי נישט) אָנגעקוקט ווען די טשאַקרע זיינע. אפילו פאַרדונגען זי אַ צווייטן, אָדער אַ דייטש אַרויפגעזעצט אויף איר, האָט אויך נישט ער, נאָר דער איידעם זיינער, וועלכער איז געווען אויב נישט אַ קאָלאָניסט, איז ווייניקסטנס אַ גוטער פאַרוואַלטער פון זיין טשאַקרע. געווען דעמאָלט אַ „קאָלאָניסט" פּ. וועלכער האָט פון זיך געהאַלטן אַן עולם ומלואה אַלס קענער אין די דריבנע אותיות און אַלס וועלטלעכער מענטש; ווייס איך אויך נישט אויב ער האָט ווען אָנגעקוקט זיין טשאַקרע. ער האָט זי פאַרדונגען. און דערצו האָט ער נאָך געלעבט פון דעם דירה־געלט, וואָס אים האָט געגעבן זיין גרויסע שיינע דירה אין ריווערע.

אַ האַלב פון דער דירה האָט ער אַליין פאַרנומען. געווען ביי אים אַ פּיאַנאָ אין שטוב. טעפּיכער, פּליושענע טעפּיכער. און ער פּלעגט זיך אומדרייען צווישן די קליינטן, שמועסן פון הויך־פּאָליטיק, אַריינ־וואַרפן אַ גמרא־ווערטל, ווי למשל איסתרא בלגינא קיש קיש קריא, און דערמאָנען די גוטע יאָרן ווען ער איז געווען ראש הקהל ערגעץ אין אַ בעסאַראַבישער שטאָט... אַ „קאָלאָניסט" האָט אויך געהייסן אַ געוויסער ס. וואָס האָט געהאַלטן אַ גרויסע געשיר־קראָם אין בוענאָס איירעס און פּלעגט אַמאָל קומען צוגאַסט קיין ריווערא און אַ „קאָלאָניסט" איז, למשל, נאָך היינט צו טאָג אַזאַ איד ווי ב., וועלכער האַלט אַ קראָם אין ריווערא (דער דאָזיקער ב. איז דווקא אַ איד מיט אַ צעאַקערטן פאַרשרומפּענעם פּנים, נאָר נישט פון פעלד־אַרבעט. ער איז נעבעך אַן עקר און ס'איז נעבעך אַ רחמנות אויף אים און אויף זיין שיין ווייבל). ער איז אפילו געווען אויף דער פאַרזאַמלונג פון די קאָלאָניסטן דעם 16־טן אָקטאָבער... קענען וועמען איז ער געקומען פּראָטעסטירן?... וועמענס רעכטן וויל דער דאָזיקער קאָלאָניסט־קרע־מער פאַרטיידיקן אין דער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע?...

— אָט איך — רופט זיך אָן איינער פון מיינע באַגלייטער וואָס האַלט אַז מ'דאַרף נישט אַזוי קענען אַרבעטן ווי פירן די אַרבעט — איך בין אַ קאָלאָניסט נאָך פון רוסלאַנד, פון די בערסאָנער קאָלאָ־ניסטן, איך בין געקומען אַהער מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק און האָב געאַרבעט אַלס פּעאָן, טאַקע ביי מיינעם אַן אייגענעם ברודער אויף זיין טשאַקרע. איך האָב צו אים גאָרנישט, נאָר איך בין אויסגעריסן געוואָרן, און איצט... מיינט איר, וואָלט איך בעסער נישט געוואָלט האָבן דאָס פאַרגעניגן אַליין צו זיצן אויפן פּלוג? — וואָרום נאָך אַלע־מען איז דאָך עס אַ פאַרגעניגן! — נאָר ווי קען איך דאָס? איך האָב דאָס יאָר פאַרקערט אַזעלכע 800 העקטאַר, מיין אייגענע טשאַקרע, דאָס איבעריקע גענומען אין אַרענדע ביי אַראַנאָ, ביי אַ צווייטן...

— טאַקע אַן אומגליק... — זאָג איך — איינער קלאָגט זיך וואָס די גרויפּן זיינען אים ביטער און אַ צווייטער — וואָס די פּערל זיינען אים שיטער...

מיין באַגלייטער איז, אַפּנים, נישט צופרידן מיט מיין באַמערקונג, און איילט זיך צוצוגעבן:

— ס'איז טאַקע אַן אומגליק, וואָרום, זאָל זיך די קאַסעטשע איבערקערן, ווי ס'ווייזט זיך היינטיקס יאָר, איז טאַקע שלעכט... נאָר וואָס זאָל איך טון? מיין רעמאַנענט האָט זיך צעוואַקסן... ס'איז אַ שאָד דער רעמאַנענט זאָל בלייבן אומאַקטיוו...

— אַ שאָד — האָב איך אַ טראַכט געטון — וואָס אַזאַ אייגנער איז נישט אַ פּאַרוואַלטער פון אַ שטאָטישער אינדוסטריעלער אונטערנעמונג... ביי אים וואָלטן די מאַשינען ליידיק נישט געשטאַנען; פאַרקערט, ער וואָלט געזוכט זיי צו פאַרמערן און צו פאַרגרעסערן און וואָלט געזען זיי זאָלן אַלע האָבן וואָס צו טון... און וואָלט אויך נישט מורא געהאַט אַז עפּעס אַ מיסטישע נאַטור־קראַפט זאָל זיין אונטערנעמונג „איבערקערן".

מיין באַגלייטער, וועלכער האָט זיך אַליין באַשטימט זיין פּלאַץ אין מיין קלאַסיפיקאַציע פון די ריווערער קאָלאָניסטן, איז איינער פון די הויפּט־אָנפירער אין דער ניי־געגרינדעטער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זוכן זייער שוץ און פאַרטיידיקונג אַלע, די אַלע אויסגערעכנטע קלאַסן און אַפילו די „קאָלאָניזירטע" עמיגראַנטן, וועלכע ווייסן איבערהויפּט נישט צי וועלן זיי ווען עס איז זיין קאָלאָניסטן.

פאַר אַ שטאָטישן און נישט באַהאַוונטן אין די קאָלאָניסטישע אינטערעסן, וועלכער איז געוואוינט צו דער שטרענגער קלאַסן־דיפערענצירונג אין דער געזעלשאַפט, איז אַזאַ פאַקט אויפן ערשטן בליק שאָקירנדיק. און גראָד זיינען די מערסטע פירער פון דער אָרגאַניזאַציע, קאָלאָניסטן פונעם דערמאָנטן מין אָדער קלאַס, גוטע פאַרוואַלטער פון זייערע טשאַקרעס, וואָס פירן ברייטע ווירטשאַפטן, און זיינען גוטשטייענדיק מיט דער איקאַ.

דער פאַקט פאַרענטפערט זיך, נישט דערמיט וואָס אַזעלכע קאָלאָניסטן הייסן געוויינלעך די „פּני", די „אָנגעזעענע", די אינטעליגענטערע, און אויך נישט ווייל זיי זיינען די תקיפים פון דער קאָלאָניע לגבי די איבעריקע קאָלאָניסטן, נאָר ווייל אַזעלכע קאָלאָניסטן

זיינען אַלס פּינקטלעכע צאָלער, תקיפים לגבי דער איקאַ, וואָס צו איר פאַרוואַלטונג קומט אויס דער אָרגאַניזאַציע שטעלן פאָדערונגען און מיט איר פירן פאַרהאַנדלונגען. עס ווערט, פאַרשטייט זיך, אויך גענומען אין אַכט דער אידעאַליזם פון די פירער פאַר דעם אַלגעמיינעם וואוילשטאַנד פון דער קאָלאָניע, אַ זאַך וואָס איז דורך די מעשים פון די ניי אויסגעקליבענע פירער נאָך נישט אָפּגעלייקנט געוואָרן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז ריווערא געגרינדעט געוואָרן אַלס אַן אַזוי גערופענע אויטאָנאָמע קאָלאָניע. די איקאַ האָט דאָרט נישט געהאַט קיין אַדמיניסטראַטאָר, נאָר אַן אַגענט. די עובדה פונעם אַגענט איז געווען בלויז אויפצומאָנען די אָפּצאָלונגען פאַר דער איקאַ־דירעקציע אין בוענאָס איירעס, פאַרדינגען שטעטלשע פּלעצער צום בויען א. א. זאַכן וואָס האָבן נישט געהאַט קיין דירעקטע שייכות מיט דער קאָלאָניזאַציע. די פאַרוואַלטער און דעה־זאָגער איבער דער קאָלאָניזאַציע זיינען געווען די אַזוי גערופענע „דעלעגאַטן" אויסגעוויילטע פון די קאָלאָניסטן, וועלכע פלעגן פאַרהאַנדלען די ענינים פון דער קאָלאָניזאַציע דירעקט מיט דער איקאַ.

אָט די „דעלעגאַטן"־פאַרוואַלטער פון דער אויטאָנאָמער קאָלאָניע, האָבן אַזוי לאַנג „דעלעגאַטעוועט" ביז די קאָלאָניע האָט זיך געבעטן ביי דער איקאַ זי זאָל צונעמען ביי איר די דאָזיקע „שטראָף", די ריווערער אויטאָנאָמיע, און שטעלן אין ריווערא אירן אַן אַדמיניסטראַטאָר. פאַרשטייט זיך אַז די קאָלאָניע האָט אויסגעביטן „קילע נאַ מאָהילו" (אַ געבערעך אויף אַ קבר) ווי ס'זאָגט אַ אידיש אוקראַיניש ווערטל, פון שלעכט אויף ערגער, אָנשטאָט צו האָבן אַן אייגענע פאַרוואַלטונג און זי קענען אומבייטן, ביי יעדער עוולה וואָס זי באַגייט, אויף אַן אַנדערער, האָבן זיי גענומען אויף זיך אַ „פּריסטאַוו", אַן „אוריאַדניק", מיט אַלע „מעלות" פון אַזעלכע טשינאָווניקעס. געזען גוטע און שלעכטע, אַזוי ווי צווישן די „אוריאַדניקעס" זיינען געווען גוטע און שלעכטע. און אין וואָס די גוטסקייט פון אַן „אוריאַדניק" און פון אַ „פּריסטאַוו" באַשטייט, איז ידוע...

נאָר נישט דאָס בין איך דאָ אויסן, איך וויל דאָ בלויז דערציילן

אַז די „דעלעגאַטן" האָבן געלאָזט נאָך זיך אַ שלעכטן שם און אַ היפּש ביסל צרות אין קאָלאָניע, און דאָס וואָס זיי האָבן געטון איז גאָר פאַר קיינעם קיין סוד נישט געווען. עס האָט בלויז געפעלט ביי די ריווערער קאָלאָניסטן דער געזעלשאַפטלעכער באַוואוסטזיין און מוט זיי צו קאָנטראָלירן אָדער משלח צו זיין.

מען דערציילט, אַלס כאַראַקטעריסטישן פאַל, אַז בעת לעאָן כאַזאַנאָוויטש, דער באַקאַנטער פועלי ציוניסטישער כלל־טוער, וועלכער האָט דאָ ענדע 1909 אויפגעהויבן אין די קאָלאָניעס אַ באַוועגונג פאַר אָרגאַניזאַציע, איז געווען אין ריווערא, האָט ער אין זיינער אַ רעדע אָנגעוויזן אויף דער פאַרעטערישער אַרבעט פון די „דעלעגאַטן". און די „דעלעגאַטן" וועלכע זיינען ביי־געווען אין לאָקאַל, דערזעענדיק דעם באַגייסטערטן און אויפגעבראַכטן עולם קאָלאָניסטן, זיינען דורך די פענצטער אַרויסגעשפּרונגען, פאַר מורא מען זאָל זיי אויפן אָרט נישט „לינטשן".

ריווערער קאָלאָניסטן האָבן זיך אָבער שנעל פאַרגעסן און די „דעלעגאַטן" האָבן ווידער פאַרנומען אַלע פאַראַנטוואָרטלעכע ערטער אין דער קאָלאָניע. אין דער ריווערער קאָאָפּעראַטיווע וועלכע האָט זיך געגרינדעט אין אַ פּאָר יאָר אַרום, זיינען די לייט ווידער געוואָרן די אָנפירער און ווידער געטון זיך „זייערס".

איך האָב אין איינעם פון מיינע פריערדיקע קאַפּיטלען שוין דערמאָנט דעם פאַקט ווי אַזוי דער „דעלעגאַט" מאָטל טשאָרני האָט באַקומען פון דער איקא פאַר דער קאָלאָניע אַן „עקספּערימענטאַלע טשאַקרע" און האָט זי צוגענומען פאַר זיך. אַלע יאָרן האָט מען געוואוסט אַז מאָטל טשאָרני באַאַרבעט דריי טשאַקרעס, גאַנצע 450 העקטאָר, אַ חוץ דער צוגעטיילטער און דער רעזערוונער, נאָך איינע, און געמיינט האָט מען אַז דאָס האָט אים די בוענאָס איירעסער איקא־לייטונג געגעבן אַ „מתנה" פאַר זיין געטריישאַפט צו איר. ערשט שפּעטער האָט מען זיך דערוואוסט אַז דאָס איז דער קאָלאָניעס אייגנטום, נאָר... ווער וועט דאָס גיין האָבן צו טון מיט מאָטל טשאָרני...

אָט די „דעלעגאַטן" האָבן אויך געהאַט די פולמאַכט אויפצונעמען

קאַלאַניסטן פאַר דער דאָזיקער אויטאָנאָמער קאָלאָניע. און אויב עס געפינען זיך אין ריוועראַ שלעכטע עלעמענטן, האָבן דערין נישט קיין קליינעם חלק שולד אַט די קהלשע צאַפּעס.

די דעלעגאַטן האָבן געהאַט אַ כּלל: ווילסט באַקומען אַ טשאַקרע, באַצאָל פאַר ריווערער קהילה-באַדערפעניש 200 פּעזעס. אַט אַזוי ווי חברה קדישא זאָגט: ווילסט ליגן אין דער ערד, באַצאָל!... אין ריווערא זיינען נישטאָ קיין ארכיוון פון דער קהילה, לויט וועלכע מען זאָל קענען קאָנטראָלירן וויפיל ס'איז אָנגעקומען צו דער קהילה און וויפיל „חברה מאַלאַטשע" האָט גענומען שכר טרחה. נאָר דאָס ווייסט מען אויף זיכער, אַז פון זינט דעלעגאַט איז געוואָרן געסניעראָוו (ער איז אויך געווען אַגענט פון דער איקא) זיינען די צוויי־הונדערטערס געגאַנגען אָפּ פון זיין קעשענע וועגן. עס האָט נישט געשטערט אַז, נאָכדעם ווי געסניעראָוון האָט די איקא משלח געווען פאַר „נישט האַלטן ריין די הענט", זאָל ער ווערן, שוין אַלס „קאָלאָניסט", דער גאַנצער דעה־זאָגער אין שטעטל, איז געווען גוט-ברודער מיטן קאָמיסאַר, אַ פירנדיקער מיטגליד אין אַלע ריווערער חברות (אפילו ביי די פּועלי ציון, וועלכע האָבן נאָך דער באַלפור־דעקלאַראַציע געשאַרט צו זיך חברים, ממש ווי מיסט), און לעצטנס — דער ראש הציונים פון ריווערא און אַלס אַזעלכער נאָכן טויט באַקומען אַ וואַרימען און האַרציקן הספד פון די ציוניסטישע צייטונגען און... פון דער קאָלאָניע ריווערא, וועלכע האָט אים געמאַכט אַ גרויסע לויה און איז זיך ממש צעגאַנגען אין געוויין...

אַ סך ריווערער באַלעבאַטים, אַט פון דעם מין „קאָלאָניסטן" ווי ג., פּ., ס. און ב. וועלכע איך האָב פריער געשילדערט האָבן טאַקע געמעגט וויינען, זיי זיינען אים גאַנץ דאַנקבאַר.

עס האָבן אָבער נאָך מער און טאַקע מיט ביטערע טרערן געוויינט צוליב אים, נאָך ביי זיין לעבן, אַ גרויסע צאָל פאַמיליעס וועלכע ער און נאָך אַזעלכע קאָלאָניסטישע פאַרשטייער ווי ער, האָבן אַזוי לייבטזיניק באַזעצט אויף די ריווערער סטעפּעס, נישט מאָנענדיק ביי זיי קיין שום התחייבותן אַחוץ די צוויי-הונדערטערס און דער סוף זייער־

ער איז געווען: אַגריקולטורעלע אומבאַהאָלפנקייט און חובות און... דעסאַלאַכאַ.

איר האָט אפשר געהערט צוריק מיט אַ פּאָר יאָר אַ דעסאַלאַכאַ פון איבער דרייסיק קאָלאָניסטן פון ריוועראַ? דאָס האָט די איקאַ געמאַכט אַ „טשיסטקע”, אָדער ווי מען זאָגט אינעם פּוילישן פּאָליטישן זשאַרגאָן — אַ „סאַנאַציע”, אַ ריינקונג אויף די ריווערער קאַמפּן פון אָט אַזעלכע אומגליקלעכע. געווען אויך צווישן זיי אַזעלכע וואָס האָבן אַנדערע אומגליקלעך געמאַכט, און ווי אייניקע קאָלאָניסטן, מיט וועלכע איך האָב שפּעטער געשמועסט וועגן דער דאָזיקער באַרימטער „סאַנאַציע”, האָבן זיך אויסגעדריקט, האָט די קאָלאָניע געדאַנקט גאָט וואָס זי איז פון זיי פּטור געוואָרן.

אָט באַלד טאַקע אין דער גרופּע גינזבורג נומער 1, צו וועלכער מיר פאָרן, וועלן מיר זען וואָס עס ווערט פון אַ ישוב נאָך אַזאַ „סאַנאַציע”.

## XII

— אָט דאָס איז די „גרופּע” גינזבורג נומער 1...

די „גרופּע” איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן אָט אַזוי, ווי איך שרייב, מיט געענדזשנפיסלעך. אויב מען זאָל נישט צורעכענען אהער די פּאָר שטיבלעך, וואָס מיר האָבן געטראָפן אויפן וועג, קאָלאָניסטישע שטיבלעך, מיט באַלעבאַטישקייט, מיט מאַשינען, מיט הינער, מיט קינדערלעך, קליינע און פון דער שולע געקומענע, און איין שטוב, אַ האַלבע חורבה, — אין וועלכער „מען וואוינט נאָך”, — אין מיטן אָט דער „גרופּע”, איז דאָ אַ גרופּע חורבות. וואו נישט וואו שטייט אַ „זרוב” (פיר ווענט פון בלאָטע אָן אַ דאַך, אין אוקראַיניש) אָן איינגעפאַלענער, וואו בלויז איין וואַנט אַ גאַנץ געבליבענע. — ערשט צוויי יאָר, ווי מען האָט די איינוואוינער פון דאַנען אַרויסגעזעצט און שוין שטעלט מיט זיך פאָר די גרופּע אַ פּאָמפּעא־בילד, אָדער, אַ מין אָנדענק פון דער אַמאָל בליענדיקער פּאַלמירא. נאָך אַ יאָר און דער לעצטער סימן פון די געוועזענע מענטשלעכע וואוינונגען וועט פאַרשווינדן...

וועמענס ארבעט איז דאָס אָט דער חורבן?! האָט דאָס די נישט געצווימטע פּאַמפּאַ איר „נאַטירלעכן אויסוואַל" געמאַכט, אַראָפּוואַרפנ־דיק פון זיך לויט אָט דעם נאַטור־געזעץ די נישט שטאַנדהאַפּטיקע באַוואוינער און נישט פעאיקע ארבעטער און צעבלאָזנדיק די בלאָטע־שטיבלעך, וואָס זיינען אויף איר זאַמדיקן באָדן אויסגעבויט געוואָרן, אָדער, איז דאָס די באַוואוסטזיניקע „סעלעקציע־ארבעט פון אירע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן זי אָפּגעקויפט און אימפּאָנירן איר זייערע געזעצן? דאָס האָבןביידע, די פּאַמפּאַ און אירע באַלעבאַטים דעם חורבן געבראַכט און, ביידע אָן רחמנות. ביידע אימפּאָנירן זייערע געזעצן, זייערע קאָנטראַקטן און ביידע פאָדערן אויסצופילן די התחייבותן וואָס דער קאָלאָניסט האָט אויף זיך גענומען בנוגע צו זיי. די ערשטע פאָדערט — קענען אירע מעלות און אירע חסרונות, אָקער׳ן טיף, זייען גוט, בויען פעסט, זיין שפּאָרעוודיק דערמיט וואָס זי גיט; די אַנדערע פאָדערן — צאָלן. אז נישט — פּראָצעדירן זיי (אויפן יורידישן לשון גערעדט). די ערשטע, איז גענוג גרויזאַם מיט איר נקמה פאַר נישט דערפילן די התחייבותן צו איר, זי איז גרויזאַם, ווי די שווינדזוכט. ווי די שווינדזוכט פאָדערט זי, פאַראָרימט, ביז צום אויס־גיין, ווי א ליכט, וואָס ווערט פאַרלאָשן. די צווייטע זיינען אויך גרויזאַם, ווי א פּלוצימדיקער צופאַל, וואָס האַקט אָפּ די יאָרן. זייער געווער איז, די „דעסאַלאָכאָ".

לעבט א קאָלאָניסט אויף א טשאַקרע פון דער ווידערשפּענסטיק׳ער פּאַמפּאַ עטלעכע שווינדזיכטיקע יאָרן, שלימזלדיקע און קען נישט צאָלן, דאַן קומען די באַלעבאַטים פון דער ערד, די, וואָס האָבן פאַר איר באַצאָלט און צעשיידן אים מיט איר. איז עס אַמאָל א טובה פאַרן קאָלאָניסט, פונקט ווי א כירורגישע אָפּעראַציע באַצייטנס פאַר א קראַנקן; ער וועט זיך געפינען אַן אַנדער באַשעפטיקונג, וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט צו זיינע פעאיקייטן. אַן אַנדערש מאָל איז דאָס אָבער, א טויט פאַרן קאָלאָניסט; ער האָט זיינע בעסטע יאָרן דער ערד אוועקגעגעבן, ער איז שוין צו עפּעס אַנדערש נישט פעאיק און, וואָס וועט ער טון? צו וואָס וועט ער זיך נעמען?...

— ס'איז אַ מין אָפּעראַציע אויף אַ קראַנקן — האָב איך פאַר־ענדיקט אויפן קול די געדאַנקען, וואָס האָבן זיך מיר אין קאָפּ גע־וויקלט.

— איר וואָלט זיך געמעגט פאַרגינען שטיין ביי אַזאַ אָפּעראַציע. מען האַקט אין לעבעדיקן פלייש, אָן כלאָראָפאָרם אפילו. עס קומט דער אַדמיניסטראַטאָר מיטן כועז, מיט פּאָליציי, און מ'וואַרפט דאָס בעט־געוואַנט, דאָס סקריפּנדיקע בעט מיט דעם הינקענדיקן טיש מיט די גאַז־קעסטלעך, וואָס דינען פאַר ביינקלעך, אינדרויסן אַרויס. אויף אַ פּור און די קינדערלעך, אָפּגעריסענע, באָרוויסע, שטייען און קוקן צו, די אַרבעט פון דער פּאָליציי, קוקן אויף דעם אויסגעצערטן, פון נעכטן ביז היינט נאָך מער גרוי געוואָרענעם טאַטן און אויף דער מאַמען וואָס קרעכצט און קלאָגט, ווי בעת אַ מת וואָלט פאַר די אויגן געליגן...

— אויב איר ווילט בלייבן דאָ נאָך אַ פּאָר טעג, וועט איר האָבן די געלעגנהייט צו זען אַ דעסאַלאָכאָ. מען וועט „אָפּערירן", ווי זאָגט איר, צוויי קאָלאָניסטן.

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג, בעת מיין באַזוך ביים אַדמיניסטראַ-טאָר, האָט ער מיך איינגעלאַדן בייצוזיין די צוויי דעסאַלאָכאָס. איך האָב מיך דערוואוסט אַז די קאָלאָניסטן וואוינען שוין לאַנג נישט אויף די טשאַקרעס, און אַרויסוואַרפן וועט מען די בעבעכעס פון די אַרענ־דאַטאָרס, צו וועלכע די קאָלאָניסטן האָבן זייערע טשאַקרעס פאַרדונ-גען, און אַליין נישט געצאָלט.

אויך אַזעלכעס טרעפט און טאַקע גאָר אָפט.

די סצענע ביים זיך נישט. אויך דאָ איז פאַראַן אַ פּאָר דער ציים גרוי געוואָרענער טאַטע און אַ מאַמע וואָס קלאָגט און קינדער־לעך וואָס פּלאָנטערן זיך זיי פאַר די פיס און פאַרשטייען נישט וואָס דאָ טוט זיך אַזעלכעס, וואָס אַזעלכעס האָבן זייערע טאַטע און מאַמע געטון וואָס מען וואַרפט זיי אַרויס פון דער שטוב, וואו זיי האָבן זייערע נעכט געשלאָפן און אַרום וועלכער זיי האָבן זייערע טעג אָפּ־געשפּילט.

דער חילוק איז נאָר וואָס דער דאָזיקער גרוי גענוואָרענער טאַטע האָט נישט צו וועמען צו שרייען און פּראָטעסטירן, און וועט מאָרגן גיין דינגען אַ צוויטנס טשאַקרע צו באַגיסן זי מיט זיין שווייס אַ יאָר צייט, כדי מיט ווייב און קינדער דורכצולעבן זין׳. פּראָטעסטירן און שרייען און שרייבן אין די צייטונגען וועט יענער „קאָלאָניסט", וואָס זיין ווייב און קינדער וואוינען גאַנץ באַקוועם אין שטעטל... דעסאַלאָכאָ! דעסאַלאָכאָ! — וועט זיך טראָגן איבער דער קאָלאָניע און איבערן שטעטל און עס וועט אָנקומען צו די צייטונגען אָט דאָס שוואַרצע וואָרט, וואָס הערט זיך ווי דאָס קראַקען פון קראָען, — מען האָט דעסאַלאָכירט נ.ען! — אַ איד מיט אַ קלינגענדיקן נאָמען. דער שווייגנדיקער פרי גרוי געוואָרענער טאַטע האָט קיין נאָמען נישט, אין קאָלאָניע קען אים אַפילו קיינער נישט.

די לעזער פון מיינע איינדרוקן וועלן מיר אַנטשולדיקן וואָס איך האָב געמאַכט אַזאַ שפּרונג אין מיין רייזע אויף פאָרויס. ס'איז דערפאַר וואָס איך האָב דאָ אין דעם קאַפּיטל געוואָלט צוגעבן דעם ענין דעסאַלאָכאַ איינע אַ זייט וואָס מען האָט ביז איצט פארזען אין דער אידישער זשורנאַליסטיק וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דעם ענין קאָלאָניזאַציע. מיר האָבן נאָר געהערט און איבערגעגעבן דאָס געשריי פון די געקריוודעטע קאָלאָניסטן, און נישט דעם שטומען ווייטיק פון די עבדים לעבדים, פון די פאַריער, וואָס אַרבעטן די קאַפּריזנע פּאַמפּאַ־ערד אָן שום האָפענונגען זי זאָל זיי ווען עס איז באַלוינען דערפאַר, און ווערן פון איר אַרויסגעוואָרפן פאַר פרעמדע זינד, נישט האָבנדיק אַפילו פאַר וועמען זיך צו באַקלאָגן.

מיינע לייענער, אַז איר וועט אַמאָל דערהערן דאָס שרעקלעכע וואָרט „דעסאַלאָכאַ", זאָלט איר דערביי אַ טראַכט טון: וועמען האָט די דאָזיקע אָפּעראַציע, דאָס דאָזיקע שניידן אין לעבעדיקן פלייש, מער וויי געטון: דעם קאָלאָניסט, וואָס די איקאַ האָט ביי אים דאָס „פאַר־שפּראָכענע אייגנטום" צוגענומען, אָדער דער משפחה אָן אַ נאָמען וואָס איז אויף דעם קאָלאָניסטס טשאַקרע געזעסן און דעם קאָלאָניסט גרויסע פּראָצענטער געצאָלט...

## XIII

מיינע באַגלייטער האָבן מיר דערציילט פאַרשידענע פאַקטן פון דעסאַלאָכאָ.

מיר איז געבליבן באַזונדערס איינגעקריצט אין זכרון די דעסאַלאָכאָ פון דעם קאָלאָניסט כוליאָ אַלפּערין. אַ גאָרטן האָט ער געפּלאַנצט, — אַ פרוכט-גאָרטן אין ריוועראַ! — און ער האָט אָט דעם גאָרטן זיינע טעג און זיינע נעכט אַוועקגעגעבן. און נישט נאָר ער, נאָר אויך זיין פרוי און זיינע אַכט קינדער. דער גאָרטן איז געווען זייער אידעאַל, אַ מאָדנע ליבשאַפט האָט זיך געוואָרימט ביי אָט דער אידעאַליסטישער קאָלאָניסטן-פאַמיליע צו דעם גאָרטן, צו וועלכן זיי האָבן רעליגיעז געדינט. די פאַמיליע האָט פונעם ביסן אָפּגעשפּאָרט און געשטעלט אַ „מאָלינאָ" (אַ וואַסער-מיל) אויף צו טרייבן די וואַסער איבערן גאָרטן פון גרינס און פרוכטן. געקומען איז איינמאָל דער איקאַ-דירעקטאָר פון בוענאָס איירעס און האָט געגאַפט אויף דעם דאָזיקן וואונדער, וואָס איז אַ צירונג געווען פאַר דער קאָלאָניע, און האָט געלאָזט דעם גאָרטן פאָטאָגראַפירן: זיכער, כדי ביי־צולייגן צום באַריכט וואָס ווערט אַוועקגעשיקט צו דער הויפּט-דירעקציע אין פּאַריז, און אים אילוסטרירן. און — אין אַ שיינעם טאָג קומט אָן פאַר כוליאָ אַלפּערין דער גזר: דעסאַלאָכאָ!...

און מען האָט ביי אים אַלץ צוגענומען, די „מאָלינאָ" אויך.

געווים איז דער קאָלאָניסט שולדיק געווען דער איקאַ אַ היפּש ביסל „אַנואַלידאַדן" (יערלעכע אָפּצאָלונגען). עס קען אויך זיין אַז אָפּגעבנדיק זיין צייט און אויפמערקזאַמקייט דעם גאָרטן, האָט ער פאַרנאַכלעסיקט זיין טשאַקרע, אָדער ער האָט זי פאַרדונגען צום באַ-אַרבעטן אַ צווייטן, אַ זאַך וואָס עס מעגן טון (מחמת דאָס געזעץ פון לאַנד שיצט זייער רעכט) נאָר די וואָס צאָלן פּינקטלעך, און כוליאָ אַלפּערין האָט נישט חושד געווען אַז ע ר טאָר דאָס נישט טון.

איך שטעל מיר פאָר אַז ווען דאָס וועט לייענען אַ סוחר אָדער אַ „לעגולעזשאָ" (איינער וואָס מאַניפּולירט מיט געזעצן) וועט ער דאָס געפינען פאַר גאַנץ נ אַ ט י ר ל ע ך, אָפּצונעמען אַ זאַך וואָס ווערט

געגעבן אויף אויסצאָלן, ווען עס ווערט פאַר איר נישט געצאָלט.

נאָר איך, וויפיל איך האָב מיך נישט באַמיט צו באַרעכטיקן דעם סוחר אין דער איקא, האָב איך איר נישט געקענט מוחל זיין די עבירה פון בל תשחית, וועלכע דערגרייכט צו פאַרברעכן, ווען מען שטעלט זיך פאָר די איקא פון איר צווייטער זייט, פון דער זייט פון אירע העכערע קאָלאָניזאַטאָרישע צילן.

כוליאַ אַלפּערין און פיל זיינס גלייכן אידישע קאָלאָניסטן, האָבן אומגליקלעכערווייז געקוקט אויף איקא פון איין זייט בלויז; זיי האָבן געזען איר אידעאַליסטישן פּנים, וועלכער האָט אין די ערשטע קאָלאָניזאַציע־יאָרן אין אַרגענטינע אַזוי שיין געשיינט און ליבלעך געשמייכלט, באַהאַלטנדיק דעם סוחרישן פּנים אירן אין שאָטן, און זיי האָבן אָט דעם סוחרישן פּנים נישט געזען. און דער סוחר איז דער־ווייל געזעסן און האָט געחשבונט נישט געצאָלטע אַנואַלידאַדן אין פּראָצענט פאַר זיי, און פּראָצענט אויף פּראָצענט. געלט — האָט ליב השבון!...

:: :: ::

פון גינזבורג נומער 1, וואָס האָט מיט איר חורבן אַזוי פיל ווייטיקלעכע פאַרשטעלונגען ביי מיר אַרויסגערופן, זיינען מיר אַריינגעפאָרן אין קלאַראַ (קלאַראַ פון דער פּאַמפּאַ) און מיין טרויעריקע שטימונג איז מיטאַמאָל פאַרשוואונדן, אַ פרייד האָט איר פּלאַץ פאַרנומען ביי מיר אין האַרצן. דאָס האָט אַ רעד געטון צו מיר די זויבערע ווייסקייט פון די געקאַלכטע הייזער און הויף־בנינים, מיט אַ פּרייעלעכער גרינער און בלויער בלום באַמאָלט, ווי אין אַ רוסישן דאָרף די ערב־יום־טוב אויסגעקאַלכטע הייזלעך. די בלווילעכע ווייסקייט פון די ווענט שלאָגט זיך דורך דורך דעם גרינעם געבלעטער פון די ביימער.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי דעם שענסטן הויז. איך האָב געוואָלט טרייסטן מיין אויג און מיין האַרץ, זאָלן זיי אָפּרוען אויף אַביסל דאָרפישער שיינקייט, וועלכע איז אַזוי זעלטן דאָ אין ריוועראַ.

דער באַלעבאָס פונעם הויז איז אַרויסגעקומען, דער קאָלאָניסט גרעגאָריאָ גורעוויץ, אַן עלטערער איד מיט אַ גרוי בערדל (נאָר גיי

יויים ווער עס איז אַלט און ווער יונג ביי קאָלאָניסטן וואָס די אַרבעט און די זאָרגן מאַכן זיי אַזוי פרי גרוי!) מיט קלוגע יונגע אויגן. מיר האָבן זיך צערעדט. איך האָב באַוואונדערט זיין שיין הויז, זיין שיינע באַלעבאַטישקייט. אָן אַ קרעכץ, פונדעסטוועגן, איז עס נישט אָפּגעגאַנגען. יעדער האָט זיך זיינע צרות. נאָר קיין ערגערע זאָלן נישט זיין.

עס איז צוגעקומען אַ צווייטער קאָלאָניסט — בערנשטיין. ער איז אַביסל צוריקגעהאַלטן מיט מיינע באַגלייטער. ער איז אַ שטאַרקער אָנהענגער פון קאָאָפּעראַטיווע. — אין ריווערא רופט מען אַזעלכע, בראָדסקיסטן, דאָס הייסט אָנהענגער פון דעם קאָאָפּעראַטיוויסט בראָדסקי, וועלכן איך האָב שוין דערמאָנט אין מיינע פריערדיקע קאַפּיטלען — און איז נישט צופרידן מיט דעם אויסגאַנג פון דער פאַרזאַמלונג פון 16-טען אָקטאָבער, וועלכע האָט זיך ארויסגעזאָגט פאַר שאַפן אַ קאָלאָניסטישע אָרגאַניזאַציע אויסער דער קאָאָפּעראַטיווע, וועלכע עקזיסטירט איצט. דער איז פונקט דער קעגנזאַץ פון דעם ערשטן: אַ ראַזירטער פאַרברוינטער פּנים מיט געדיכטע רויטע וואָנצעס, וואָס דערציילן פון אַרבעטזאַמקייט (זאָלן מיר די פּאַטענטירטע פּסיכאָלאָגן פאַרגעבן וואָס איך שאַץ די אַרבעטזאַמקייט פון אַ מענטשן לויט זיינע וואָנצעס. איך שרייב דאָ נישט מער ווי איינדרוקן און נישט קיין פּסיכאָלאָגישע אָפּהאַנדלונגען, און מיין ערשטער איינדריק איז געווען אַזעלכער). ניין, דער וועט נישט קרעכצן: אַרבעטן דאַרף מען! און אָפּהיטן אַז די אַרבעט זאָל נישט פאַרלוירן גיין, אַז קיין פערטדע זאָלן זי נישט אויפעסן...

— אָט — האָב איך זיך געטראַכט — האָט דער קאָלאָניסט דערפילט אַלע זיינע התחייבותן, צו דער פּאַמפּאַ ווי צו אירע אייגנטימער, ער אַקערט טיף, בויט פעסט און — צאַלט. אָט ע ר וועט שוין באַהערשן די פּאַמפּאַ; ע ר וועט שוין ווערן דער באַלעבאָס פון זיין שטיקל באָדן, אָט פונקט ווי ער באַהערשט געווים — אַזוי שטעל איך מיר פאָר — די נישט געצוימטע פערד וואָס ער שפּאַנט איין אַקער...

אויך דאָ, אין קלאַראַ, טרעפט איר אַ חורבה אָדער צוויי, פון אַ

דעסאַלאַכירטן קאָלאָניסט אָדער פון איינעם וואָס האָט זיך, צוליב באַקוועמלעכקייט, אַריבערגעקליבן צו וואוינען אויף זיין טשאַקרע, וועלכע איז ווייטלעך פון דער גרופּע, נאָר צום אַלגעמיינעם פריידיקן און טרייסטנדיקן איינדרוק שטערט דאָס נישט.

:: :: ::

מיט דער גרופּע קלאַראַ ענדיקט זיך דער קאָלאָניזירטער באָדן פון דער איקאַ און עס הויבן זיך אָן די צען טויזנט העקטאַר נישט קאָלאָניזירטע, וואָס פריער האָט זיי געהאַלטן אין אַרענדע דער קצב און פּי־הענדלער סימקין און איצט האָט זיי אָפּגעדונגען דער „נאָרד אַמע-ריקאַנער", אַ געוויסער וואודוואָרד, אויף פּאַשע, מיט דער פּאַרפּליכ-טונג זיי אומצוקערן נאָך דער אַרענדע-צייט (דריי יאָר מיט אַ רעכט צו האַלטן זי ביז פינף יאָר) באַוואַקסן מיט אַלפאַלפאַ. סימקין איז איצט געוואָרן אַ געוואַלטיקער אידישער נאַציאָנאַליסט... נאָר דאָס איז אַ באַזונדער זאַך.

וויכטיק איז עפּעס אַנדערש:

וואודוואָרד האָט פּאַרדונגען די אַרענדירטע איקאַ־ערד צו קליינע אַרענדאַטאָרס, מערסטנס דייטשן, און נישט אויף פּאַשע, נאָר אויף אַקערן, אויף תבואות, אַז אַרענדאַטאָר איז „אַ ווינט אין פעלד", ער קימערט זיך נישט פאַר דאָס וואָס וועט זיין נאָך אים, און ער זוכט ידעריבער צו עקספּלאָאַטירן די ערד אָן שום ריקזיכט. ער זייט ווייץ, ווייל ד ע ר פּראָדוקט ווערט אַמערסטן געפּאָדערט און צאָלט זיך אַמבעסטן. אַז זיי וועלן אַוועק וועט די ערד בלייבן אָן אויסגעשעפּטע און וועט מוזן אַ פּאָר יאָר רוען.

און אַזוי ווי די דאָזיקע ערד איז באַשטימט פאַר אידישער קאָ-לאָניזאַציע, פאַר זין און איידעמס, פאַר אויסגעפּרובירטע פּעאָנעס, באַ-טראַכטן דאָס די קאַנדידאַטן אויף קאָלאָניזירט צו ווערן, אויב גאָר זיי האָבן זיך נאָך נישט אַנטוישט וואַרטנדיק אויף דער גליקלעכער צייט — אַלס אַטענטאַט אויף זייער קינפטיקער מי. און אחוץ דעם דער-ווייטערט אָט די אַרענדע זייערע האָפענונגען אויף נאָך עטלעכע יאָר.

און קאַנדידאַטן מערן זיך אין קאָלאָניע: עס וואַקסן אונטער זין

און איידעמס, פעאָנעס פאָדערן זייער רעכט קאָלאָניזירט צו ווערן, נאָך יאָרן פון ניישט דערפילטע הבטחות, און זין אַזעלכע וואָס האָבן שוין געהאַט פאַרלאָזט די קאָלאָניע זוכנדיק פּאַרדינסטן אין דער פרעמד, אַלס „באָלימטשעראָס" (קרעמער), האַפּן-אַרבעטער אין באַהיאַ בלאַנקאַ אָדער ברויט־אַגענטן, קומען צוריק אין קאָלאָניע. נישט באַפרידיקט זיינען זיי פון די נישט שטאַנהאַפטיקע פרנסות, און אַז מען לייענט אין די אידישע צייטונגען די אַנאָנסן פון דער איקאַ צו די שטאָטישע ארבעטער זיי זאָלן קומען זיך קאָלאָניזירן, זיינען זיי דאָך ביליבער...

קורץ, קאַנדידאַטן אויף קאָלאָניזירן זיך זיינען פאַראַן אַ סך (וועגן די מעגלעכקייטן פון קאָלאָניזאַציע וועל איך נאָך שמועסן) און די אייפערזוכט און די אומרואיקייט און די אנטוישונגען ביי די קאַנדי־דאַטן איז זיך פאָרצושטעלן.

און איצט, אַ קוריאָז, אויב איר ווילט, אָדער אַ ביטערער אמת, וואָס וועט אפשר פאַר אַ סך אידישע קאָלאָניסטן אין ריווערע נישט שמעקן, ווי איר ווילט אייך, נאָר אַ פאַקט און אינטערעסאַנטער:

בעת אַ גרויסע טייל אונדזערע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן קאָנט־ראַקטן מיט אַ צוזאָג אויף אייגנטום, בויען זייערע הייזער פון בלאָטע און לאָז: זיי אָפּט נישט ארומגעשמירט, נישט אָפּגעקאַלכט, נישט באַשיצט מיט ביימער פון רעגנס און ווינטן, האָבן די דייטשע אַרענדאַטאָרס ביי וואודוואָרדן, וואָס האָבן נישט „קיין איינגעטונקענע פּען" אויף זייער אַרענדע אפילו (צוליב דער יורידישער פאַרזיכערונג פון וואודוואָרדן קעגנאיבער דער איקאַ, ווי קעגנאיבער דעם געזעץ וואָס פאָדערט שטייערן), און אין בעסטן פאַל וועלן זיי דאָ אָפּזיצן פינף יאָר צייט, — האָבן אָט די דייטשע אַרענדאַטאָרס אויסגעבויט אַ ק אָ ל אָ נ י ע, מיט שיינע שטיבלעך, מיט ביימער און אין מיטן — אַ קלויסטער אויסגעשטעלט.

איר זעגט פריי צו לערנען דערפון וואָס אייער האַרץ גלוסט.

# XIV

דער פרימאָרגן האָט אַנטפּלעקט פאַר מיר די גאַנצע קאָלאָניס־טישע באַלעבאַטישקייט פון דעם ה׳ גאַווינאָסער. מאַשינעס, וועגענער, פערד, אַ ברונעם מיט אַ קאָרעטע, און טאַקע באַלד דערביי אַ קו וואָס לעקט איר ערשט געבוירן קעלבעלע; אַ וואַסער־מיל מיט אַ באַסיין אין וועלכן עס שווימען אום גאָלדענע פישעלעך. „פון דעם באַסיין האָבן מיר שוין אַמאָל געהאַט פיש אויף פּסח אויך — דערציילט מיר דער יונגער גאַווינאָסער — געשמאַקע זיסע „קאָרעסלעך". דער פאָטער מיט די זין האָבן מיך אַרומגעפירט ווייזן זייער גאָרטן. די ווײַנשל-ביימלעך פלוימען-ביימלעך און פערשקע־ביימלעך האָבן שוין געהאַט געלאָזט צוויט, נאָר די פאַרטאָגעדיקע פרעסטלעך האָבן זיי אָפּגעפרוירן און ווער ווייס צי וועט שוין היינטיקס יאָר עפּעס געראָטן. אויך די רויזן־ביימלעך וואָס שטייען ווי אַ צוים אַרום די פרוכטן־ביימער, זיי־נען אָפּגעפרוירן. געוועזן אַזעלכע שיינע רויזן פאַראַיאָרן און אַזאַ טייע־ייער איינגעמאַכץ. אויך גרינס איז פאַרזייט, נאָר ס׳איז נישט אויפ־געגאַנגען.

עס זיינען צוגעקומען שכנים, דער ה" שאַמשאַנאָווסקי און אַנ־דערע פון דער גרופּע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ גאַנץ שיינע איינ־זייטיקע גאַס און די שטיבער זיינען נישט ווייט איינע פון דער אַנ־דערער.

איך האָב אַרויפגעפירט דעם געשפּרעך אויף דער פראַגע פון אי־דישע און נישט אידישע אַרבעטער. עס איז אַ פאַקט אַז די אידישע קאָלאָניסטן נעמען נישט צו דער אַרבעט קיין אידישע אַרבעטער און אַז איינער נעמט צו זיך אַ אידישן אַרבעטער, שטעלט ער דאָס אַרויס אַלס באַזונדער נאַציאָנאַלע מצוה, אַלס „הילפס־אַרבעט פון אימיג־ראַנטן־שוץ".

— איכל אייך געבן אַ ביישפּיל — זאָגט דערויף איין קאָלאָ־ניסט. — איך האָב צוגענומען אַ גרינעם אויף צו גראָבן גריבער אויף פאָסטנס (סטויפּעס צום דראָטענעם צוים), גראָבט ער און גראָבט און

ס׳קומט גאָרנישט ארויס. ער וויל נעבעך, די הענט זיינען אים מיט בלאָטערן פארלאָפן... דער גוי וואָס ארבעט מיט מיר, האט שוין פאר דער צייט ווייס איך וויפיל גריבער אויסגעגראָבן און איך האָב שוין די פּאָסטנס פארשיט... צי אָט דארף מען שטיקן ביסקאַטשעס (אזעלכע פּאראזיטישע חיהלעך, וואָס זיינען באקאנט מיט דעם שארפן ריח פון זייער השתנה, וועלכע זיי באנוצן אלס פארטיידיקונגס-מיטל קעגן שונא). איז שוין דער גוי געניט; ער גייט צו, גיט א שטעק אריין אין לאָך אריין דעם ריסקל, הויבט אויף אביסעלע די ערד, גיט א שיט אריין דעם שוועבל און מאָמענטאל ווערט דער לאָך פארשיט איבער דעם דערשטיקטן ביסקאטשא. דער „גרינער" האָט זיך אָבער פאר קיין פאל נישט אויסגעטויגט דערצו, ער האָט נאָר אריינגעשטעקט דעם ריסקל, איז שוין דער לאָך געווען פארשיט און דער ביסקאטשא וואָלט שוין געפינען א אנדער לאָך אויף ארויסצוקריכן. איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? איך בין גרייט נעמען צו זיך א גרינעם און אים אויסהאלטן מיט עסן און טרינקען א פאָר חדשים אפילו, נאָר ארבעטן קען איך נישט מיט אים.

— אָט וועל איך אייך דערציילן — רופט זיך אָן א צווייטער — ביי מיר האָט פאראיאָרן געארבעט א איד. געקומען צו פאָרן, ער וויל ארבעטן, ער האָט שוין געארבעט, בקיצור, איך האָב אים צוגענומען. דווקא נישט קיין שלעכטער ארבעטאָרער... ארבעט ער אָפּ דעם טאָג, קומט אהיים מיט פערד און וואָגן און לויפט זיך ארומוואשן; ער האָט שוין זיין ארבעט געענדיקט. ער דארף זיין אין ריוועריא, ער דארף זיך זען מיט לאנדסלייט... נו און אויסשפאנען? און די פערד אָנטרינקען, אריינפירן זיי אין קאראל אָדער אָפּלאָזן אויף דער פּאשע? אז ער ווייסט גאָרנישט אז די שטומע בהמה האָט אויך א נשמה!... א גוי, בפרט אז איר גיט אים נאָך א האלבע ליטרע וויין צום עסן א פּאָר מאָל אין וואָך, וועט שוין די „סקאטינקע" נישט לאָזן שטיין אומגעטרונקען און אומגעגעסן... שטעל איך אים ארבעטן אינאיינעם מיטן גוי, איז ער דער מיוחס: דער ערל איז נישט קראנק, זאָגט ער, אנצולייגן מער מיט א פּאָר זעק... און דער ערל איז נאָר מבין אידיש; וואָס-זשע פאר א פנים האָט עס?...

ס׳זיינען אַפילו פאַראַן קאָלאָניסטן וואָס געדענקען אַז אויך זיי זיינען געווען „גרינע“ און זיינען אויך נישט געווען אַזוינע פויגלדיקע מאַכערס צו גראָבן גריבער, און צו שטיקן ביסקאַטשאַס, צו טראָגן זעקלעך אָדער צו לייגן סטויגן. און איינער אַ קאָלאָניסט דערציילט ווי אַזוי ער מיט דער גאַנצער פאַמיליע זיינען אַרויס דעם ערשטן מאָל אַקערן זייער טשאַקרע. מען האָט געסאָפּעט און געשוויצט און מען האָט קוים אויסגעאַקערט פינף העקטאַר פון די 150, ביז מען איז געוואָרן פּראַקטיש.

— גלויבט מיר, — זאָגט דער קאָלאָניסט — ער וועט זיך איינאַרבעטן דער גרינער, ער וועט פּראַקטישער ווערן, וועט ער ווערן אַ גוטער אַרבעטאָרער און וועט קענען זיין אַ גוטער קאָלאָניסט אויך. אָנו, פּרוּאווט גיט אים אַ טשאַקרע, אַ שטיקעלע ערד וואָס ער זאָל וויסן אַז ס׳איז זיינס. ער וועט שוין דעמאָלט אַכטונג געבן אויפן פערדס נשמה מער ווי אויף זיין אייגענער נשמה...

פון וויטן טראָגט זיך אַ קינדעריש געזאַנג פון אַ שול־לידל אין שפּאַניש, אין וועלכן עס זינגט זיך וועגן דער פרייד פון פעלד־אַרבעט. איך האָב באַמערקט אַ אינגל פון אַ יאָר צען לעבן אַ סטויג שטרוי, אַרומגיין אַרום פערד. באַלד האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער שטוב, אַ קליין אינגל מיט אַ לאַנגער בייטש.

— יאָהאַנעסל, גיי טרינקען! — האָט צו אים געשריגן די פרוי גאַווינאָסער.

יאָהאַנעסל מיטן היטל איבער די אויגן איז שוין לעבן אונדז און דערציילט עפּעס.

— אויך אַ אינגל אייערס?... וואָס־זשע עפּעס יאָהאַנעסל?... — האָב איך זיך געוואונדערט.

— אַ דייטשל, — דערקלערט מיר דער ה״ גאַווינאָסער, — די עלטערן זיינען געשטאָרבן און ער האָט זיך ביי מיר אויפגעצויגן. ער רעדט אידיש בעסער פון אַן אַנדער אידיש קינד אין שטעטל. פאַראַיאָרן שמחת תורה האָבן מיר מיט אים געהאַט... אין שול בעת מען האָט אַרונטערגענומען אַלע קינדער אונטערן טלית ביים לייענען די

תורה, האָט מען דאָך מסתמא אים נישט צוגעלאָזט, האָט ער אזוי גע־וויינט אז מיר האָבן געמיינט דאָס קינד וועט נישט אויסהאַלטן...

איך האָב מיר דערביי דערמאָנט אָנעם גאַוטש מענדל, מיט וועלכן איך האָב נאָך צוריק מיט צוועלף יאָר אין ריווערא זיך דורכגעשמועסט אין אידיש. דער דאָזיקער הויכער גוטמוטיקער גאַוטש מיט זיין קלוגן פנים, האָט אויך גערעדט בעסער אידיש ווי אַנדערע אידן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז יעדע זאַך מוז האָבן איר נאָמען אין אידיש ווי אין אַן אַנדער שפּראַך, און פון אים האָט איר שוין נישט געקענט הערן אזא פּראַזע ווי „פּאַרטרייבן דעם פּאַטראָ מיט דער זשענגווע אין קאָראַל", און אפילו אין דער מאַמען אריין האָט ער געאָזגט מיט דעם עכט־אידישן נוסח...

היינט זיינען שוין פאַראַן אין ריווערא א סך גויים וואָס רעדן אידיש, בעת די ריווערער אידישע קינדער רעדן אידיש שווערלעך און נישט נאַטירלעך, די אידישע פראַזן קומען ארויס ווי איבערגעזעצט פון שפּאַניש און די אידישע ווערטער קומען ארויס מיט א היזיקן אַקצענט, פאַרבייטנדיק די וו' אויף א ב', די צ' אויף א טש', פאַר־שלינגענדיק די ס' און ארומגייענדיק די ש' מיט אַן עין סמך. פון דער יוגנט שמועסט מען נישט, אַז שפּאַצירנדיק אין די אָוונטן איף דער ריווערער פּלאַרידאַ, די גאַס וואו דער „גאַלפּאָן" געפינט זיך, פלירטעוועט זי אויף שפּאַניש, הויך און דעמאָנסטראַטיוו, אריבער־שרייענדיק איינער דעם צווייטן.

זאָלן זיך אַנדערע טייטשן פון דער דערשיינונג וואָס זיי ווילן, אפילו דעם „פּראָגרעס פון דער קולטור" צווישן דער ריווערער יוגנט: איך האָב דערין געזען פון איין זייט: דאָס אריינוואַקסן זיך פון די גישט אידישע ארבעטנדיקע עלעמענטן אין דער קאָלאָניע אריין, זייער צופּאַסן זיך צו דער סביבה אין וועלכער זיי וואוינען, אויף וויפיל, פאַרשטייט זיך, זיי זיינען געצוואונגען דערצו דורך דער פעסטקייט און שטמאַנדהאַפטיקייט פון דעם אידיש־קאָלאָניסטישן אייגנאַרט און פון דער אַנדערער זייט, דאָס ארויסוואַקסן פון דער קאָלאָניסטישער

שטעטלשער יוגנט פון דער קאָלאָניע ארוים, צו עפּעס ווייטס און פרעמדס, צו ווינטיקס און הויל־קלינגענדיקס.

## XV

נאָך דעם זעלבן טאָג האָב איך חשק געהאט ארויסצופאָרן אויף דעם צווייטן פּאַליוס פון דער ריוועראער פּאַדקאָווע, באַזונדערס צו דער קאָלאָניע לאַפּין, וועלכע בילדעט געאָגראפיש א טייל ריווערא און רופט זיך אָן אָפיציעל פּיליפּסאָן נומער 3; נאָר ווירטשאַפטלעך און קולטורעל האָט זי איר אייגענע געשיכטע און איר אייגענעם כאַראַקטער. איך האָב אָבער געהאַט א קאָמפּראָמיס מיט דער לייטונג פון דער ריווערער קאָאָפּעראַטיווע, „סאָסיעדאַד גראַנכעראָס אונידאָס", וועלכע האָט מיך בריוולעך פאַרבעטן צו א זיצונג אויף פרייטיק און אויף מיין ביטע איז זי אָפּגעלייגט געוואָרן אויפן צווייטן טאָג, אויף שבת דעם 18־טן אָקטאָבער.

געקומען בין איך אין שטעטל מיט דעם אויטאָמאָביל פון דעם ה' שאַמשאַנאָווסקי, וועלכן עס האָט געפירט זיינער א אינגל פון א יאָר 14. איך מוז אים דאָ מאַכן א קאָמפּלימענט, דער וועג אין די קאָלאָניעס איז נישט אַזוי גלאַט און ברייט ווי ביי אונדז אין בוענאָס איירעס דער שפּאַציר־וועג צו טיגרע: אַט פאַלט ער איין און אַט הויבט ער זיך אויף, דאָ דאַרף מען אויסמיידן א גראָבן און דאָ א צו שטאַרקן משופּע, און אַט שלעפּט זיך נאָר פון פאָרענט א פור צי גאָר א מחנה פערד אָדער קי און קעלבער בלאָנקען איבערן וועג און מען דאַרף זיי געבן צו פאַרשטיין מיט דעם פייפער זיי זאָלן זיך היטן. זאָל שוין דאָ געזאָגט ווערן אַז די פירלעך וואָס קומען אָן אַנטקעגן, מעגן זיי זיין ווי אָנגעלאָדן און ווי שווער, טרעטן אָפּ דעם וועג פאַר דעם אויטאָמאָביל. פורען, צווישן זיך, האָבן אַנדערע כללים פון עטיק; די לייכטער געלאָדענע טרעטן אָפּ דעם וועג פאַר די שווערער גע־לאָדענע. איך האָב ביי זיך נישט געקענט פועלן אַז דאָס זאָל זיין א צינז פון כבוד מצד דעם פּלעבעאישן וואָגן פאַר דעם אַריסטאָקראַ־טישן אויטאָמאָביל, אָדער פון דעם אַלטן הכנעהדיקן פערד־און וואָגן פאַר דעם מאָדערנעם חוצפּהדיקן און שרייעדישן אויטאָמאָביל: גיכער,

האָב איך מיר געטראַכט, איז עס אַן אויפמערקזאַמקייט פון דעם אַלטן געניטן לעבעדיקן גייער צו דעם נייעם און אומבאַהאָלפענעם מעכאַנישן לויפער אויף יענע נישט גלייכע וועגן...

היינט איז שבת. אין דעם אידישן שטעטל ריווערא איז אָבער דערפון קיין סימן נישט צו זען; די קלייטן זיינען אַלע אָפן, פונקט ווי אינדערוואָכן, מען זעט נישט קיין שבתדיקע אידן מיט די טליתים אונטער די בעקעשעס, אָדער אינגלעך וואָס טראָגן נאָך די טאַטעס די טלתים אין די שבת־יומטובדיקע טלית־זעקלעך. ריווערא איז אַ פרייגעזאָגנען שטעטל. ערשט מאָרגן, זונטיק, וועט זיין יום טוב, וועט מען פאַרמאַכן די קלייטן; וועלן זיך מענער אויספוצן אין די שוואַרצע אַנצוגן אָדער אין די העלע זומערדיקע, מיט די פרילינגדיקע נייע שטרויענע הוטן און פרויען און פריילינס — אין זיידנס לויט דער לעצטער שטאָטישער מאָדע און מען וועט פאָרן צו גאַסט, ווער אין אַ „סולקע" (אַ לייכט וועגעלע מיט איין פערד געשפאַנט) און ווער אין אַן אויטאָ, און אויפנאַמעס וועלן געמאַכט ווערן מיט קאָנדי־טעריי, מיט איינגעמאַכצן פון כל המינים און מיט ליקאָרן, מיט קאַ־ליפאָרניער עפּעל און באַרנעס „דיושעס", מיט ראָזשינקעס און מאַנד־לען... פרויען וועלן ריידן פון בוענאָס־איירעס, פון קליידער און פון דאָקטוירים און מענער וועלן זיך פילן נישט באַקוועם יעדער לעבן זיין באַשערטער, און וועלן העפלעך שמייכלען און רויכערן ציגאַרעטן, ביז איינער וועט זיך ענדלעך אָננעמען מיט מוט און אַרויסגיין אַביסל אינדרויסן און נאָך אים די איבעריקע און וועלן פאַרפירן זייער שמועס וועגן וועטער (אין קאָלאָניע איז דאָס וועטער אַ גאַנץ ערנסטע טעמע, ס'איז אַ לעבנס אינטערעס) און וועגן דער קאָסעטשע...

דאָס אַלץ וועט זיין מאָרגן; היינט, שבת, זיינען ריווערער פרויען און פריילינס פאַרנומען מיט שטוב־אַרבעט אָדער העלפן די מענער און די טאַטעס אין די קראָמען, און באַווייזט זיך אַ ריווערער מיידל אין גאַס, לויפט זי דורך, פאַרשטעלט און פאַרהיט דאָס פנים מיט דעם ווייסן שלייער פאַר דעם שטויב. זאָלן מיר אַנטשולדיקן די ריווערער פריילינס וואָס איך ווייס נישט ווי אַזוי עס רופט זיך אָן דאָס דאָזיקע ווייסע געוועב, וואָס זיי טראָגן אויפן קאָפּ ביים אַרויסגיין אין גאַס און וואָס מאַכט זיי אַזוי ענלעך צו אַמאַזאָנקעס. איך בין

גרייט אָנצורופן אָט דאָס כאַראַקטעריסטישע ריוועריער קאָפּ-צירונג (אַמאַזאָנקאַ" אין רוסיש אָדער „אַמאַסאָנאַ" אין שפּאַניש, פון אייער כבוד וועגן, אויף רוסיש אָדער שפּאַניש דערצויגענע ריווערער דאַמען און סעניאָריטאַס!..

ריווערא איז קיינמאָל ניט געווען קיין פרום שטעטל. איך געדענק אַז צוריק מיט צוועלף יאָר, ווען איך האָב אַלס איקא לערער געהאַט שבת־רו, פלעג איך אַרומגיין איינער אַ שבתדיקער צווישן אַן עדה וואָכעדיקע אידן. און איך געדענק ווי שניידנדיק אַמאָל אין אַ שבת איבערן פעלד פונעם שטעטל אַרום צו דער קאָלאָניסטישער גרופּע „פּערווע" (אויף רוסיש — די ערשטע), האָט מיך איבעראַשט צו זען ווי אַן עלטערער איד טרייבט אַ פערד אויף דער פּאַשע אַרויף מיט זיין שבתדיקער פּאָלע. „אַ לעצטער מאָהיקאַנער" — האָב איך נאָך דעמאָלט געטראַכט, און האָב אַנאַליזירט מיין אייגענע לאַגע אַלס אידישער לערער אין ריווערא ביי דער איקא, וואָס איר פּראָגראַם פון אידישע למודים באַשטייט פון „מודה אני" און „קריאת שמע" אויף שפּאַניש און וואָס איר אָפיציעלער טעקסט פון געשיכטע, פאַרפאַסט פון דעם דירעקטאָר קאַזעס, אויך אין שפּאַניש, הויבט זיך אָן מיט שבת.

עס זעט אויס, אָדער אַז אַלע אידישע לערער ביי דער יק"א האָבן געפעלשעוועט אין דער אָפיציעלער פּראָגראַם אַזוי ווי איך, אָדער אַז דער גייסט פון פרייקייט וואָס איז געבראַכט געוואָרן קיין ריווערא פון די דרום־אוקראַיינישע שטעט און שטעטלעך און געהערשט אין די פאַמיליעס, איז שטאַרקער געווען פון דער יאַהודימשער קולטור וואָס די איקא מיט דער הילף פון איר גייסט־פאַרבינדעטער „אַליאַנס איזראַעליט" האָבן דאָ געפּרואווט איינפּלאַנצן.

אָך, יאָ: ריווערא איז איצט אַ ציוניסטיש שטעטל.

נעכטן, — דערציילט מען מיר — האָט מען דאָ געגעבן די בילדער פון ארץ ישראל אין קינעמאַטאָגראַף צום גונסטן דעם נאַציאָנאַל־פאָנד, און דאָס שטעטל איז געווען אָנגעציקט פון יעדער בוימעלע און פון יעדער צוויג וואָס מען האָט דאָרט געוויזן און פון דער גימנאַסטיקע וואָס די „מכבים" מאַכן... אין קאַרלסבאַד, און... האָבן געגעבן געלט.

ריווערא אַליין האָט נישט קיין אידישן גימנאַסטישן קלוב. רי־

וועראַ, די אידישע קאָלאָניע, האָט נישט קיין בוימער אַרום די הייזער: זי לעבט מיט דעם נחת פון אַ פאַרפלאַנצטן ביימל אין הערצל־וואַלד און פון דער ציג וואָס איז צוגעקומען צום ביודזשעט פון אַ אידישער קאָלאָניע אין גליל.

די ציוניסטן מעגן זיך איבערנעמען: זיי האָבן ביי די ריוועראַער קאָלאָניסטן און שטעטלשע אידן פאַרמיאוסט דעם „נמאסן גלות" און אריבערגעטראָגן זייער גערדאַנק קיין ארץ ישראל...

אָט דאָרט איז שיין — זאָגט מיר אַן אַלטער איד — נישט אַזוי ווי ביי אונדז...

ווייסן די ציוניסטן וויפיל שאָדן זיי ברענגען די אידישע קאָלאָניעס אין אַרגענטינע מיט זייער פאַרנימעסן דעם גלות"? וויפל שייגקייט ס'ווערט אַ דאַנק זיי נישט אַרויסגעבראַכט אין די אידישע קאָלאָניעס און וויפל יוגנט און קראַפט עס גייט פאַרלוירן אָן נוצן פאַר זיך און פאַר דער געזעלשאַפט?

ריוועראַ האָט ציוניסטן, נאָר ריוועראַ האָט נישט קיין איין נאַטוראַליזירטן בירגער און אין דער פּאָליטיק פונעם לאַנד האָבן זיי קיין ווירקונג נישט, ריוועראַ איז אַ אידיש שטעטל מיט אַ סך אינ־טעליגענטע „פירער", נאָר ריוועראַ ווערט פאַרוואַלטעט פון דעם ווייטן שכנישן שטעטל קאַרוע, וועלכע שיקט אַהין אריין איר „דעלעגאַט", איר אַפּוטרופּס, גלייך ריוועראַ, מיט איר גאַנצער קאָ־מערציעלער און ווירשאַפטלעכער באַדייטונג, וואָלט געווען אַ ישוב פון מינדעריעריקע, פון אומפאַראַנטוואָרטלעכע.

דאָס איז ציוניזם! ריוועראַ איז היינט ציוניסטיש!...

אָט דאָס איז די היינטיקע ריוועראַ פון די פּראַקטישע אינטע־ליגענטע אידן פון דרום רוסלאַנד, וועלכע האָבן צוריק מיט 18 יאָר פאַרשטאַנען צו פאָדערן ביי דער יק"אַ אויטאָנאָמע פאַרוואַלטונג!..

די פּראַקטישע ריוועראַ!

און אַז ריוועראַ איז ציוניסטיש, איז זי דאָך ממילא שטאַרק בייז און אויפגעבראַכט אויף די „יעווסעקן" פון רוסלאַנד, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט די אידישע רעליגיע...

הייסע וכוחים האָב איך געהאַט מיט אַ טייל יונגע קאָלאָניסטן פון ריוועראַ מכח דעם ענין...

די פרומע ריוועראַ!

# XVI

די קאָמיסיאָנס־זיצונג אין דער קאָאָפּעראַטיווע, צו וועלכער איך בין פאַרבעטן געווען, איז פאַרופן געוואָרן מיט דעם צוועק פאָרצו־בארייטן א גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער, אויסאַרבעטן דעם טאָג־אָרדענונג א. א. ווי די קאָמיסיאָן האָט געפונען פאַר וויכטיק אַז אין מיין אָנוועזנהייט זאָל אַביסל דורכגעלופטערט ווערן דער מהות פון דער ריוועריער קאָאָפּעראַטיווע, וועלכע האָט אַזוי פיל קעגנער צווישן די קאָלאָניסטן און וועלכע איז אָנגערופן געוואָרן אין „די פּרעסע” אין אַ לייט אַרטיקל בנוגע דער פאַרזאַמלונג פון 16-טן אָק־טאָבער — אַ קאָאָפּעראַטיווע פון בעלי־גופן. די קאָמיסיאָנס מיטגלידער דער פּרעזידענט, ה׳ פּיראָצקי, דער וויצע, אַזוי דוכט מיר, ה׳ מע־לאַמעד און באַזונדערס דער הער בראָדסקי האָבן מיר גענומען איבער־צייגן אַז דאָס איז נישט אַזוי; וואָרום שוין דער פאַקט פון דער קאָאָפּעראַטיוועס עקזיסטענץ און דאָס וואָס זי פאַרעפנטלעכט די פּרייזן אויף די אַרטיקלען וואָס זיינען ביי איר פאַראַן צום פאַרקויפן, צווינגט די קרעמער צו שטעלן די זעלבע פּרייזן, פאַרשטייט זיך, ווען זיי פאַרקויפן פאַר מזומן. אויך איז עס נישט די שולד פון דער קאָאָפּעראַטיווע וואָס אירע מיטגלידער זיינען אַזוי קליין און גראָד פון די פעסטשטייענדע קאָלאָניסטן; די טירן פון דער קאָאָפּעראַטיווע זיינען אָפן פאַר יעדן קאָלאָניסט און זיי פאַרשטייען נישט פאַרוואָס זאָל די קאָאָפּעראַטיווע נישט קענען זיין אַלעמענס און טאַקע אויך דער אָרגאַן פון דער קאָלאָניע, ווי דאָס איז דער פאַל מיט דעם פּאַנ־דאָ קאָמונאַל אין קאָלאָניאַ קלאַראַ, מיט דער סאָסיעדאַד אַגריקאָלאַ איזראַעליטאַ פון ליוסענוויל, מיט דער מוטואַ אגריקאָלאַ אין מאָזעס־וויל, און אַנדערע.

בייוועזנדע מיטגלידער, אָנהענגער פון דער נייער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע וואָס איז געשאַפן געוואָרן דעם 16-טן אָקטאָבער, האָבן אָנגעוויזן אַז די קאָאָפּעראַטיווע קען נישט זיין דער אָרגאַן פון דער קאָ־לאָניע, מחמת אין אירע סטאַטוטן האָט זי אויסגעשלאָסן דאָס אויפנע־מען פּראָבלעמען אויסער די ריין קאָמערציעל־ווירטשאַפטלעכע, בעת די קאָלאָניע האָט ברענענדע פּראָבלעמען צו לייזן, ווי, די קאָלאָניזאַ־

ציע פון די זין, דאס רעגולירן די צאלונגען צו דער איקא, די פאר־טיידיקונג קעגן דעסאלאכאס, די פארוואלטונגס־פראגע און אנדערע פראגן פון קאלאניסטישער סאלידאריטעט און פון מאראלישן ווערט פאר דער קאלאניע.

צווייטנס האט דער ענין קאאפעראטיווע אין ריווערא א שלעכטע פארגאנגענהייט: אומפעהיקייט, שפעקולאטיווע און אויך אייגננוץ־אפעראציעס פון אייניקע פירער האבן געפירט די פריערדיקע אלגע־מיינע קאאפעראטיווע צום באנקראט.

דא זיינען דערמאנט געווארן א גאנצע רייע פון אזעלכע אפע־ראציעס וואס זיינען געמאכט געווארן בעת דער ערשטער קאאפערא־טיווע. עס איז דערמאנט געווארן דעם זעלבן בראדסקיס (ווען ער איז געוועזן איר פרעזידענט) א שפעקולאציע מיט ווייץ וועלכער איז פארקויפט געווארן אויף א זייער נידעריקער פרייז, פארשאפנדיק שאדן דער קאאפעראטיווע ווי די מיטגלידער, עס איז דערמאנט גע־ווארן אן ענלעכע „סדיעלקע" מיט האבער (אין ריווערא ווארפט מען אפט אריין רוסישע ווערטער. „סדיעלקע" — קאמערציעלע אפערא־ציע) פון ה' א. שליאפאקאוו, בעת ער איז געוועזן פרעזידענט. עס זיינען דערמאנט געווארן מאטל טשארנים מאכינאציעס. האבנדיק, למשל, זעק אויף א ביליקער פרייז וואס די קאאפעראטיווע האט באקומען פון דער רעגירונג, האט ער זיי פארהאלטן בכיון כדי די קרעמער זאלן קענען נעמען זייער פרייז.

אלס מניעה ווערט אויך אנגעגעבן דאס וואס די קאלאניע איז זייער א צעווארפענע און האט נישט קיין צענטראלן פונקט וואו עס זאלן צונויפגעפירט ווערן די תבואות אין איין לאגער; די קאלאנים־טישע גרופעס האבן יעדערע כמעט איר נאענטע באן סטאנציע. ארום ריווערא גייט די פאסיפיק־ליניע און די דרום־ליניע, (הײנט שוין פאריייניקט אין יענעם פונקט), א חוץ אפצווייגונגען. אזוי באדינען די ריווערער גרופעס, די סטאנציע אראטא, מאקאטשין, ראלאן, הוער־גא, ריווערא זעלבסט אדער באראן און די קאלאניע לאפין ווערט שוין באדינט פון עגיזא, וועלכע שטייט אויף דער ליניע פון באהיא בלאנקא.

אנדערע האלטן דאס אפילו פאר א מעלה, ווייל אזוי ארום איז

פאראַן ווייניקער מעגלעכקייטן פאר שפעקולאציע, וואָס דאָס איז דער גרעסטער אומגליק פאר אַ קאָאָפּעראַטיווע. אַ סוחר, אַז ער „ברעכט דעם קאָפּ", שאַדט עס אים נישט ער זאָל אויפן צווייטן יאָר ווידער האַנדלען. אַנדערע סוחרים ווערן אפשר נאָך רייכער נאָך אַ שלעכטער אָפּעראַציע, זיי שטעלן צו די ביכער אין קאָמערץ־געריכט און זיינען פּטור פון צאָלן אָדער זיי גלייכן זיך. אַ קאָאָפּעראַטיווע קען נאָך אַזאַ אָפּעראַציע יאָרן לאַנג צו זיך נישט קומען און באַנקראָטירט זי, אַזוי לאָזט זי איבער נאָך זיך אַ פלעק אויף דעם קאָאָפּעראַטיוון וועזן בכלל.

ריוווערא האָט געהאַט דאָס אומגליק, אַז איר ערשטע קאָאָפּעראַטיווע זאָל מאַכן שלעכטע געשעפטן, שלעכט אין פאַרשידנסטן זינען, ווי איך האָב שוין פריער דערציילט, און האָט אויך געליטן אַ באַנקראָט פון וועלכן זי קען זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג נישט אָפּוואַשן און נישט אויסצאָלן.

דער באַנקראָט פון דער קאָאָפּעראַטיווע און באַזונדערס איר ליקווידאַציע, וואָס האָט זיך נאָך ביז היינטיקן טאָג נישט פאַרענ־דיקט — און ווער ווייסט ווען זי וועט זיך פאַרענדיקן און וויפיל זי וועט נאָך קאָסטן דער קאָלאָניע, — איז דאָס פּאַסטומע ווערק פון די צוויי פאַרשטאָרבענע גדולים פון דער קאָלאָניע, מאָטל טשאַרני און געסניעראָוו. אָט די פאַרזאָרגער פון דער קאָלאָניע האָבן אָפּגעמאַכט מיט די מאָנער צו צאָלן 15 פּראָצענט פון זייער חוב. אויף צו צאָלן דעם חוב האָבן די ליקווידירער גענומען דאָס געלט בא דער יק"א, און אָט דעם נייעם חוב צוזאַמען מיט דעם פריערדיקן וואָס די קאָאָפּעראַטיווע איז שולדיק געבליבן דער איקא און האָט צוזאַמען באַטראָפן ביי די 340 טויזנט פּעזעס (די עקזאַקטע ציפערן זיינען מיר אומבאַקאַנט) האָבן זיי געדעקט מיט וועקסלען וואָס זיי האָבן צו־זאַמענגענומען ביי די קאָלאָניסטן. ווי מיר איז באַוואוסט, האָט די איקא ביז היינטיקן טאָג איינגעמאָנט פון די וועקסלען אַן ערך פון 27 טויזנט פּעזאָס, די איבעריקע וועקסלען זיינען פאַרעכנט אויפן חשבון פון די קאָלאָניסטן וואָס האָבן זיי אונטערגעשריבן און עס וואַקסט אויף זיי פּראָצענט אין די גראָבע איקא־ביכער.

אינטערעסאַנט איז נאָך איין זאַך: אַזוי ווי די צוויי ליקווידאַ־

מאָרם האָבן נישט געקענט אָדער געקענט אָדער עס האָט זיי נישט גע־פּאַסט נעמען זייער שכר טרחה פון דעם מזומנעם געלט, וואָס די איקא האָט אויסגעליען, האָבן זיי פאַר זיך צוגענומען די מער בטוח־דיקע וועקסלען און טאַקע באַלד זיי איינגעמאָנט.

דאָס טרויעריקע דערביי איז דאָס וואָס די קאָלאָניע ווייסט אפילו נישט דעם חשבון וויפיל זי איז שולדיק פאַר דער קאָאָפּעראַטיווע, זי ווייסט נאָר אז זי איז צוליב איר פאַרשולדיקט און אז אַ ריווערער קאָלאָניסט הערט דאָס וואָרט קאָאָפּעראַטיווע, גיט ער אַ מאַך אַוועק מיט דער האַנט; ווייס איך, נישטאָ פון וואָס צו רעדן...

פריי פון דער דאָזיקער שרעק פאַר קאָאָפּעראַטיווע, זיינען דע־ריבער די בעסער־שטייענדע קאָלאָניסטן אָדער די „בעלי־גוף" ווי איך האָב זיי אָנגערופן, וועלכע האָבן שוין לאַנג אָפּגעצאָלט די באַרימטע וועקסלען אין דער יק"אַ, און אויך אַזעלכע, וואָס זייערע איבערצייי־גונגען וועגן דעם נוצן פון אַ קאָאָפּעראַטיווע פאַר דער קאָלאָניע זענען שטאַרקער פון דער מורא־קראַנקהייט וואָס דער באַנקראָט פון דער ערשטער קאָאָפּעראַטיווע האָט אַרויסגערופן אין קאָלאָניע.

— איך האַלט פון דעם האַמעאָפּאַטישן מעטאָד פון היילן. די מורא פאַר קאָאָפּעראַטיווע אין ריווערא דאַרף מען היילן מיט קאָאָפּע־ראַטיווע, מיט דערפאָלגרייכער קאָאָפּעראַטיווער אַרבעט — אַזוי האָט מיר געענטפערט איינער פון די נישט בעלי־גופישע קאָלאָניסטן, וואָס איך האָב אים אויסגעדריקט מיין פאַרוואונדערונג, וואָס איך זע אים פיגורירן אין דער פאַרוואַלטונג פון דער קאָאָפּעראַטיווע, וואָס כמעט די גאַנצע קאָלאָניע איז קעגן איר.

ריידנדיק וועגן קאָאָפּעראַטיווע אין ריווערא, מוז מען אויך דער־מאָנען אַ צווייטע אינסטיטוציע ענלעך אויף אַ קאָאָפּעראַטיווע, וועל־כע עקזיסטירט אין ריווערא. דאָס איז די „ליגאַ גאַנאַדערא אַגרי־קאָלאַ", וואָס איר גרינדער און שטענדיקער פּרעזידענט איז אַראַנאַ, דער פּריץ וואָס דינגט אָפּ ביי דער יק"אַ אירע ליידיקע פעלדער אויף פּאַשע און פאַרדינגט זיי טאַקע צו די ריווערער קאָלאָניסטן. מיטגלי־דער פון דער אינסטיטוציע זיינען מערסטנס די אַרענדאַטאָרס וואָס האַנדלען אויף פאַרשידענע אויפנים מיט דעם דערמאָנטן פּריץ. פון

די אידן זיינען דאָס מערסטנס די וואָס פירן אַ סוחרישע קאָלאָני־זאַציע אויף אראנאַס איקא־פעלדער.

פאַרשטייט זיך, אַז די דערמאָנטע קאָלאָניסטן, און דאָס זייַען גראַד די וואָרט־זאָגער אין קאָלאָניע גייט ניט שטאַרק אָן די עקזיסטענץ פון אַ ריין קאָלאָניסטישער קאָאָפּעראַטיווע.

דער סך הכל איז: אין ריווערא זיינען ווירטשאַפטלעך־קאָמערציעל אָרגאַניזירט די רייכערע קאָלאָניסטן, צי זיי אַרבעטן בלויז די אייגענע טשאַקרעס אָדער זיי דינגען נאָך צו פרעמדע. די ערשטע אין דער „סאָסיעדאַד קאָאָפּעראַטיוואַ גראַנכעראָס אונידאָס" און די צווייטע — אין „ליגאַ גאַנאַדעראַ אַגריקאָלאַ" אָדער אין ביידע. דער דורכשניטלע־כער און דער אָרעמער קאָלאָניסט איז נישט אָרגאַניזירט קאָמערציעל־ווירטשאַפטלעך.

אפשר וועט די איצטיקע אָרגאַניזאַציע וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין ריווערא אויף צו לייזן די פאַרשידענע קאָלאָניסטישע פּראָבלע־מען, אויפהויבן פון דער דאַזיקער שפלות — די פרוכט פון אנטווישונג און אָפּגענאַרטקייט אין די „פירער" — דעם ריווערער דורשניטלעכן און אָרימען קאָלאָניסט און אים אָנווייזן אויך אויף דער נויטווענדי־קייט צו האָבן זיין קאָאָפּעראַטווע.

## XVII

זונטיק. הושענה־רבא.

נאָך דער באַשרייבונג פון אַ ריווערער שבת, איז אזא דאַטום ווי הושענה־רבא פאַר רייזע איינדרוקן פון ריווערא — אַ דיסאָנאַנס. איך אייל מיך דעריבער צו דערקלערן, אַז כאָטשע געאָגראַפיש געפין איך מיר אויף דער טעריטאָריע פון ריווערא, בין איך אָבער קולטורעל אָדער בעסער געזאָגט, לעבנשטייגעריש דעם זונטיק אריינגעקומען אין גאָר אַן אנדער סביבה, אין קאָלאָניע לאַפּין (פיליפּסאָן נומער 3). איך בין אריינגעקומען פון פאַרוואָכעדיקטן יום־טוב אין יום־טובדיקער וואָך.

נאָר לאָמיך נישט שפּרינגען. אויפן וועג קיין לאַפּין האָב איך באַזוכט גאַנץ אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע ערטער, וואָס

ס'איז מיר א שאָד נישט צו פאַרצייכענען מיינע איינדרוקן פון זיי.

אויפגעזעצט זיך אין אויטאָמאָביל האָבן מיר גאַנץ פרי, איך און מיינע באַגלייטער, די ה"ה כאַווקין, קאַטאַשינסקי און משה אליהו קאַזאַקעוויטש, וואָס זיינער איז דער אויטאָמאָביל, און וואָס אים האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין פרוכטבאַרע נסיעה איבער די ריווערער קאָ־לאָניסטישע גרופּעס, — דאָס איז א יונגער־מאַן א גבר, איך וואָלט געזאָגט פון דער קאָלאָניסטישער לייב-גוואַרדיע. איז א קאָלאָניסטי-שער זון און א קאָלאָניסטישער איידעם און אין זיין קאָלאָניסטישער קאַריערע גייט ער אויפן וועג פון די ערשטע צוויי: ער אַרבעט ברייט, אינטערנעמעריש, דינגט צו א קאַמפּ ביי אַראַנאַ און וועט אַמאָל זיין פון די גאָר ברייטע קאָלאָניסטן. אויפגעזעצט זיך און אוועקגעיאָגט אויף דעם צווייטן עק ריווערא, אויף דעם וועג פון הוערגאַ, כדי צו באַזוכן די טשאַקרעס פון נומער 6, באַזונדער די טשאַקרע פון בער־נאַרדאָ גאָרער, וואָס איך האָב זי שוין דערמאָנט אין איינעם פון די ערשטע קאַפּיטלען.

פאַרזונקען אין גרינס און שאָטן שטייט די שטוב אויף א הע־כערן אָרט. ביי דער שטוב א פרוכטגאָרטן. אָט ממש ווי ס'זאָגט זיך דאָרטן: „כרם היה לידידי". א גאָרטן האָט בערנאַרדאָ גאָרער, אויף חידושים צו קוקן; רינגלען אים אַרום לאַנגע אַלייען געשטרעקטע טאָ־פּאָליע־ביימער, פאַרפלאַנצט אויפן שנור, אַזוי אַז ווען איר שטעלט זיך אַוועק ביים ערשטן בוים, זעט איר נישט מער ווי דעם איינעם, און אין מיטן האָט איר ביימלעך פון די פאַרשידנסטע פרוכטן, געפלאַנצט און אָפּגעהיט לויט אַלע כללים פון דער גאָרטן־ווירטשאַפט, און אויף צעאַקערטע בייטן שפּראָצן שוין אַרויס גרינסן אַלערליי, וואָרום א וואַסער־מיל גיט זיי וואַסער גענוג וואָס צעפליסט זיך איבער די גראָ־בנס און איבער די בייטן, און אַלץ וואָס דער דאָזיקער קאָלאָניסט טוט, איז מיט מזל, זיין גאָרטן בליט, זיינע טשאַקרעס — צוויי האָט ער, אויסגעצאָלטע — גיבן שטענדיק מער ווי אַנדערע, קיינעם איז ער נישט שולדיק, און טובות טוט ער, ווייל ער איז א מענטש מיט א גוט האַרץ און אָנגעשלאָסן האָט ער זיך שוין אין דער נייער קאָלאָ-ניסטישער אָרגאַניזאַציע, אלס קאָמיסיאָנס-מיטגליד, מיט זיין גאַנצער תמימות, אָן שום זייטיקע פניות, וואָרום: טאָקע, מיט אַן אמתן, וואָס

הייסט מען באפעלט פון פאריז ניט צו פארדינגען אידן קיין רעזערוו־
ערד אין א אידישער קאָלאָניע און די גויים גייען שוין ארום איבערן
שטעטל און בארימען זיך אז מען וועט אלע אידן אראָפּוואַרפן פון די
טשאקרעס און מען וועט די טשאקרעס פארדינגען נאָר צו גויים...
און טאקע מיט אן אמתן, וואָס וועט זיין מיט די גרינע וואָס נישט
מען קאָלאָניזירט זיי, נישט זיי קענען קריגן ארבעט און עס ווערט
מיט זיי געמאכט אזעלכע קאָמבינאציעס און מאכינאציעס דורך לייבל
סיגאל און דעם אדמיניסטראַטאָר, ד. ה. דורך דעם סוב־קאָמיטעט פון
אימיגראנטן שוץ פאריין, אין וועלכן ער איז אויך א מיטגליד, אז עס
פלאמט אים דאָס פנים פאר בושה און אז ער האָט אנומלטן געזען א
דאנק־אויסדרוק פון אן אימיגראנט אין דער צייטונג, האָט ער נישט
געוואוסט וואו אהינצוטאָן זיך... און וואָס מיט אן אמתן וועט זיין מיט
די קאָלאָניסטישע זין און איידעמס...

אָט דאָס איז בערנאַרדאָ גאָרער, וועלכער איז אונדז ארויסגעקו־
מען אנטקעגן און זיין פרוי די ווירטן, פון וועלכער עס הויכט מיט
לעבן און ענערגיע און מיט אומדערמידלעכער ארבעט. זיי האָבן אונדז
ארומגעפירט און געוויזן מיט באזונדער ליבשאפט יעדע פלאנצונג.
האָבן דערציילט אז ביי זיי איז געווען צו באזוך דער איקא־אגראָנאָם
צבי און זיין פרוי און ער איז ארויס פון זיין גאָרטן אן אַנטציקטער.

— אזעלכע קאָלאָניסטן זיינען פאראן נישט קיין סך, נאָר ס'איז
פאראן. אָט טאקע אין דער געגנט. א שאָד וואָס מיר קענען נישט צו־
פאָרן צו מילערן, — האָט מיר געזאָגט איינער פון מיינע באגלייטער.

פון דאָרט האָבן מיר זיך פארנומען מיטן אויטאָמאָביל דורך פי־
ליפּסאָן נומער 2 (אזוי דוכט מיר). די דאָזיקע גרופּע האָט אויף מיר
געמאכט א באזונדערן איינדרוק מיט איר אויסזען פון א פריילעכן
יומטובדיקן „פּאסיאלאָק" (ישוב). די הייזער נישט ווייט איינע פון
די אנדערע. געבויט אין צוויי שורות, אויף א הויכן אָרט און אזוי
אויפגערוימט, פריילעך שפּילנדיק מיט דער זון. אין די הויפן —
ארומגעשמירטע, אויפגערוימטע, דאָרפישע בנינים, א קורניק, א סאַ־
ראי, א קעלער... וואָס קאָקעטירן מיט זייער יונגקייט און נייקייט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן דער גאס ביי איינעם אזא
הויף, ביים קאָלאָניסט פינקעלשטיין. איינער פון מיינע באגלייטער,

דער ה׳ כאַווקין, וועלכער איז אַ קאָמיסיאָנס־מיטגליד פון ריווערער שפּיטאָל, איז דערווייל צוגעגאַנגען צו אַ צווייטן קאָלאָניסט, צום ה׳ אָראָנאָוו, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט אַ שעפּעלע אויף אַן אַסאַדאָ צום דערעפענונגס יום־טוב פונעם שפּיטאָל, און מיר זיינען דערווייל אַריינגעגאַנגען אין שטוב. זעט זיך אָן אַז אין דער שטוב זיינען פאַראַן טיכטיקע פרויען־הענט, אַ באַלעבאָסטע אָדער מיידלעך וואָס דינען געטריי דעם קולט פון זויבערקייט און אויפגעראַמטקייט. אינעם גאָרטן וואָס הינטער דער שטוב האָב איך פון צווישן די הויף־בנינים געהאַט באַמערקט אַ פרויען־פיגור און עס האָט, זיך מיר געגלוסט אָפּגעבן איר אַ ברייטן גוט־מאָרגן און אויסשיטן פאַר איר אַלע מיינע קאָמפּלי־מענטן וואָס האָבן זיך ביי מיר אָנגעזאַמלט אויף איר חשבון.

אין שטוב אויף אַ וואַנט, צווישן בילדער און אויסנייעכצן איז געהאַנגען אַן ערן־דיפּלאָם פון אַן אַגריקולטור און אינדוסטריע־אויס־שטעלונג. דאָס האָט דער קאָלאָניסט געשיקט אַ פּראָבע פון זיין ווייץ אויף אַן אויסשטעלונג אַזש קיין סאַן פראַנציסקאָ פון קאַליפאָרניע, צי אין מיסיסיפּי, און האָט באַקומען פון דאָרט אַן אויסצייכענונג.

דאָס האָט מיר געבראַכט אויפן זינען די אויסשטעלונג אין באַ־מאַווילבאַסאָ און איך האָב ערשט דעמאָלט פאַרשטאַנען די גאַנצע באַדייטונג פון אַן אויסשטעלונג פאַר קאָלאָניסטן; די גאַנצע פרייד וואָס דאָס שטעלט מיט זיך פאָר און דעם מאָראַלישן לוין פאַר דער גאַנץ אָפּט מאַטעריעלער נישט באַלוינטער מי, און ווי נויטיק עס וואָלט געווען פאַר דער מאָראַלישער דערהויבונג פון די קאָלאָניסטן, פאַר זייער דערמוטיקונג און דערמונטערונג, אַן אויסשטעלונג פון דער אידישער קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע, אָדער וויניקסטנס אַ פּע־ריאָדישע אויסשטעלונג אין יעדער קאָלאָניע באַזונדער. אַזש קיין סאַן פראַנציסקאָ האָט דער קאָלאָניסט פינקעלשטיין געשיקט די פרוכט פון זיין אַרבעט אויסצושטעלן, ווי זאָגט מען אין העברעיש: מעשה ידיו להתפּאר.

פאַרלאָזנדיק די גרופּע און אומקוקנדיק זיך צו געזעגענען מיט איר, האָט זי אינגאַנצן מיר אַ שיין געטאָן פאַר די אויגן, ווי זי וואָלט צו מיר געזאָגט: בין איך דען נישט אינגאַנצן ווי אויף אַן אויסשטע־לונג צו שיקן!

אין דער גרופּע וואוינעןווירקלעך כמעט איינס אין איינס פּעס־טע און איבערגעגעבענע קאָלאָניסטן, מערסטנס געקומענע פון די ניקאָלאיעווער און קאַטערינאָסלאווער קאָלאָניעס.

פאָרנדיק ווייטער אויפן וועג צו פּיליפּסאָן נומער 3, האָט מיר דער ה׳ כאווקין אָנגעוויזן: איר זעט, אָט דאָס איז אָראָנאָווס קאמפּ! דאָס שטיק פעלד האָט זיך ארויסגעטיילט פון אנדערע מיט דער גרינ־קייט און געדיכטקייט פון דעם אויפגעגאנגענעם ווייץ, באזונדערס האָט זיך דאָס אויסגעטיילט פון דעם פעלד וואָס האָט זיך געצויגן אויף דער אנדער זייט פונעם שליאַך: א שטיק פעלד פון א גאנצער „לעגווע״ (5 קילאָמעטער) קוואדראט וואָס באלאנגט צו איינעם א דאָקטאָר, אן ערדאייגנטימער. אויך דאָס דאָזיקע פעלד איז פארזייט מיט ווייץ: אָבער, ווי נידעריק, ווי אָפּגעברענט, ווי פּליכעוואַטע! איין און דער זעלבער באָדן, און וואָס פאר א חלוק! ס׳איז פארשפּאָרט צו יאָגן אז דאָס נעמט זיך דערפון וואָס אָראָנאָוו אקערט אליין און אקערט טיף און פארזייט גוט, און אז ס׳מאכט זיך אזא יאָר ווי הייניטיקס, ווען ס׳גייט קיין רעגן נישט, זויגן די גרעזעלעך פון אָראָנאָווס פעלד די פייכטקייט פון דער ערד, בעת די גרעזעלעך פון קעגנאיבער גרייכן נישט צו איר, האָבן קיין כח נישט צו וואקסן און ווערן פארברענט.

מיר פאָרן אַלץ העכער און אַלץ העכער און שענער ווערן די פעלדער, אַלץ לויטערער די לופט, אַלץ גרינגער צו אָטעמען.

צי איז דאָס דערפאר וואָס דאָ האָט אין דער פרי א רעגנדל א שפּריץ געטאָן און צוגעשלאָגן דעם שטויב אויפן וועג, אָדער דערפאר וואָס דאָ איז דער באָדן העכער, צי דערפאר וואָס איך אַליין בין גוט געשטימט און פיל מיך ווי באַלוינט און געטרייסט פון מיינע נעכטי־קע און אייערנעכטיקע שווערע איינדרוקן...

— שוין נישט ווייט צו לאפּין! מיר יאָגן אָן צוויי אינגלעך אויף איין פערד רייטנדיק, מיט א לאדונג פון... ווערבע־צווייגן, וואָס זיי האָבן ערגעץ אָנגעריסן, אויף הושענות.

אין לאפּין איז היינט הושענה־רבא...

## XVIII

לאפינער קאָלאָניסטן האָבן מיר געטראָפן אין שיל ביים דאַוונען, אָדער בעסער געזאָגט אין די שילן; וואָרום לאפין איז געבויט אויף אַזאַ אופן (גרופּעסווייז, צו פיר שטיבלאַך אין א גרופּע אויף די צו-זאמענקומענע עקן פון די טשאַקרעס) אז ס'איז שווער פאַר אלע קאָלאָניסטן צו האָבן איין צענטראַלע שיל, און אויף שבת און יום טוב ווערן געמאכט מנינים. צוליב געזעלשאַפטלעכע ענינים מוז מען אָבער האָבן א צענטראַלן פונקט. דער לאָקאַל פון דער קאָאָפּעראַטיווע, דער לאָקאַל פאַר פאַרזאַמלונגען און פאַרוויילונגען, די ביבליאָטעקס, און אויך די קינדער שולע, מוזן זיך געפינען אין צענטער פון דער קאָלאָניע. און אָט צו דעם צענטער זיינען מיר צוגעקומען מיט דעם ברייטן שליאַך פון ריוועראַ.

אין דער געביידע פון דער קינדער־שולע, וואָס דינט אויך פאַר א שיל צום דאַוונען אום שבת און יום־טוב, האָבן מיר געטראָפן א פאַר־מינינים דאַוונער. פאַרט איז דאָס דער צענטער פון דער קאָלאָניע. דאָ דאַוונט אויך דער שוחט (אין לאפין האָט נאָך דער שוחט נישט אָנגעוואוירן זיין טראַדיציאָנעלן פּרעסטיזש אלס למדן און בעל מדות). די דאַוונער, אידן האָרעפּאַשניקעס, זיינען ניט שטאַרק אריינגעטון אינעם דאַוונען, נאָר גאָרנישט, מ'איז דאָך עפּעס אידן! און ס'איז הושענה רבא און דאָס ווייב האָט דאָך אוודאי געמאַכט קרעפּלעך מיט פלייש געפילט און אין שיל לייענט מען דאָך היינט, קומט עמיצן אפשר אויס אויף זיין חשבון אן עליה. אן אנדערער איז גבאי, ראשון אָדער שני. און א חוץ דעם כאַפּט מען טאַקע דערוויייל א שמועס פון וועלט זאַכן, פון כלל זאַכן, פון שכנישע זאַכן. מ'איז דאָך עפּעס מענטשן! דאָ זיינען פאַראַן אויך אייניקע „גרינע", קאַנדידאַטן קאָלאָ־ניזירט צו ווערן און גרויסע קבצנים, וואָס באַקומען דערוויייל א שטיצע פון דער קאָלאָניע, וואָס קלעקט זיי מיט זייערע פאַמיליעס נישט אויף צו לעבן און נישט אויף צו שטאַרבן.

די יוגנט זעט מען דאָ נישט. לאפינער יוגנט, אויב זי געפינט זיך נישט איצט ערגעץ ביי אן אַרבעט, אַרום די פערד, אַרום גאָרטן, אַרום דער שטוב, זיצט זי איצט אין דער קילער יומטובדיק אויפ־ע־

רוימטער שטוב און לייענט אַ צייטונג אָדער אַ בוך אָדער שטודירט אַ
„ראָלע" פון דער פּיעסע, וואָס וועט די טעג אויפגעפירט ווערן צום
גונסטן דער ביבליאָטעק אָדער צום גונסטן דעם דאַמען פאַריין וואָס
האָט איצט גרויסע הוצאות צוליב די ניי-אָנגעקומענע פאַמיליעס פון
די „גרינע".

לאַפּינער קאָלאָניסטן און לאַפּינער קאָלאָניסטישע יוגנט זיינען
גאָר פון אַן אַנדער מין ווי די איבעריקע קאָלאָניסטן פון ריווערא.

די ריווערער, אפילו פון די פאַרוואָרפנסטע גרופּעס, מיט געוויסע
אויסנאַמען, זיינען שטאָטיש, האָבן פּרעטענזיעס אויף אינטעליגענץ
און קאָקעטירן מיט דער דאָזיקער אינטעליגענץ. זיי זיינען געוועזענע
סוחרים, זייערע זין זיינען צוקונפטיקע דאָקטוירים אָדער „עמפּליצאַ־
דאָס" (אָנגעשטעלטע, באַאַמטע) זיי זיינען אין זייער אַרבעט אונ־
טערנעמעריש, און אויב נישט, קוקן זיי מיט קנאה אויף די ארויפ־
געאַרבעטע אונטערנעמערישע קאָלאָניסטן. און אינטערעסן זיינען דאָ
פאַראַן אָן אַ שיר. דער וויל באַוואָרענען זיין זון, זיין איידעם מיט
אַ טשאַקרע, כדי זיין זון אָדער זיין איידעם זאָלן חלילה קיין פּרע־
טענזיעס נישט האָבן אויף זיינער. אַ זון האָט טענות צום טאַטן, ווײַל־
בער וויל נישט אָפּטרעטן פון זיין אייגנטום־רעכט, כאָטש ער האָט
שוין זיין וועלטל כמעט אָפּגעלעבט, און דער זון איז דער גאַנצער
אַ־בעטער. איינער וויל נאָך אַ שטיקל פאַשע־פעלד, אַ צווייטער האָט
געוואָרפן אַן אויג אויף אַ שטיקל „לאגון" וואָס ליגט נישט ווייט פון
אים און ס'וואָלט אים צוגוץ־געקומען, אַ דריטער וויל דינגען נאָך אַ
פּאָר הונדערט העקטאַרן צום פאַראַקערן, וואָרום מיט וואָס איז ער
ערגער פון דעם סוחר וואָס האָט יאָ באַקומען אָדער פון דעם גוי, וואָס
האָט באַקומען אין אַרענדע טויזנטער העקטאַרן... און אַזוי ווי דער
אַגענט פון דער איקאַ, אָדער דער אדמיניסטראַטאָר, ווי מען רופט
אים איצט, איז אויפן אָרט, ווערן אַהין, אין דער אדמיניסטראַציע, צו-
נויפגעפירט די פעדים פון די אַלע אינטערעסן; מערסטנס אין דער
פאָרם פון אינטריגעס פון איין פאַראינטערעסירטן קאָלאָניסט אויפן
צווייטן, און זעלטן, — דאָס טרעפט דעמאָלט ווען דער אדמיניסטראַ־
טאָר איז אַ „שלעכטער אוריאַדניק" און וויל קיין טובהלע נישט טון
— רייסט זיך אַרויס די דאָזיקע פאַרשידנאַרטיקע אומצופרידנהייט

אין דער פאָרם פון אַן אַלגעמיינעם פּראָטעסט, וואָס איז צוזאַמענגע־וועבט ווי אַ קנויל פון די אַלע אינטערעסן־פּעדים און זיין שפּיץ איז די איינאָונאַיינציקע פאָדערונג, וואָס נאָך איר וועלן זיך אַלע געמי־מער בארואיקן — אָפּזאָגן דעם אַדמיניסטראַטאָר וואָס האָט באמת פאַרדינט מען זאָל אים משלח זיין — און אין ריוועראַ, זיינען כמעט אַלע ווערט געוועזן, נישט נאָר מען זאָל זיי משלח זיין נאָר מען זאָל זיי באַשטראָפן פאַר גנבה און געשעפטמאַכעריי מיט דעם געזעלשאַפט־לעכן פאַרמעגן, און דעמאָלט איז ריוועראַ באַשעפטיקט מיט ציילן און שאַצן דעם אַדמיניסטראַטאָרס פאַרמעגן: אַזוי פיל האָט ער גע־מאַכט פון „חצי שלי וחצי שלך" מיט די אַרענדאַטאָרס וואָס דינגען ביי דער איקאַ אויף 3.30 דעם העקטאַר און פאַרדינגען אים אויף 8 און אַפילו אויף 10 פּעזעס דעם העקטאַר; אַזוי פיל האָט ער פון שאָף וואָס ער האָט ארויפגעלאָזט בשותפות מיט אַ גוי אויף איקאַס רעזערוו-ערד. און ריוועראַ רודערט. דערביי דערמאָנט זי זיך אין אָרגאַניזאַציע — אוי ווי, זי איז דאָך גאָרנישט אָרגאַניזירט... זי דער־מאָנט זיך אין אַלגעמיינע קאָלאָניסטישע פּראָבלעמען; זין און איי־דעמס קאָלאָניזאַציע, אימיגראַנטן-קאָלאָניזאַציע, דעסאַלאָכאָס, א. א. וו. און זי נעמט באַלד אַ טאָן, רופן אַן אַלגעמיינעם קאָלאָניסטישן קאָנ־גרעס... עפּעס איז זי, דאָך ריוועראַ! די אינטעליגענטע קאָלאָניע ריוועראַ!...

לאַפּין איז באַשיידן. די לאַפּינער קאָלאָניסטן האָבן נישט קיין פּרעטענזיעס אויף אינטעליגענץ, דערפאַר אָבער האָבן זיי אַ שם מיט זייער ארבעטזאַמקייט. און די לאַפּינער יוגנט, וועלכע איז אויך אַזוי ארבעטזאַם ווי די טאַטעס און מאַמעס, האָבן אַ שם מיט זייער אידעאַליזם, מיט זייער פּשוטן אידעאַליזם פון ארבעט און מיט זייער אויפריכטיקער, נישט־געענאַרטער, נישט־אויפגעבלאָזענער קולטור-טעטי־קייט. לאַפּין איז נישט אינטעליגענטיש, אירע טאַטעס, גייען אין שול־אַריין, אירע מאַמעס לייענען די תחינות פון שרה בת טובים און אירע זין און טעכטער ריידן פּשוט אידיש, שפּילן אידיש טעאַטער און לייענען אידישע ביכער, פירן אידישע ליבעס און לידער אַפילו ווערן דאָרט געשריבן אידישע, האַרציקע, אמתדיקע, — נישט אינטע־ליגענטיש איז לאַפּין, נאָר דערפאַר אָרגאַניזירט. איר קאָאָפּעראַטיווע

באשטייט נישט פון באלגופים אדער פון סוחרישע ארענדאטארס, (אזעלכע זיינען דארט נישטא) נאר פון די פשוטע קאלאניסטן. אירע אינטערעסן זיינען גלייכע און עס קריכט נישט איין קאלאניסט אויפן צווייטן צום אדמיניסטראטאר. האט זיך דארט געטראפען א פאל אז א געוויסער קאלאניסטישער איידעם פון בערנאסקאני האט זיך דער־וויסנדיק פון א דעסאלאכא אויף א לאפינער קאלאניסט, באצייטנס באווארנט מיט דער טשאקרע ביים אדמיניסטראטאר, איז דער דא־זיקער נייער קאלאניסט ארייגעלעגט געווארן אין חרם און ער איז נישט צוגעלאזט געווארן צו קיין געזעלשאפטליכער ארבעט, ביז ער האט לעצטנס אפן געשלאגן־זיך על חטא און גענומען אויף זיך א תשובה.

אפנים אז דערפאר רופן די ריוועדער לצים און חכמים דעם לאפינער ישוב — כעלם (כעלמער נאראנים).

די לאפינער רעכענען זיך אבער גאנץ גוט אפ מיט ריווערא און רופן עם — סדום.

לאפין האט אבער אויך אירע קאלאניזאציע־פראבלעמען, אדער אײנע א הויפט־פראבלעם, וואס אויב זי וועט נישט געלייזט ווערן, קען דאס ברענגען צו טרויעריקע קאנסעקווענצן.

פיליפסאן נומער 3, א שטח פון 10.000 העקטאר לאנד, איז ערשט מיט א יאר 4 צוריק געגרינדעט געווארן... אויף איר זיינען אריבערגעפירט געווארן, אויף דער השתדלות פון דעם איקא־טוער לאפין, 43 קאלאניסטן, וועלכע זיינען ביז דאן געזעסן אויף דער זאמדיקער ערד פון בערנאסקאני, אין דער בארימטער צוליב איר שלעכטקייט לאטע 22.

פארשטייט זיך, אז זיצענדיק אויף יענעם זאמדיקן באדן, ליידנ־דיק איין דורכפאל נאכן צווייטן, האט קיין רייד נישט געקענט זיין פון צאלן דער איקא דעם יערלעכן אפצאל מיט די פראצענטער און עס איז אנגעוואקסן אויף זיי א חוב, וועלכן עס איז שווער צו צאלן, אין זינען האבנדיק אז מען דארף צאלן אויך פאר די נייע יארן, וואס נישט אלע גערעטן.

די טענה פון די 43 קאלאניסטן איז א גאנץ גערעכטע. שוין דער־פאקט אליין וואס מען האט זיי איבערגעפירט פון יענעם באדן צוליב

זיין אומטויגלעכקייט פאר אגריקולטור, א זאך וואָס די איקא האָט אנערקענט, איז אויך מחייב דעם דאָזיקן אלטן חוב אָפּצואווישן.

מצד דער איקא איז אָבער ביז איצט נישט דערקלערט געוואָרן קיין פּאָזיטיוועס מכח דעם ענין און אזוי הענגט און וואַקסט אויף די דאָזיקע האָרעפּאַשניקעס א הויקער, וואָס מאַכט שווער זייער עקזיס־טענץ און פאַרציט זייער צוקונפט מיט א נעפּל. און נישט נאָר א הויקער איז דער חוב נאָר אויך א דאַמאָקל־שווערד, וואָס קען זיך אראָפּלאָזן אויף זיי אין יעדן מאָמענט פון א איקאַישער ביוראָקראַטי־שער האַנט.

אָט דאָס איז די גרויסע לאַפּינער פּראָבלעם.

א קאָלאָניסטישער קאָנגרעס וואָלט דעריבער אויך די פּראָבלעם באַדאַרפט אויפנעמען אויף זיין טאָג־אָרדענונג.

די דערמאָנטע 43 זיינען קאָלאָניזירט געוואָרן אויף 150 העקטאַר יעדער איינער. א חוץ זיי זיינען דאָרטן פאַראַן 26 נייע קאָלאָניסטן, אזוי גערופענע „קאָלאָנאָס א פּרועבאַ” (פּרואוו־קאָלאָניסטן), וועלכע האָבן שוין באַקומען בלויז צו 100 העקטאַר, לויט דער נייער טענ־דענץ פון דער איקא צו פאַרקלענערן וואָס ווייטער די נחלות און, ווי זי זאָגט, אזוי ארום צווינגען די קאָלאָניסטן אָנצואווענדן די ראַ־ציאָנעלע אָדער אינטענסיווע ארבעט־סיסטעם.

## XIX

איך האָב איבערגעלאָזט מיינע באַגלייטער אין שול, וואו דער ה׳ כאַוועקין האָט געהאַט צו דערלעדיקן א שליחות פון דער ריוועראַ שפּיטאָל־קאָמיסיע און האָב מיך גענומען דערפרעגן צו דער לאַפּינער יוגנט. איך וויל זען דעם סאַלאָן, די ביבליאָטעק, איך וויל ריידן מיט לאַפּינער קולטור-טוער.

— דער גאַלפּאָן? אָט דאָס איז ער — ווייזט מיר אָן א קאָלאָניסט, מיט וועלכן איך האָב די גאַנצע צייט גערעדט מכח דער לאַגע פון לאַפּינער קאָלאָניסטן. אָט באַלד וואוינט סאָקוראַנסקי, ביי אים געפינט זיך דער שליסל, וועט איר שוין טאַקע אָנקוקן וואָס לאַפּינער יונגעלייט קענען אויפטון.

איבער האלב צעטראָטענעם גראָז האָב איך געשניטן גלייך צום גאַלפּאָן, צו וועלכן מען האָט שוין ארויסגערופן איינעם פון די ברייִדער סאָקוריאַנסקי.

אויף שנעל שטעל איך מיך פאָר, — זיי האָבן זיך שוין געריכט אויף מיר נאָך נעכטן. — און איך בין שוין אין סאַלאָן אָדער גאַלפּאָן, ווי מען רופט, אַמאָל אַזוי אין אַמאָל אַזוי, די געביידע וואו לאַפּינער עולם געניסט פון טעאַטער, פון טענץ, פון קאָנפערענצן און האַלט דאָרט אָפּ זיינע פאַרזאַמלונגען. סאַלאָן, רופט מען די געביידע צוליב איר צוועק, און גאַלפּאָן — צוליב איר אויסזען: ווענט פון ברעטער באַדעקט פון דרויסן מיט בלעך, דער דאַך אויך אַזעלכער און די פּאָדלאָגע אַ נאַטירלעכע, אַן ערדענע. פאַר בענק ווערן גענוצט ברעטער וואָס ווערן איבערגעלעגט אויף גאַז־קעסטלעך.

ביי איין וואַנט געפינט זיך די ביבליאָטעק: איך קוק מיך צו אויף די רוקענס. אומזיסט זוך איך דאָ שמרן און בלאָושטיינען. איר האָט דאָ די אידישע ליטעראַטור פון מענדעלען ביז אַפּאַטאָשון (די נייערע זיינען נאָך נישטאָ), איר האָט דאָ טאָלסטאָי, זאָלאַ, מאַרקס און קראָפּאָטקין. לאַפּינער יונגעלייט האָבן אַ ליטעראַרישן געשמאַק, זיי האָבן אים געבראַכט מיט זיך פון בערנאַסקאָני, וועלכע האָט אַמאָל געהאַט ביי זיך אַזעלכע קולטור־טוער ווי ש. רעזניק (איבערזעצער פון אידישע שריפטשטעלער אין שפּאַניש), נ. קרייטשמאַר (פּובליציסט וועגן קאָלאָניזאַציע ענינים), זאַץ (געוועזענער לערער און היינט איינזשעניר), די בערסוקס (אידעאַליסטישע און פּאָעטישע נאַטורן) און לייענען גוטע ליטעראַטור. אַמאָל אַ שרייב־טון, איז אויך איצט די איינגעשאַפט פון די לאַפּינער יונגעלייט, אפילו פון די אונטערוואַקסנדיקע, פון די שול־קינדער, וועלכע האָבן אויך זייער ביבליאָטעק און האָבן לעצטנס אפילו געפירט אַ גאַנצן קאַמף מיט זייערע לערער פאַר דער הערשאַפט אין דער ביבליאָטעק און האָבן אויסגעפירט.

— און דאָס איז אונדזער בינע!

אַ פאָרהאַנג פון סיטץ מיט גרויסע קווייטן צעעפנט זיך און איך בין שוין אויף דער בינע, וועלכע האָט אַלע באַקוועמלעכקייטן אין וועלכע אַ בינע נויטיקט זיך: אַ לאָך פאַרן סופלער, קאַבינעס פאַר די אַרטיסטן און, אַ טיר אינדרויסן אַרויס.

שטייענדיק אויף דער בינע פון לאַפּינער סאַלאָן, האָב איך אַ מאָדנע וואַרימקייט דערפילט אין האַרצן: וואָלט איך איצט געהאַט פאַר זיך דעם עולם, אָט די האָרעפּאַשנע קינדער וואָס זייערע פיס טרעטן פעסט די ערד און זייער קאָפּ שפּאַרט אין הימל, וואָלט איך זיי אַ לויב־געזאַנג געזונגען. אויף די זעלבע ברעטער האָט דער קליגער ניכטערער נאָמבערג אַ רעפעראַט געלייענט — האָט ער גע-קענט זיין ניכטער געגוג נישט נתפּעל צו ווערן פון דעם נייעם אידישן מענטשן וואָס וואַקסט אויף אין דער דאָזיקער קאָלאָניע! און אָנכי — דער מקונן פון דער אַמאָליקער אידישער גאַנצקייט — האָט ער דאָ נישט געזען דעם אויפשטייג פון דעם נייעם גאַנצן אידן! איך שטעל מיך זיי נישט פאַר אויף אָט דער בינע אָן אָט דעם וואַרימען טרייסטנדן געפיל. — הלוואי —, האָב איך זיך געטראַכט און געבעטן — וואָלטן אַלע אידישע קאָלאָניעס אַזעלכע געווען און וואָלטן אַזאַ יוגנט פאַרמאָגט!..

וואָלט איך געקענט בלייבן דאָ ביז דינסטיק וואָלט איך געהאַט די געלעגנהייט צו זען די קאָלאָניע אין איינעם פון אירע שענסטע מאָמענטן, ווען זי פאַרוויילט זיך. אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג און טאַנץ־אָוונט האָט זיך געגרייט אויף דעם טאָג, מוצאי יום־טוב, צום גונסטן דעם דאַמען-פאַריין. וואַרט אָבער אויף מיר דער אויטאָמאָביל און עס וואַרט אויף מיר „די פּרעסע”, די פאַמיליע.

האָב איך מיך אויסגערוט אביסל ביי די סאַקוראַנסקיס אין דער יום־טובדיקער שטוב, דורגעשמועסט זיך און ווייטער געפאָרן, צו אַ צווייטן מנין, ביי אַ קאָלאָניסט אין שטוב. שול און יום־טובדיקע שטוב האָבן זיך דאָ צוזאַמענגעמישט. מיינע באַגלייטער האָבן דערווייל אַלס געסט אַריינגעכאַפּט עליות און איך האָב מיך מער געפונען אין דרויסן, האָב באַקוקט דעם קאָלאָניסטס באַלעבאַטישקייט, אַ מאַשין פון גאַנצע 7.000 פּעזאָס, אַ „ליסטער” א. א., הינער, טויבן...

פון דאָרט זיינען מיר אַוועק מיטן וועג צוריק צו די בראַדי-טשאַנסקיס.

— אַז איר וועט דערזען אַ הויז געבויט פון רויטע ציגל, דאָס איינציקע קאָלאָניסטישע ציגל־הויז, זאָלט איר וויסן אַז דאָ וואוינט די פאַמיליע בראַדיטשאַנסקי.

ווייט איז אהין צו פארן, לאנג ציט זיך די קאלאניע, אויב מען קען דאס אזוי אנרופן. און פארנדיק האב איך מיר געקלערט אז אויב אין קאלאניע לאפין איז פאראן קולטור־טעטיקייט און געזעלשאפט־לעבקייט, איז דאס ט ר א ץ דער שווערקייט וואס איז דערצו גע־מאכט געווארן. ווארום אויב פונעם ווירטשאפטלעכן שטאנדפונקט איז אפשר בעסער אז יעדער קאלאניסט זאל זיצן אויף זיין טשאקרע און אין לאפין איז דער דאזיקער פרינציפ דורכגעפירט געווארן אויף דעם באקוועמסטן אופן, בויענדיק די הייזער אויף די ווינקלען פון די טשאקרעס, אזוי אז ס'זאלן זיך צוזאמענקומען 4 צוזאמען — איז עס פון געזעלשאפטלעך־קולטורעלן שטאנדפונקט גארנישט באקוועם.

איך האב פארפירט א שמועס מיט מיינע באגלייטער וועגן דעם דאזיקן ענין. די פראגע פון קאלאניסטישן וואוינארט איז זייער אן אנגעווייטיקטע אין ריווערא. די יק"א פאדערט אז יעדער קאלאניסט זאל וואוינען אויף זיין טשאקרע, אזוי פאדערט אויך דער אינטערעס פון דער ווירטשאפט, אבער האט דאך א קאלאניסט אויך אנדערע אינ־טערעסן, פאמיליערע, קולטורעלע, געזעלשאפטלעכע, ער האט קינדער אין שולע צו שיקן.

— איר זעט — רופט זיך אן צו מיר איינער פון מיינע באגליי־טער — קינדער פארן צו צוויי רייטנדיק אין שולע אריין און איר קלייבט נחת, ווי גרויס ס'איז דער חשק צו לערנען ביי די קינדער, אדער דערפון וואס א זעקס יעריק קינד, א אינגעלע צי א מיידעלע, פארט רייטנדיק; איר פארטראכט זיך אבער נישט אויף דער מעגלעכ־קייט אז דאס פערדל וואס טראגט די קינדער זאל זיך דערשרעקן פאר עפעס אין וועג און זאל זיך צעיאגן און אראפווארפן די קינדער... דא נישט לאנג האט אזעלכעס פאסירט. א קינד איז אזוי ארום דער־הארגעט געווארן. שטעלט זיך פאר מיט וואס פאר א הארץ־קלאפעניש טאטע־מאמע לאזן די קינדער פארן אין שולע. און פאראן טאטע־מאמע וואס די קינדער וועגן ביי זיי אריבער, קלייבן זיי זיך אריין אין שטעטל און זעצן אוועק אויף דער טשאקרע א פעאן, אדער זיי בלייבן זיצן אויף דער טשאקרע און שיקן נישט די קינדער אין שולע.

— און אז מען האט נישט קיין קינדער אין שולע צו שיקן, מיינט איר איז גוט צו וואוינען איינער אליין אין מיטן פעלד? רופט זיך

אַן דער יונגסטער פון מיינע באַגלייטער. — שטעלט אייך פאָר איר האָט נישט לאַנג חתונה געהאַט, און דאָ טרעפט זיך איר מוזט ערגעץ צופאָרן, לאָזט איר איבער די יונגע פרוי איינע אַליין — איך דערציי׳ל אייך וואָס ס׳האָט ביי מיר פּאַסירט — שלאָגט ער זיך אַליין איבער — קומט צו אַ גאַוטש צו דער שטוב, קלאַפּט אָן און בעט זיך מען זאָל אים לאָזן איבערנעכטיקן. איז די פרוי אין שרעק און ווייסט נישט וואָס צו טון: זאָל זי אים זאָגן אַז ער זאָל זיך גיין, וויי׳ל דער מאַן איז נישטאָ אין דער היים, האָט זי מורא. פּשוט אים הייסן גיין האָט זי אויך מורא, און דאָ פאַרפירט דער גאַאוטש אַ געשפרעך, מאַכט קאָמפּלימענטן און גיט אָנצוהערעניש און שפּילט זיך דערוויי׳ל מיטן מעסער... וואָלט כאָטש געווען דערנעבן נאָך איין שטוב, קען זי אַ געשריי טון, מאַכן אַ גוואַלד, עמיצער זאָל דערהערן... גראָד האָט זיך די פרוי באַהערשט, האָט געהייסן דעם נישט־געוואונטשענעם גאַסט צו־וואַרטן אַ ווײַלע און איז אַליין אַריין אין שטוב און האָט זיך פאַרשלאָסן. דער גאַוטש האָט געוואַרט אַזוי לאַנג ביז ער איז אַוועק... קען שוין די פרוי נאָך אַזאַ נאַכט פון שרעק בלייבן וואוינען אין אַ פאַרוואָרפן שטיבל אויף דער טשאַקרע? אי דאָס דאַרפט איר וויסן אַז מיין פרוי איז אַ קאָלאָניסטישע טאָכטער, היינט שטעלט אייך פאָר אַ שטאָטישע. זי וואָלט קיין איין נאַכט נישט געבליבן וואוינען אויף דער טשאַקרע.

דאָ אין לאַפּין איז די פראַגע געלייזט געוואָרן אויף דעם פריער דערמאָנטן אופן, און ס׳געפינען זיך צו פיר שטיבלעך צוזאַמען. בעסער אָבער וואָלט נאָך געווען פאַרן ישוב ווען מען צעשניידט די טשאַקרע שמאָל, אַזוי אַז וואוינענדיק יעדער אויף זיינע 150 העקטאַר, זאָלן דאָך די הויפן נישט זיין ווייט איינער פונעם צווייטן. זאָגן אָבער אַנדערע אַז צו דער אַרבעט איז גלייכער אַז די טשאַקרע איז אַ גלייכער קוואַדראַט, מען קען זי בעסער איינטיילן פאַר די פאַרשידענע קולטיוון, און דערצו איז דאָך שוין ריווערא מערסטנס צעשניטן און צעטיילט, און מען וואָלט זי באַדאַרפט פון דאָסניי איבערטיילן. ריווערא האָט נאָך אָבער אַ גאַנצן נישט צעשניטענעם שטח פון 10.000 העקטאַר, דער וואָס איז איצט אַרענדירט צו וואודוואַרדן, און ביי דער קאָלאָניזירונג פון אָט דעם שטח, איז וויכטיק אַז די איקאַ זאָל אין אַכט

נעמען אָט די פּראָבלעם און זאָל זי לייזן אויף אַזאַ אופן, אַז ס׳זאָל זיין גוט פאַר דער ווירטשאַפט ווי פאַר דער קולטור־געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן פון דער קאָלאָניע.

## XX

מיר זיינען ענדלעך צוגעקומען צו דער ציגעלנער שטוב.

באַלד האָבן מיר זיך אויך באַקענט מיט די באַוואוינער פון דער ציגעלנער שטוב. צוויי ברידער, אַ שוואָגער, אַ שוועגערין. די אויפגע־רוימטע שטוב האָט דערציילט אַז זי ווערט באַוואוינט פון קולטור־מענטשן. בילדער פון שרייבער אויף די ווענט, אַן אַלבום מיט פאָטאָ־גראַפישע בילדער, מיט ווידמונגען, מיט אַריינשרייבונגען. די פרייע צייט אין דער שטוב, ווערט אָוועקגעגעבן, — אַזאַ איינדרוק האָב איך באַקומען — דעם בוך.

אין דער שטוב ווערט דאָס געלייענט די אידישע ליטעראַטור און, אידישע שרייבער, וואו זיי זיינען ערגעץ, מעגן זיין זיכער, אַז דאָ זיינען זיי נישט בלויז אַ שיינדל צו באַשיינען דעם נאָמען פונעם אידישן פאָלק און אַז זייערע ווערק זיינען נישט נאָר בענדער מיט שיין געלייטשטע רוקנס אין דער ביבליאָטעק פון אַ פּרינציפּיעלן אידישיסט. נאָר מען לייענט זיי, מען קאָמענטירט זיי און מען געדענקט זיי, און מען האָט וועגן יעדן אַ מיינונג.

אידישע שרייבער, אויב אייך באַפאַלט אַמאָל פאַרצווייפלונג און עס דוכט זיך אייך אַז דער לעזער פונעם אידישן בוך פעלט זיך, אַז ער ווערט אויפגעפרעסן פון דער צייטונג; אַז אייער בוך ווערט בלויז געלעזן פון אַ קאָלעגע, אי דאָס מישנדיק צו צוויי בלעטלעך: אָדער עס כאַפּט אים דורך, אויפן טראַנוויי פאַרנדיק, דער נערוועזער שטאָטישער אַרבעטער, וואָס האָט קיין צייט נישט אָפּצורוען אויף אים און לייענט דאָרום נישט אַרויס פון אים אַלץ וואָס איר האָט געוואָלט, — זייט וויסן אַז ס׳איז פאַראַן אין אַרגענטינע אידישע קאָ־לאָניעס און אין די קאָלאָניעס זיינען פאַראַן אידישע הייזער וואו מען לייענט אייך, רואיק און ערנסט; נישט ווי אונדזערע זיידעס אין טאַטעס פלעגן לייענען אויף דער פור „צדה לדרך״. זייט דאָס וויסן

און זייט געטרייסט און אז איר ווילט, קענט איר דערפון לערנען דעם ווייטערדיקן גורל פונעם אידישן בוך: מיר דוכט אז ער איז שטארק פארבונדן מיט דער צאל פון אט אזעלכע אידישע שטיבער.

אזעלכע שטיבער זיינען אויך גאנץ פעסטע. ווי איך האב שוין פריער געזאגט איז די שטוב געבויט פון ציגל, און פון ציגל וואס די באוואוינער האבן אליין געקנאטן, געפורעמט און געברענט. איר האט נישט וואס מורא צו האבן אז זיי וועלן ארויס אין שטאט אריין און נעמען לייענען אין פארזעצונגען, אפן וועג צו דער ארבעט, דעם וואכן־ראמאן אין שפאניש, אדער אז זיי וועלן אריבער קיין ארץ־יש־ראל און דארט פריילנמעסיק אנהויבן ריידן לשון קודש מיט פתחן, ארייגלייגנדיק דערין דעם גאנצן טאלאנט און מאכנדיק דאס פאר דעם וויכטיקסטן אינהאלט פון לעבן.

איך האב ווייניק פארווילט אין דער דאזיקער שטוב. איך האב איבערגעלאזט מיינע באגלייטער אין דער קילער אויפגערוימטער שטוב און מיט דעם קארעספאנדענט פון דער „פרעסע" בין איך זיך דורכ־געגאנגען און מיר האבן זיך דורכגעשמועסט וועגן ריווערא, וועגן דער ארגאניזאציע, וואס האט זיך געשאפן אלס רעזולטאט פון דער פאר־זאמלונג פון 16טן אקטאבער, וועגן די פילזייטיקע אויפגאבן אירע, און — לאמיר זיך דא מודה זיין — וועגן מיינע אייגענע ספקות צי וועט די דאזיקע ארגאניזאציע קענען אויפהאלטן אין זיך, ווי זי האט זיך דאס אונטערגענומען, די פארשידענע עלעמענטן וואס זי האט אין זיך, בעת דער פארזאמלונג, ארייננענומען: גרויסע ארענדאטארס געווייגלעכע קאלאניסטן, קאלאניסטישע זין און איידעמס און אימיג־ראנטן, און צי ס'וואלט ניט בעסער געווען אז יעדער פון די עלעמענטן זאל זיך האבן זיין ארגאניזאציע...

מיין באזוך ביים קארעספאנדענט פון דער „פרעסע" איז געווען דער לעצטער אויף מיין רייזע ארום די גרופעס פון דער איקא־טערי־טאריע וואס רופט זיך ריווערא און דער צופאל האט געוואלט אז דארט זאל איך מאכן דעם אונטערצי פון מיינע איינדרוקן.

דער ארגענטינישער עקסטענסיווער אופן פון באארבעטן די ערד, צוליב ארגענטינעס גרויסע שטרעקעס און קלייגער באפעלקערונג און אלס עקספארט־לאנד פון פלייש און ברויט, האט צוגעשפילט צום

ירושה-גייסט פון די ערשטע ריוועער קאָלאָניסטן און האָט פאַרטויבט אין זיי מיט דעם קלאַנג פון די רענדלעך דעם נײַ-געבוירענעם דראַנג צום פּשוטן ערד-לעבן.

ריוועראַ, אַלס קאָלאָניע געגרינדעט פון געוועזענע סוחרים האָט געיאַרשנט פון זיי דעם גייסט פון דער שפּעקולאַציע, פון דעם אינדי־ווידועלן געיעג נאָך דערפאָלג אָן איבערקלייבן די מיטלען, די נישט פעיקייט צו אָרגאַניזאַציאָנעלן לעבן. די ערד טוט אָבער אירס, ביס־לעכווייז אָבער זיכער, מאַכט זי איר אויסוואַל, אַנדערע צופאַסנדיק, אַנדערע אָפּשטויסנדיק, און אויב איצט איז נאָך פאַראַן אין ריוועראַ דער כאָאָס פון דער שטאָט מיט אירע אומגלייכקייטן און מיט די אַלע פּורעניותן מיט וואָס אַ גרויסע שטאָט איז געשטראָפט און אָן די זאַכן מיט וועלכע זי איז געבענטשט (ירושה פירט צו פאַרגלייוערונג און פאָרשריט קומט פון אַקטועלע אינטערעסן) — אַרבעט זיך אין איר דאָך שוין אויס די איינהייטלעכקייט פון איר סאָציאַלן שטאַנד, וואָס נאָר דאָס איז בכח צו שאַפן דאָס האַרמאָנישע קאָלעקטיווע לעבן.

אָט די צופאַסונג, דאָס אויסוויילן און דאָס אויסגלייכן קאָסט אַנדערע גרויסע ווייטיקן און אַמאָל אויך דאָס לעבן. מוז דעריבער די קאָלאָניע האָבן איר אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָט־די ווייטיקן אויס־מיידן; דער באַוואוסטזיניקער ציל אָבער פון דער אָרגאַניזאַציע, מוז זײַן נישט די באַרעכטיקונג און פאַרטיידיקונג פון די „געשאַפענע אינ־טערעסן", נאָר שאַפן די מעגלעכקייטן פאַר דעם האַרמאָנישן קאָלעק־טיוון לעבן.

די סוחרישע ירושה אין ריוועראַ האָט מיט איר נויגונג צום אינ־דיווידועלן אַרויפאַרבעטן זיך נישט געקענט אָפּשאַצן דעם ווערט פון דער אויטאָנאָמיע וואָס ריוועראַ האָט געהאַט אין איר פאַרוואַלטונג און האָט זיך דערפון אַליין אָפּגעטרייסלט, פאַרקויפנדיק די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינדזן, וואָס אירע פירער האָבן געמיינט צו קאָנען באַ־קומען. און דאָס האָט ווייטער געמאַכט אין ריוועראַ דעם וועג צו איר באַפרייונג פון אונטער דער אויפזיכט פון דער איקאַ. דאָס כאַפּן זיך פון ריוועראַ צו אָרגאַניזאַציע, כאָטש דאָס איז געקומען פון סוחרים, מוז אונטערגעכאַפּט ווערן פון די אייגנטלעכע קאָלאָניסטן האַרעפּאַש־ניקעס, ווײַל נאָר בײַ זיי אין די הענט און צוליב זייערע אַלגעמיינע

געדעכטע פֿאָדערונגען, דאַרף זי און קען עקזיסטירן. ביי די האָרעפּאַש־ניקעס אין די הענט וועט די אָרגאַניזאַציע זיין אַ רעאַקציע קעגן דעם ביז איצטיקן אינדיווידואַליסטישן גייסט אין וועלכן די קאָלאָניע איז געזונקען און געמאַכט די קאָלאָניסטן פֿאַר ביטערע מוזשיקעס וואָס באַ־נאַרישן זיך אין זייערע חכמות. אויב די אָרגאַניזאַציע זאָל פֿאַרבלייבן אין די הענט פֿון די סוחרים, איז פֿאַראַן אַ געפֿאַר אַז זיי זאָלן זי בלויז אויסנוצן צוליב זייערע אייגענע צילן און אַמביציעס, און דאַן זאָל די קאָלאָניע ווידער בלייבן אָפּהענטיק.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס ריוועראַ איז אַ וויכטיקער פּונקט אין ווירטשאַפֿטלעכן לעבן פֿון דער פּראָווינץ, איז זי אָבער פּאָליטיש אַ נול אין איר און ווערט אויסגענוצט בלויז אויף צו פֿאַרשטאַרקן דעם כח פֿון די שכנישע פּראָפֿעסיאָנעלע פּאָליטיקער. אויך דאָס איז אַ טרויעריקע ירושה פֿון אינדיווידואַליסטישן סוחרים־גייסט, וועלכער איז לאַנג געווען דער הערשנדיקער אין קאָלאָניע. דאָס אָנגעבוירן פֿון אַ קאָלעקטיווער פֿאַרשטענדעניש אויף דעם ווירטשאַפֿטלעכן געביט וועט אויך שאַפֿן אין ריוועראַ דעם פּאָליטישן אינטערעס, וועלכער איז אַן אויסדרוק פֿון קאָלעקטיווע נויטן און באַדערפֿענישן.

ריוועראַ וועט אפשר פֿאַרלירן דעמאָלט איר איצטיקע ציוניס־טישע שטימונג, זי וועט אָבער געווינען פֿיל מער: פֿעסטקייט, באַש־טימטקייט, קאָלעקטיוון באַוואוסטזיין.

ריוועראַ מוז אויפֿהערן צו זיין נאָך איין ווינקל פֿון אידישן גלות וואָס לעבצט נאָך ארץ ישראל, און ווערן אַ פֿעסטע, פֿרייע, באַ־וואוסטזיניקע אידישע טייל פֿון ארגענטינע.

מיר פֿערזענלעך פֿרייט זייער וואָס איך האָב פֿאַרענדיקט מיין רייזע אַרום ריוועראַ אין אַ גרופּע און אין אַ שטוב וואָס שטייט אַמ־נאָענטסטן צו מיינע אידעאַלן.

# וואָס איך האָב געזען אין ריוועראַ און וואָס איך האָב געשריבן

אויף א קאָלאָניסטישער פאַרזאַמלונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן מאָנטיק דעם 26טן יאַנואַר, האָט איינער פון די פירער פון דער דאָרטיקער אָרגאַניזאַציע, דער ה' קאַטאַשינסקי, זיך אויסגעדריקט, ווי עס גיט איבער „אַ בייוועזנדער" אין „די אידישע צייטונג" מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „ווער וועט אונדז פאַרטיידיקן אויב נישט מיר אליין, „די פרעסע" אפשר, וואָס איר רעדאַקטאָר פ. כ"ץ האָט גענומען ביי אונדז אויף הוצאות צו קומען און זען די קאָלאָניסטישע צרות און שרייבן וועגן זיי, אָבער, קומענדיק אין רעדאַקציע האָט ער הפּנים פאַרגעסן אין אַלעם און שרייבט מעשׂיות, וואָס קיינעם אינטערעסירט נישט". אָט די ווערטער, רופן מיך אַרויס, איך זאָל דערקלערן פאַר די ריוועראַער קאָלאָניסטן, נישט פאַר די ריוועראַער קולאַקעס, קרעמער און שפּעקוליאַנטן, צוליב וואָס איך בין געפאָרן, וואָס איך האָב געזען און וואָס איך האָב געשריבן וועגן ריוועראַ.

אין ריוועראַ האָט זיך שטאַרק געטומלט אַרום דעם „דעקרעט" פון דער איקאַ נישט צו פאַרדינגען קיין קאָלאָניסטן פון איר רעזערוו ערד אויף פּאַשע; א דעקרעט, וואָס האָט שטאַרק געטראָפן די פי־הענדלער און די וואָס דינגען רעזערוו-ערד אויף צו מאַכן גרויסע „קאָ־סעטשעס" ביז 800 און ביז 1000 העקטאַר. דער פאַרדרוס פון די דאָזיקע הענדלער און גרויסע קאָסעטשע־מאַכערס איז נאָך גרעסער געוועזן דערמיט, וואָס די איקאַ פאַרדינגט גרויסע שטרעקעס רעזערוו ערד צו נישט אידישע אַרענדאַטאָרן אויף א ביליקן פּרייז — 3.30 דעם העקטאַר און די אידישע ווייץ־פאַבריקאַנטן און פי-הענדלער פלעגן מוזן צאָלן אויף 8, 10 און אפילו 12 פּעזעס דעם העקטאַר. איצט איז די איקאַ געוואָרן נאָך שטרענגער און דערלאָזט נישט איבערפאַר־דינגען צו אידישע קאָלאָניסטן. דערביי אָבער האָט די איקאַ אָדער איר אַדמיניסטראַטאָר געמאַכט אויסנאַמען און אייניקע אידן סוחרים יאָ

פאַרדונגען גרויסע שטרעקעס רעזערוו־ערד. עס איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אז דער אדמיניסטראַטאָר מאַכט מיט אייניקע אַרענדאַטאָרס חצי שלי וחצי שלך פונעם פאַרדינסט, וואָס זיי באַקומען פאַרן איבער־פאַרדינגען.

די געטראָפענע האָבן אויפגעהויבן א פּראָטעסט קעגן דער גזירה פון דער איקא און האָבן אין אים אריינגעצויגן כמעט די גאַנצע קאָ־לאָניע.

די קאָלאָניע ריווערא, וועלכע איז ביז דעמאָלט געשלאָפן אין אירע צרות און איר שקלאַפעריי ביי די קולאַקעס, אין איר אומאָרגאַ־ניזירטקייט און אומבאַהאָלפנקייט סיי קעגנאיבער דער איקאַאישער ביוראָקראַטיע, סיי קעגנאיבער איר אייגענער ווירטשאַפטלעכער צו־ריקגעשטאַנענקייט, האָט אויפגעברויזט: סטייטש, אַזאַ אַנטיסעמי־טיזם!... זאָל מען אראָפּוואַרפן דעם אדמיניסטראַטאָר! דער אדמיניס־טראַטאָר איז א גנב! און ענלעכעס. און די פאַראינטערעסירטע האָבן פאַררופן צוליב דעם א פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער קאָלאָניע, קאָ־לאָניסטן, קאָלאָניסטישע זין און אימיגראַנטן און אויך איינגעלאַדן די אידישע צייטונגען פון בוענאָס איירעס, אידישע צייטונגען זיינען דאָך שטענדיק מיטשרייער! נישט וואָר? בפרט, אז מען לאַדט זיי איין און מען דעקט זיי די רייזע־הוצאות! איז אָבער „די פּרעסע״ נישט קיין מיטשרייער אין דער וועלט אריין. מיר האָבן זיך נישט געלאָזט פאַר־טשאַדען פון דעם געשריי וועגן אַנטיסעמיטיזם און, ווי שטענדיק, אויסגעפונען דעם אמת, פון אונטער דעם נעפּל מיט וועלכן מען האָט אים פאַרדעקט. און נאָך איידער איך בין ארויסגעפאָרן פון ריווערא, האָב איך שוין אין „די פּרעסע״ אין א לייטאַרטיקל, אויף א העפלעכן אופן, כדי חלילה נישט צו באַרירן די פאַררופער, ארויסגעפירט די באַ־וועגונג וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין ריווערא אויף אַן אנדער וועג. אָנשטאָט צו שרייען כאַפּט דעם גנב! און מאַכן א טומל פון וועלכן עס וועט גאָרנישט ארויסקומען — וואָרום דער קאָלאָניע וועט גאָרנישט ארויסקומען אויב אָנשטאָט איין אדמיניסטראַטאָר וועט געשיקט ווערן א צווייטער, אָנשטאָט דעם „אוריאַדניק״ — אַן אנדערער, זאָל אויסגע־נוצט ווערן די דאָזיקע גרויסע פאַרזאַמלונג צוליב אָרגאַניזירן די קאָ־לאָניסטן וועלכע האָבן נישט — אחוץ די רייכערע און די סוחרים —

אפילו נישט א קאָאָפּעראַטיווע וואָס פאַרנעמט אין אַנדערע אידישע קאָלאָניעס דאָס פּלאַץ פון דער קאָלאָניסטישער אָרגאַניזאַציע.

קומענדיק קיין ריווערא און בייזייענדיק די פאַרזאַמלונג איז מיר נאָך מער קלאָר געוואָרן דער ענין. אונטער דער ווירקונג פון „די פּרעסע" האָבן די פּאַררופער געמוזט רופן צו אָרגאַניזאַציע און די אָרגאַניזאַציע איז טאַקע געשאַפן געוואָרן (הלואי זי זאָל אַרויף אויף איר אמתן וועג און נישט אויסגענוצט ווערן בלויז צוליב די אינטערעסן פון אייניקע גבירים, ווייץ־פּאַבריקאַנטן, פי־הענדלער און קרעמער וואָס שפּילן די ראָל פון בעל־טובהניקעס), די פּאַררופער האָבן אָבער דאָך אַרויסגעוויזן אין זייערע רעדעס, אָננעמענדיק זיך אפילו די קריוודע פון די נישט-קאָלאָניזירטע זין און פון די אימיגראַנטן, אז דאָס גייט זיי נישט אָן און אז דער עיקר איז ביי זיי דער אייגענער אינטערעס, וואָס ליידט צוליב דעם באַוואוסטן דעקרעט פון דער איקא, נישט צו פּאַרדינגען די קאָלאָניסטן קיין רעזערוו-קאַמפּן. די קאָלאָניסטישע זין האָבן דאָס איינגעזען און האָבן באַלד אָרגאַניזירט זיך אין א באַזונדער אָרגאַניזאַציע און די אימיגראַנטן האָבן דורך זייערן א פאַרשטייער דערלאַנגט די פּאַררופער אזוי, אז זיי האָבן אַראָפּגעלאָזט די נאַז.

„די פּרעסע", ווי באַוואוסט, מאַכט שטענדיק א חילוק צווישן א י ד ן און א י ד ן. אזוי איז בנוגע דער שטאָט און אזוי בנגוע דער קאָלאָניע. דער אידישער קולאַק און דער אידישער ווייץ־פּאַבריקאַנט און פי־הענדלער האָבן ביי אונדז זייער פּלאַץ באַזונדער, די קאָלאָניסטן האָרעפּאַשניקעס א באַזונדער פּלאַץ און די פעלד־אַרבעטער, וואָס האָבן קיין אויסזיכטן נישט אויף אייגנטום, — ווידער א באַזונדער פּלאַץ. און אזוי האָב איך אויך געקוקט אויף ריווערא.

אין מיין ריי אַרטיקלען האָב איך ריווערא צעגלידערט אויף אירע קלאַסן. איך האָב זיי געשילדערט לויט זייערע מעשים, לויט די פאַקטן וואָס איך האָב געזאַמלט און וואָס דער זעלבער הער סאַטאַשינסקי האָט מיר דערציילט, וועלנדיק שפּילן די ראָל פון א פאַרטיידיקער פון די אָרימע. אין מיין ריי אַרטיקלען וועגן ריווערא האָב איך נעגעבן דעם כאַראַקטער פון דער קאָלאָניע אין איר באַציאונג צום לאַנד, וואָס דאָס איז דער שליסל צו שטודירן די אידישע קאָלאָניזאַציע. איך האָב אָנ־

געוויזן אויף די אייגנטלעכע פּראָבלעמען פון דער קאָלאָניע; איך האָב אָנגעוויזן אויף דעם פעלן פון קלאסן-באוואוסטזיין, אויף דער מכה פון זוכן לופט־פרנסות, האלטנדיק אויף דער טשאקרע מעדיאַ־נעראָס, וואָס דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אויף דער יוגנט, וועלכע ווערט דערצויגן שטעטלדיק, אויבערפלעכלעך, אָן ליבע צו דער ערד, און דער עיקר אויף דער מכה פון די קולאקעס און קרעמער וואָס פרעסן אויף די פּראַצע פון דעם האָרעפּאַשנעם קאָלאָניסט.

וואָס אמת איז אמת, איך האָב אויסגעלאַכט די הערן קאַטאַ־שינסקי וועלכע האָבן אוועקגעשטעלט אלס די העכסטע פּראָבלעם פון ריוועראַ, דאָס אומבייטן פון דעם איקאַ־אוריאַדניק, וועלכער וויל קיין אידן קיין טובות נישט טאָן, און האָבן אפילו געפונען פאר נויטיק קומען צוליב דעם אליין קיין בוענאָס איירעס, בעת אין ריוועראַ בו־שעווען איצט די „קולאַקעס״ איבער די אָרימע קאָלאָניסטן, ביי וועל־כע עס האָט נישט געראָטן, און נאָך עפּעס: די פירער פאַרפירער — וואָס האָבן אין אלץ געזוכט זייערע אינטערעסן.

עס וועלן געפינען א אינטערעס און וועלן אָפּשאַצן אין זייער גאַנצער וויכטיקייט מיינע אַרטיקלען די האָרעפּאַשנע קאָלאָניסטן פון ריוועראַ, די אָפּגענאַרטע אימיגראַנטן וואָס זייער „קאָלאָניזאַציע״ האָב איך אַרויסגעשטעלט פאַר דער שיין פון דער וועלט, און איבערהויפּט די וואָס ווילן קענען די איקאַ־קאָלאָניעס אין אַרגענטינע, זייער אינע־ווייניקסט לעבן, זייערע פאַרהעלטענישן צווישן זיך און מיט דער איקאַ, נאָר נישט די קאַטאַשינסקיס, וואָס פאַר נאָך איין פאַשע־פעלד, וואָס זיי שרייען איצט אז ס'קומט די קאָלאָניסטישע זין, וואָלטן זיי אוועקגעשענקט די גאַנצע קאָלאָניסטישע אָרגאַניזאַציע.

זאָל עס דאָ נאָכאמאָל אונטערגעשטראָכן ווערן: פאַרטיידיקט ווערן פון מיר האָבן געקענט בלויז די האָרעפּאַשנע קאָלאָניסטן און די ערשט באַזעצטע אימיגראַנטן, נאָר פאַר קיין פאַל נישט די „קולאַקעס״ און די שפּעקולאַנטן, אפילו נישט די וואָס שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער קאָלאָניסטישער באַוועגונג, אָדער בעסער געזאָגט, ווייניקער ווי אַלע אַנדערע; אַזעלכע דאַרף מען דעמאַסקירן, כדי זייער אָרט זאָלן פאַרנע־מען די קאָלאָניסטן האָרעפּאַשניקעס זעלבסט.